# משיחישע פערזענליכקייטען

## יוסף שפירא



ארויסגעגעבען פון
שטאָדט קאָמיטעט פון נאַצ. ארבייטער פארבאנד
קליוולאנד, אָהייאָ.

# אינהאלט

א בריעף פון חיים גרינבערג צום פארפאסער

* * * *

# אַ בריעף פון חיים גרינבערג צום פּאַרפּאַסער

חשוב׳ער פריינד: —

איך האָב דורכגעלעזען די קאַרעקטור־בויגענס פון אייער בוך, און פאר אלעמען ווילט זיך מיר אייך זאָגען, אז מיר געפעלט זעהר אייער געשמאק. איהר האָט זיך אויסגעקליבען פאר אייער ארבייט, די אינטערעסאנטסטע און שפּאַנענדסטע אידישע טעמע. די טעמע וואָס טראָגט אין זיך די גאַנצע מיסטעריע פון אידישען וועזען און שיקזאל. שוין פאר דעם „געשמאק" אליין, וואָס איהר האָט ארויסגעוויזען, אונטער די שווערע אומשטענדען פון אייער טאָג־טעגליכער ציי־טונגס־ארבייט, קומט אייך אַן אמת׳ער און קרעפטיגער „יישר כח."

עס זיינען פאַראַן אויף דער וועלט „אפּיקורסים" (און ניט שטענדיג זיינען זיי אנטיסעמיטען), וואָס פרעגען הארבע קשיות וועגען דער אָריגינאַליטעט פונ׳ם אידישען מאָנאָטעאיזם. איינינגע פון זיי ווילען מיינען, אז די גריכישע מיטאָ־לאָגיע האָט שוין געטראַגען אין זיך אונטער א דיכטעריש־געצענדערינערישען לבוש דעם קערן פון א מאָנאָטעאיסטישען גאָט־באגריף, אָדער אז די אלט־פערסישע רעליגיע מיט איהר גרונד־פאָרשטעלונג פון א וועלט־דראמע, וואָס מוז זיך ענדי־גען מיט דעם זיג פונ׳ם „גוטען גאָט", איז שוין אין גרונד געוועזען א מאָנאָטע־איסטישע רעליגיע. אויף איינינגע עטישע נאָרמען פונ׳ם ביבלישען אָדער תלמו־דישען אידענטום קען מען אפשר שטעלען א פראגע־צייכען: צי זיינען זיי ניט געבאָרגט געוואָרען ערגיץ־וואו אין דער פרעמד, צי זיינען זיי ניט א רעזולטאט פון זייטיגע קולטור־השפּעות, צי זיינען זיי באמת אן אוממיטלבארער אויסדרוק פון אידישען ווענען. איינס קען אָבער ביי אונז קיינער ניט אוועקנעהמען: אז דער משיח־געדאנק איז ספּעציפיש־אידיש, אז ס׳איז ניט געוועזען ביי וועמען איהם אויסצובאָרגען, אז אין איהם קומט צום אויסדרוק יענע באזונדער ליידענ־שאפטליכע האָפנונג אויף דעם זיג פון גערעכטיגקייט און וועלט־דערלעזונג, וועלכע טראָגט אפשר אין זיך דעם סוד פון אידישען קיום, דעם מעטאפיזישען

זין פון „נצח ישראל.״ און דערפאר מיין איך, אז די משיח־טעמע איז די אידישסטע פון אלע אידישע טעמען, און אין דער זעלבער צייט איינע פון די גאָר־גאָר געצעהלטע גראַנדיאָזע וועלט־טעמען.

איבערגעהענדיג צום תוך פון אייער ארבייט, ווילט זיך מיר פאר אלעמען אייך אָנווייזען אויף  א י י ן  פעהלער. עס פעהלט אין אייער בוך א קאפיטעל וועגען דער אנטשטעהונג און קורצער געשיכטע פונ׳ם „אידישען קריסטענטום״, פון יענער  א י ד י ש ע ר  באוועגונג אין ארץ־ישראל, וואָס הויבט זיך אָן פון יוחנן דעם טויפער, לעבט דורך דעם העכסטען דראמאטישען פונקט אין דער פערזענליכקייט פון ישו פון נצרת און פארענדיגט זיך מיט דעם גרינדען פון די ערשטע אור־קריסטליכע, אנדערש גערעדט, אידיש־עוואנגעלישע קהלות, סאי אין ארץ ישראל און סאי אין חוץ־לארץ. דאָס אור־קריסטענטום — אלץ איינס ווי אזוי מיר זאָלען זיך ניט באציהען צו די מאָטיווען און נייגונגען, וואָס האָבען אין איהם געהערשט, און צו דער באדייטונג פון זיינע שפעטערע גלגולים פאר דער וועלט בכלל און פאר אונז, אידען, בפרט — איז אין תוך געווען א אידישע משיחישע באוועגונג. נעמט ביי איהם צו זיין משיח־פונדאמענט, און די גאנצע געבייידע מוז זיך צופאלען. אָהן דעם משיח־אידעאל, אָהן די משיחישע קאָנ־וואולסיעס, וואס האָבען זיך געטראָגען איבער ארץ־ישראל ערב דעם חורבן, איז די אנטשטעהונג פון קריסטענטום אן אומפארשטענדליכער פאקט, א צופאל אָדער א „יש מאין.״

איך קען מיר ניט פאָרשטעלען, אז דאָס פעהלען פון דעם קאפיטעל זאָל זיין בלויז א צופאל. ס׳קען זיין, אז איהר זייט מחולק מיט מיר אין פרינציפ און איהר האָט זיך  א י י ע ר  קוק אויף דעם פלאץ פון אור־קריסטענטום אין דער אידישער געשיכטע. אויב דאָס איז די סיבה, וואָלט איהר געדארפט, כאָטש מיט עטליכע ווערטער, קלאָר מאכען אייער שטאנדפונקט. איך גלויב, אז איהר וועט עס מתקן זיין אין דער צווייטער אויפלאגע.

אין אלגעמיין אָבער האלט איך, אז איהר האָט געטאָן א זעהר נוצליכע ארבייט. די משיח־באוועגונגען זיינען נאָך, ליידער, אן אומבאארבייט פעלד. קריסטליכע געלעהרטע האָבען זעהר פיל אויפגעטאָן פאר דער פאָרשונג פון דעם משיח־מאָמענט און זיין געשיכטע  ב י ז  דער אנטשטעהונג פון קריסטענטום ווייטער זיינען זיי ניט געגאנגען. בלויז אייניגע פון זיי האָבען זיך פאראינטע־רעסירט אויך מיט דער פריה־תלמודישער עפּאָכע, אויף וויפיל זי קאָן אויסגענוצט ווערען פאר דער פארשטענדניש פון דער עוואנגעלישער באוועגונג. פאר דער ווייטערדיגער אנטוויקלונג פונ׳ם משיח־געדאנק ביי אידען, פאר דער פארבענ־רייכער געשיכטע פון אונזערע משיח־באוועגונגען אין מיטעלאלטער און אין דער נייער צייט האָבען זיי ביז אהער קיין אינטערעס כמעט ניט ארויסגעוויזען. וואָס אָנבאלאנגט אידישע געלעהרטע, איז דאָס איטאליענישע ווערק פון דוד קאסטעלי דעם ברייטען אידישען עולם, ליידער, ניט צוגענגליך, און פראָפעסאָר קלויזנער,

יועלכער האָט זיך פאָרגענומען אָנצושרייבען די געשיכטע פונ'ם משיח־געדאַנק „פון זיין אָנפאַנג ביז צו דער היינטיגער צייט", האָט ביז אהער ארויסגעגעבען (אין העברעאיש) בלויז די ערשטע דריי טיילען, פארענדיגענדיג דערוויילע מיט דער עפּאָכע פון די תנאים. דוד כהנא (אין זיין „תלדות המקובלים, השבתאים והחסידים") באהאנדעלט בלויז די משיחישע באוועגונגען פונ'ם שפעטען מיטעל־אלטער און פון דער נייער צייט. אייער אָפּהאנדלונג, אין וועלכער איהר באמיהט זיך צו געבען אַן אלגעמיין בילד פון אלע אנטוויקלונגס־פאזען, פונ'ם משיח־געדאנק ביי אידען, באטראכט איך דערפאר, אין א געוויסען זין, אלס א פּיאָנערען־ארבייט. אפילו א קאָמפּילאטיווע ארבייט, אויב זי ווערט נאָר געטאָן געוויסענהאפט, איז, אין אונזערע קולטור־אומשטענדען, א גרויס געווינס.

איך וועל זיין זעהר צופרידען, אויב אייער בוך וועט פארשפרייט ווערען אין אונזערע יוגענד־קרייזען. זאָלען זיי דערפיהלען אין אונזערע גראָהע און טעמפּע טעג דעם שארפען, סטימולירענדען גערוך פון הערראָאישען — פון אייביג־אידישען און אייביג־מענשליכען.

חיים גרינבערג.

גלען וואילד, נ. י., 14 סעפּטעמבער, 1931.

*    *    *    *

אין דער אידישער שפּראַך איז ווייניג געשריבען געוואָרען איבער משיחישע באַוועגונגען, ניט דער אידעאַל איז אָבגעשאַצט געוואָרען און ניט די היסטאָרישע און לעגענדאַרישע פאַקטען זיינען צוזאַמענגענומען געוואָרען.

אין דער דאָזיגער אַרבייט האָב איך זיך באַמיהט איבערצוגעבען די געשיכט־ליכע פאַקטען און די לעגענדעס, וועלכע איך האָב געקאָנט זאַמלען וועגען יעדען איינעם פון די משיחים. איך האָב אויך געפּיהלט זיך פּאַרפּליכטעט זיך אָבצו־שטעלען וועגען די תקופות, אין וועלכע זיי זיינען ערשינען. די פאַרשידענע משיחישע אויסרעכענונגען האָב איך אויף אַזויפיל אָנגעריהרט, אויף וויפיל דאָס איז געווען נויטיג צו דער גאַנצקייט פון דעם ענין.

איך וויל בשום אופן ניט באַהויפּטען, אז איך האָב פאַרפאָלקאָמט דעם גאַנצען ענין, איך וויל אָבער אז עס זאָל גענומען ווערען אין אָנבאַטראַכט, אז מיין צוועק איז געווען צו געבען א פּאָפּולערע אבהאנדלונג און באַקענען דעם אַלגעמיינעם לעזער מיט די פאַרשידענע משיחישע באַוועגונגען און זייערע פּער־זענליכקייטען.

איך האָב זיך באַמיהט אין מיין אַרבייט צו האַלטען זיך נאָהענט צו די אַלטע מקורות, באַזונדערס אין די ערשטע תקופות, וועלכע זיינען ניט גענוי אויס־געפאָרשט געוואָרען פון היסטאָריקער. איך האָב מיט די דאָזיגע מקורות זיך באַנוצט אויף אַזויפיל, וויפיל דאָס איז נאָר געווען מעגליך. דערביי איז כדאי צו באַמערקען, אז ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו מאַכען איבערזעצונגען פון אונזער אַלטער ליטעראַטור, האָב איך אויך געזוכט זיך צו האַלטען, אויף אַזויפיל וויפיל עס איז געווען מעגליך, ביי דעם אָריגינאַל, אויב איך האָב אפילו צוליב דעם געמוזט מותר זיין אויף שפּראַכליכער פּינקטליכקייט. איך האָף, אז די

דאָזיגע זינד וועט מיר פאַרגעבען ווערען.

מיט דער דאָזיגער קורצער הקדמה, ברייננ איך די דאָזיגע ארבייט צו דעם לעזער און זאָל ער דאָס משפּט'ן. איך וועל אודאי זיין דאנקבאר צו אלע די, וואָס וועלען מיר אָנווייזען פעהלערען און אומפינקטליכקייטען, ווייל איך האָף אין די קומענדע יאָהרען זיך אָבצוגעבען מיט דער אויספאָרשונג פון דעם ענין.

*　　*　　*　　*

ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט פיהל איך זיך אויך פאַרפליכטעט אויסצודריקען מיין טיפען דאנק צו מיינע פריינד הרב מנחם מענדל עקשטיין, וועלכער האָט געשטעלט צו מיין דינסט זיין גרויסע ביבליאָטעק און זיינע רייכע ביבליאָגראַפישע ידיעות און רבי אבא הלל סילווער, וועלכער האָט מיר פיל ארויסגעהאָלפען מיט זיין בקיאות אין דעם דאָזיגען ענין און מיט זיין רייכער ביבליאָטעק.

א דאנק בין איך אויך שולדיג מיין „רבי" און חבר חיים גרינבערג, פאר ייין באלעהרענדער איינלייטונג צו דעם בוך און צו פריינד משה האלפערן פאר זיינע קינסטלערישע צייכנונגען.

מיין טיפע אנערקענונג וויל איך אויך אויסדריקען צו דעם קליוולאנדער שטאָדט קאָמיטעט פון נאציאָנאלען ארבייטער פאַרבאנד, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די ארבייט פון מעגליך מאכען די ערשיינונג פון דעם בוך און צו אלע וואָס האָבען מיטגעהאָלפען אין דער ארבייט און א באזונדער דאנק בין איך שולדיג דער פארוואלטונג און די שריפטזעצער פון „די אידישע וועלט", וועלכע האָבען אויך מיטגעהאָלפען צו דער ערשיינונג פון דעם בוך, מיט זייער שווערער ארבייט און חבר'שער באציהונג.

י. ש.

קליוולאנד, ערב יום כפור, תרצ"ב.

## א.

# די הויפּט יסודות פון משיחישען אידעאל

נאציאָנאל פּאָליטישער און אוניווערסאל סאָציאלער. — משיח בן יוסף און משיח בן דוד. — יסורים און א מיסטישער כח. — די באוועגונג און די פּערזענליכקייט.

ניט בלויז אידען — נאָר די גאַנצע וועלט ווארט פאר א משיח — פאר אן אויסלייזער. דער נאָמען משיח איז באשאפען געוואָרען נאָך פאר בריאת העולם. עס איז צוגעגרייט געוואָרען די רפואה פאר דער מכה. ווער ווייסט ווי גרויס עס וואָלט געווען דער כח פון יאוש — אויף מענשען און פעלקער — ווען ניט די האָפנונג פאר יענעם שעה־נעם טאָג, ווען די לבנה וועט לויכטען ווי די זון און דאָס ליכט פון דער זון, וועט זיין זיבען מאָל אזוי גרויס...

עס איז אָבער פאראַן א גרויסער אונטערשייד צווישען דעם אידישען משיחישען אידעאל און דעם קריסטליכען. אין דער צייט, ווען דאָס קריסטענטום שטעלט זיך פאָר בלויז א הימלישען משיח, וועלכער וועט האָבען בלויז איין אויפגאבע, דערהויבען די מענשען צו דער מדרגה פון מלאכים, איז דער אידישער משיח א מענשליכער און האָט פאר זיין אויפגאבע, בעסער און שעהנער מאכען דאָס לעבען פון דעם איד און דעם מענש אויך אויף דער זינדיגער ערד.

דער אידישער משיחישער אידעאל איז געשטיצט אויף צוויי הויפּט יסודות:

1) א נאַציאָנאל פּאָליטישער.

2) א אוניווערסאל סאָציאלער.

דער ערשטער יסוד פיהרט דערצו, אז אין זיינע טעג, וועט דאָס אידישע

פאָלק אויסגעלייזט ווערען פון גלות און וועט צוריק אויפבויען א זעלבסטשטענ־דיגען נאציאָנאלען און פּאָליטישען לעבען אין דעם לאַנד פון די אבות.

דער צווייטער יסוד פיהרט דערצו, אז אין זיינע טעג, וועט די גאַנצע וועלט אויסגעלייזט ווערען און עס וועט מעהר ניט הערשען קיין שנאה צווישען מענש און מענש און קיין מלחמה צווישען פאָלק און פאָלק.

אזוי איז אין דעם דאָזיגען גלויבען פאראייניגט די פּאָליטישע שטרעבונגען מיט די מאָראַלישע און די נאציאָנאלע מיט די אוניווערסאלע.

האָבען דארום אידען געוואָרט אויף א צווייענדיגען אויסלייזער: משיח בן יוסף — א ערדישער משיח, וועלכער וועט פיהרען א מלחמה מיט גוג ומגוג און וועט פאלען אין דער מלחמה און משיח בן דוד — א גייסטיגער משיח, וואָס וועט ברענגען גערעכטיגקייט אויף דער וועלט.

אין מיטעל אלטער איז דער פּאָליטישער יסוד פון משיחישען אידעאל זעהר אָפּגעשוואכט געוואָרען, ווייל מען האָט דאמאָלס באטראכט פאר אן אוממעג־ליכקייט, אז אידען זאָלען ווידער קענען האָבען אן אייגענע היים און אונטער דעם איינפלוס פון דער קבלה, האָט מען אָנגעפאנגען וואַרטען פאר אן אומנאַ־טירליכער אויסלייזונג. אָבער אפילו אזעלכע משיחים ווי אבולאפיא און שבתי צבי, וועלכע האָבען געוואָלט ברייננען די גאולה דורך מיסטיציזם און קבלה מעשית, האָבען אויך ניט אויסגעלאזען דעם ערדישען יסוד, און דוקא דערמאָנט ארץ ישראל, אלס דאָס לאַנד, אָהן וועלכען די אידישע אויסלייזונג קען ניט קומען.

און ווייל משיח טראָגט מיט זיך אזעלכע גרויסע אידעאלען, אידישע און מענשליכע, מיז ער אליין זיין געהייליגט און געליטערט, דער סימבאָל פון דעם נייעם מענש, וועגען וועלכען גזען האָט גע׳חלום׳ט אין אלע דורות — ווען ער איז דאָס ניט ווערט ער א — פאלשער משיח.

* * * *

אָט די יכודות פון דעם משיחישען אידעאל, האָבען אין געוויסע מאָמענטען אָנגעפאנגען ווירקען אויף דעם אידישען געדאנק און דאמאָלס האָבען זיך גע־שטארקט די בענקענישען, וואס האט געפיהרט צו א נייער משיחישער באוועגונג.

צוויי הויפּט מאָמענטען האָבען געמוזט זיין ביי יעדער נייער משיחישער באוועגונג, וועלכע האָט ארומגענומען ברייטע מאסען: יסורים און א מיסטישער כח.

יסורים — ווייל אָהן דעם, האָט מען ניט געפיהלט אזוי שטארק דעם גלות, דעם טאָג טעגליכען און ניט בלויז דעם גייסטיגען — און עס האָט ניט געקאָנט זיך באווייזען דער יסוד פון נאציאָנאלע און פּאָליטישע שטרעבונגען.

מיסטישער כח — ווייל נאָרמאלע מענשען ווע͏לען מיט אמאל ניט אָנפאנגען רעדען וועגען אבסאָלוטער גערעכטיגקייט. זיי מוזען דערצו געטריבען ווערען פון א קראפט, וואָס רייסט אוועק פון דעם נאָרמאלען און פיהרט איבער אין העכערע ספערען.

און אז מען וויל איז הא בהא תליא.

אין כלל איז קיינמאָל מעהר ניט פאראן ווי אין פרט — און לאָמיר זיך פאָרשטעלען אזא בילד:

ווערט א מענש אוועקגעשטעלט פנים אל פנים מיט דעם מלאך מות. דער וואָס קומט נעהמען זיין לעבען, איז א מערדער, א רוצח. צוערשט איז פאראן דער שטארקער ווילען צום לעבען. קיינמאָל וויל א מענש ניט לעבען אזוי שטארק, ווי אין דער מינוט, וואָס ער וויים, אז עס קומט דער סוף.

ווען קיין געבעט און קאמף העלפען מעהר ניט, האָט דאָס שוין צו טאָן מיט דער מאָס פון נאָרמאליטעט, וואָס דער מענש פארמאָגט. זיינען זיינע נערוווען שוואכע, דאן פארלירט ער אינגאנצען זיין פארשטאנד — און ווערט געראטעוועט פון מינוטען פון ליידען און יסורים; האָט דער מענש שטארקע נערוווען און וויל ניט ארונטער פון נאָרמאלען דיינקען, בייסט ער די ליפען און געהט אוועק פון דער וועלט מיט א קללה פאר דעם רוצח און פאר דער גאנצער פארדאָרבענהייט; דער אָבער, וועמעס נערוווען עס זיינען שטארק גענוג, אויף ניט פארלירען דעם פארשטאנד און שוואך גענוג אויף איבערטראגען מיט צאָרן די לעצטע מינוטען פון לעבען — דער ווערט איבערגעטראגען אין אן אנדער וועלט און לעבט דורך די שעהנסטע מינוטען.

טראכט דער מענש דאן: וואָס וויל פון מיר דער וואָס קומט מיר אומברענגען? מסתמא, זיינען פאראן אורזאכען, וואָס ליגען טיף פארבאהאלטען אין דעם אומבאוואוסטזיין, אפשר טהוט ער מיר גוטס, ניט קיין שלעכטס. ער לייזט מיר אוים פון דעם לעבען, וואָס איז קיין לעבען ניט און עפענט פאר מיר א טיהר צו דער אייביגקייט. א מענש וואָס טהוט א צווייטען גוטס, איז שוין קיין רוצח ניט און ווען איך געה אוועק פון דער וועלט אן אומצופרידענער, באגעה איך אן עולה געגען איהם.

די נשמה פאנגט זיך אָן פרעהען און זיך צוגרייטען צו די עולמות העליונים. דער וואָס שטעהט מיט דעם מעסער צו שעכטען, דער ווערט גאָר א מלאך וואָס לייזט אוים — דער קרבן דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון קדושה.

אָט אזוי ברענגען יסורים אריין דעם מענש אין יענער מיסטישער שטימונג, וואָס די וואָס האָבען דאָס איינמאָל איבערגעלעבט, בענקען דערצו זייער גאנצען לעבען און די וואָס האָבען דאָס ניט דורכגעלעבט, קענען דאָס ניט פארשטעהן

און באגרייפען.

און עס טרעפט אמאָל אויך, אז די דאָזיגע געדאנקען, פון דעם וואָס גרייט זיך צום טויט, טראָגען זיך דורך א מיסטעריעזער קראפט איבער צו דעם וואָס איז גרייט נעהמען זיין לעבען — און די האנט לאָזט זיך ארונטער, דער מעסער פאלט ארויס און א פארזינדיגטער פאלט ער אויף די קניה און פאנגט אָן בעטען מחילה.

דער געראטעוועטער פארשטעהט דאָס ניט — ער איז אין דער בחינה פון דעם וואָס פאלט ארונטער „מאיגרא רמא לבירא עמקתא" — פון דער העכסטער הויכקייט צו דער טיפעניש פון אָפּגרונד. בלייבט דער מענש נאָכדעם אויף דער וועלט און דארף זיך אָנטרעפען מיט דעם טאג טעגליכען לעבען, איז דאָס שוין פאר איהם שווער. זיינע אויגען האָבען געזעהן, דאָס וואָס די מלאכי השרת, זיינען ניט אלעמאָל זוכה צו זעהן — ווערט ער דער שטענדיגער בעל חלומות, ער טראגט זיך ארום מיט דעם אידעאל — ער ווערט פון די אָנזאָגער פון דעם משיח.

אום עס זאָל קומען דער וועלט אויסלייזער, מוזען פריהער זיין זינד. ווען עס זיינען פאראַן זינד און זינדיגע, זיינען אויך פאראַן ליידענדע. פון יסורים קומט מען צו גלויבען אין א שעהנערען לעבען און אזוי ארום, זיינען די צוויי מאָמענטען פון יסורים און מיסטעריעזע שטימונגען פארבונדען איינער מיט דעם צווייטען.

זייער פאראייניגונג איז דער אָנפאנג פון א משיחישער באוועגונג.

*     *     *     *

**און** פון דעם פרט צו דעם כלל — דעם אידישען:

**משיחישע** באוועגונגען זיינען אלע מאָל ארויסגעוואקסען, ווען עס **האָבען** **זיך** געשטארקט די יסורים, ווען דער שארף פון דער שווערד איז געוועזען אויס־געשטרעקט איבער דעם האלדז — ווען דו זעהסט, אז עס קומען אָן יסורים אויף אידען, זאָלסטו ווארטען פאר דער גאולה. (סנהדרין צח').

אזוי איז דאָס געוועזען אין צוועלפטען יאָהרהונדערט, ווען די נוסעי הצלב (קרייצצוגען) האָבען פארגאָסען טייכען אידיש בלוט; אזוי איז דאָס געוועזען אין דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, אין דער צייט ווען די אינקוויזיציע **האָט** אויסגעשפרייט איהרע נעצען, אויף די אלע וואָס האָבען זיך מיט דעם נאָמען איד גערופען; אזוי אויך אין דעם זיבצעהנטען יאָהרהונדערט, און אין אכצעהנ־טען, ווען כמעלניצקי און גאָנטא, האָבען פארניכטעט אידישע קהלות — **און** אזוי אויך אין אונזערע טעג.

און אזוי האָט זיך דאָס אנגעפאנגען:

אידישע קהלות זיינען געשטעלט געוואָרען פנים אל פנים מיט דעם מלאך

המות; זיי זיינען געגאנגען אויף קדוש השם מיט דעם געזאנג פון הללויה—ווייל אין דער מינוט האבען זיי זיך געפרעהט, מיט דעם זיעג פון דעם גוטען איבער דעם שלעכטען, פון דער קדושה איבער דער טומאה.

קדושה און הייליגקייט האט זיך געשפרייט איבער דער וועלט.

די לעבעדיגע האבען געוואלט אויסמיידען די ווייטערדיגע יסורים — און עס האט זיך געשטארקט די שטרעבונג צו אן אייגענעם ווינקעל, וואו מען זאל קענען לעבען זיכער פון דער האנד פון דעם שונא, האט זיך באוויזען דער ערש־טער יסוד פון א משיחישער באוועגונג און גערופען צו טעטיגקייט און צו ממשות׳־דיגע טאטען.

דער גייסט פון די קדושים, די וואס זיינען אומגעקומען און די וואס זיינען געבליבען צווישען די לעבעדיגע, געלייטערטע און געהייליגטע פון די יסורים פון טויט, האט ארויסגערופען די שטרעבונגען און בענקענישען, נאך א שעהנערען לעבען, נאך א גערעכטער וועלט, וואו עס זאלען מעהר ניט זיין קיין זינד. האט זיך באוויזען דער צווייטער יסוד פון א משיחישער באוועגונג, ניט בלויז צו ראטעווען זיך, נאר אויסצובעסערען דאס לעבען פון דער מענשהייט.

צוזאמען זיינען געגאנגען די דאזיגע צוויי שטרעבונגען, דער נאציאנאל פאליטישער און דער אוניווערסאל סאציאלער, געשטיצט אויף די ליידען פון דעם אידישען פאלק און אויף דעם מיסטישען גלויבען אין א שעהנערער וועלט— און עס איז געווארען די באוועגונג.

* * * *

יעדע באוועגונג רופט ארויס די פערזענליכקייט, וועלכע פיהרט אן מיט איהר און ווען עס איז אנגעווענדעט איהר דורכפאל אדער איהר ערפאלג.

ווען עס באווייזט זיך ניט די פערזענליכקייט אין דער צייט ווען די באווע־גונג איז שוין רייף, דאן ליידעט זי דערפון און זעהר אפט, ווערט זי ניט דאס, וואס זי וואלט געקאנט ווערען אונטער אנדערע אומשטענדען.

אמאל אבער איז דאס אויך אנגעווענדעט אין דער פערזענליכקייט, די באַ־וועגונג קען נאך ניט זיין רייף, דער מאמענט נאך ניט פאסיג, אבער דער וואס שטעלט זיך אין איהר שפיץ קען זיך דערהויבען צו א הויכער מדרגה.

די מדות פון דעם דאזיגען פערזאן, וואס ווערט אוועקגעשטעלט אין דער שפיץ פון אזא באוועגונג, מוזען אבער זיין צוגעפאסט צו די יסודות פון דער באוועגונג. אויב ניט, ווערט ער דער פאלשער משיח און די באוועגונג לאזט נאך זיך ניט איבער די ווירקונג, וואס זי וואלט געקאנט בריינגען פאר איהר צייט אן פאר די קומענדע דורות.

דער משיח וועט ניט דארפען משפט׳ן בלויז לויט דעם, וואס זיינע אויגען

וועלען זעהן און זיינע אויערען וועלען הערען, נאָר מיט גערעכטיגקייט און מיט יושר. (ישעיה יא׳, סנהדרין צג׳). ער דארף אָבער א טיפערען געפיהל פאר גערעכטיגקייט, וואָס זאָל איהם אַלעמאָל דיקטירען דעם אמת און פיהרען אויף דעם ריכטיגען וועג.

שלום איז זיין הויפט מדה און ווען דער מלך המשיח וועט אנטפלעקט ווערען יועט ער אָנפאנגען רעדען מיט שלום. (דרך ארץ זוטא).

אלעמאל ווען א משיח איז דורכגעפאלען — און דער דורכפאל מיינט ניט, אז ער האָט ניט דערגרייכט דעם ציעל, נאָר וואָס ער האָט ניט בַאוויזען צו שאַפען ארום זיך א גרויסע בַאוועגונג, אָנצינדען הערצער מיט בענקעניש נאָך אויסלייזונג — האָט מען אלעמאל געזוכט דאָס צו פאַרענטפערען דערמיט, וואָס ער האָט ניט געהאט די דאָזיגע מדות. וואס ער אליין האָט אין זיך ניט געטראַגען די דאָזיגע בענקעניש, מיט וועלכער ער האָט באדארפט אָנשטעקען אנדערע, זיין התלהבות איז ניט געווען גענוג גרוים, ווייל ער האָט אין זיך ניט אריינגענומען די יסורים פון זיין פאָלק און זיין אויג האָט ניט געזעהן ווייט און טיעף, אַז ער זאָל קענען בריינגען די מענשליכע אויסלייזונג.

צווישען די פאלשע משיחים זיינען דארום פאַראַן אזעלכע, וועמעס נעמען עס ווערען דערמאָנט מיט פאַראַכטונג און מען באַטראַכט זיי פאר פאררעטער און עס זיינען פאַראַן אזעלכע, וועמעס נעמען עס ווערען דערמאָנט מיט ליעבשאַפט און סיי אין זייער דור און סיי שפעטער, האָט מען אבגעשעצט דעם גרויסען קרבן, וואָס זיי האָבען געבראַכט פאר זייער פאָלק און די האָפנונג און טרייסט וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט.

די ערשטע האָבען ניט פאַרמאָגט די מדות פון דעם משיח — די צווייטע האָבען זיי יא פאַרמאָגט.

ב.

# דער משיחישער אידעאַל אין תנ״ך און תלמוד

יציאת מצרים און די גאולה פון לעתיד לבא. — משה און משיח. — משיחישע אָנדייטונגען אין דער תורה. — ווי אזוי די נביאים האָבען געזעהן די אויסלייזונג. — משיחישע אָנדייטונגען אין תלמוד.



צוליב דעם וואָס משיח איז אלעמאָל געווען די האָפנונג אויף דער ווייטער צוקונפט און ווייל דער דאָזיגער גלויבען האָט באדארפט געווען ברענגען טרייסט און בטחון, איז דאָס פארשטענדליך, ווארום שוין פון ערשטען טאָג אָן, ווען אידען האָבען אָנגעפאנגען א לעבען אלס פאָלק, איז שוין געווען דער משיחישער אידעאל.

דאָס אידישע לעבען אלס פאָלק פאנגט זיך אָן פון דעם טאָג, וואָס מען האָט צוגעזאָגט אברהם׳ן אַז זיינע קינדער וועלען קריגען דאָס לאנד, נאָך איידער עס איז געווען דאָס פאָלק און איידער עס האָט געהאט דאָס לאנד — דאָס אליין צייגט שוין, אז פון דעם ערשטען טאג אָן, האָט דאָס אידישע פאָלק באַדארפט געווען לעבען מיט דעם גלויבען אין דער שעהנער צוקונפט.

עס איז פאַראַן א פארגלייך צווישען יציאת מצרים און די גאולה פון לעתיד לבא. - ווערט משה באצייכענט אלס דער ערשטער אויסלייזער און משיח אלס דער לעצטער אויסלייזער. עס זיינען פאַראַן פיעל זאכען אין וועלכע משיח איז געגליכען צו משה׳ן. אזוי ווי משה איז ערצויגען געוואָרען ביי פרעה׳ן, צווישען

די שונאים פון זיין פאָלק, אזוי וועט משיח זיצען ביי דעם טויער פון רוים, צווישען די וואָס האָבען חרוב געמאכט דאָס אידישע לאנד; משה האָט זיך באַווייזען צו זיינע ברידער אין מצרים און זיי אָנגעזאגט, אז די גאולה איז נאָהענט און האָט נאָכדעם געמוזט פארשווינדען פאר א געוויסער צייט, אזוי וועט משיח זיך אויך מוזען אויסבאהאלטען נאָך דער ערשטער ענטפּלעקונג; משה איז געגאנגען פון מדין קיין מצרים אויף אן אייזעל, אזוי וועט אויך משיח קומען אויף אן אייזעל און אנדערע.

עס זיינען פאראן פיעל פסוקים אין תורה און אין נביאים ראשונים, וועלכע ווערען אויסגעטייטשט, אויף דער ראָלע וואָס דאָס אידישע פאָלק וועט שפּילען אין יענע טעג, ווען אלע פעלקער וועלען זיך אין דעם מקנא זיין.

נאָר יעקב אָבינו האָט געזעהען דעם „קץ", ער האָט דאָס אָבער ניט געזאָרט אויסזאָגען, איז פון איהם צוגענומען געוואָרען די נבואה. ער האָט אָבער געזאגט עטליכע ווערטער, וועלכע ווערען אויסגעטייטשט, אז דערמיט האָט ער געמיינט: אז משיח וועט ארויסקומען פון דעם שבט יהודה און פון דוד המלך, דאָס זיינען די ווערטער:

לֹא יָסוּר שֵׁבֶט מִיהוּדָה וּמְחֹקֵק מִבֵּין רַגְלָיו.
עַד כִּי יָבֹא שִׁילֹה וְלוֹ יִקְּהַת עַמִּים.
(בראשית מט')

(עס וועט זיך ניט אָבטאָן קיין הערשער פון יהודה און קיין געזעצגעבער פון די וואָס וועלען פון איהם אָבשטאמען, ביז עס וועט קומען שילה (און די כונה איז אויף משיח'ן) און צו איהם וועלען זיך פעלקער פארזאמלען).

אפילו אין דעם מויל פון בלעם'ן, וועלכער איז געקומען שעלטען די אידען און איז געווען געצוואונגען זיי צו בענשען, ליגט מען אריין ווערטער, וואס זיינען אָנגעווענדעט פאר יענער ווייטער צוקונפט:

אֶרְאֶנּוּ וְלֹא עַתָּה, אֲשׁוּרֶנּוּ וְלֹא קָרוֹב
דָּרַךְ כּוֹכָב מִיַּעֲקֹב וְקָם שֵׁבֶט מִיִּשְׂרָאֵל . . .
(במדבר כד')

(איך זעה איהם אָבער ניט יעצט, איך קוק אויף איהם ער איז אָבער ניט נאָהענט, עס וועט אויפשיינען א שטערן פון יעקב און עס וועט אויפשטעהן א הערשער פון ישראל...) — ער וועט זיין דער יורש פון פעלקער און וועט האָבען גרויס ערפאָלג.

נאָך די שווערע פסוקים פון דער תוכחה קומען אויך די טרייסט ווערטער „און דיין גאָט וועט דיר יוידער דערבארימען און וועט דיר צוזאמענגעמען פון צווישען אלע פעלקער... און דיין גאָט וועט דיר צוריקברייגגען אין דעם לאַנד, וואָס דיינע עלטערען האָבען גע׳ירשנ׳ט און דו וועסט זי ירש׳נען און וועט דיר נאָך פארבעסערען און פארמעהרען ווי דיינע עלטערען״ (דברים ל׳).

אזוי איז דער משיחישער געדאנק ניט געקומען מיט אמאל, נאָר ער איז אנטוויקעלט געוואָרען צוביסלאך, נאָך אין יענע טעג, ווען דאָס פאָלק, האָט נאָך ניט געהאט זיין ערשטע היים אין די ערשטע טעג פון זיין זעלבסטשטענדיגקייט.

פיעל האָט צו טאָן דערמיט אפשר דאָס, וואָס שוין ביי דעם אריינקומען קיין ארץ ישראל, האָט זיך דאָס אידישע פאָלק אָנגעשלאָגען אין פיעל שוועריגקייטען. באלד נאָך דעם טויט פון יהושע בן נון, זיינען די אידישע שבטים, נאָך ניט איינגעווארצעלטע אין לאַנד, באפאַלען געוואָרען פון פארשידענע שכנים זייערע, וועלכע האָבען געזוכט צו פארניכטען זיי און זיי האָבען אלעמאָל געשריען צו גאָט, ביז עס איז געקומען דער אויסלייזער אין דעם געשטאַלט פון דעם ערשטען אידישען מלך, שאול בן קיש. ער איז אָבער ניט געווען קיין גייסטיגער משיח, ווייל ער האָט ניט פארמאָגט די נויטיגע מדות און שמואל, וואָס האָט איהם געזאלבט, האָט חרטה געהאט. דער אמת׳ער טיפּ פון דעם אידישען מלך איז געווען דוד בן ישי. ער איז געשטאנען אויף א הויכער מדרגה, סיי פּאָליטיש, סיי גייסטיג.

עס אז אויך נויטיג צו דערמאָנען, דעם אונטערשייד צווישען די פאלשע און אמת׳ע נביאים. די ערשטע האָבען צוגערעדט דעם פאָלק, אז זיי דארפען געניסען פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען און זיי האָבען א גוט ווארט פאר די קעניגע און הערשער. די צווייטע זיינען געווען געגען דעם און געבליבען אומצופרידען פון דעם הוה. זיי זיינען דערפאר שטארק ארויסגעטראטען געגען די עולות פון די מלכים און געשטראָפט דאָס פאָלק. דערביי האָבען זיי געהאט פאר זייערע אויגען א גרויסען אידעאל, וועגען דער ווייטער צוקונפט, צו וועלבען די ווירקליכקייט, האָט זיך אפילו ניט געוואלט דערגעהענטערען. דאָס וואָס איז ד אָ איז שלעכט, דאָס וואָס וועט ז י י ן, וועט זיין גוט. דאָס האָט זיי אפילו געבראכט דערצו, אז זיי זאָלען זיך באציהען אזוי אומ׳ברחמנות׳־ריג צו די, וואָס האָבען ניט געוואלט וויסען וועגען דער צוקונפט און זיי האָבען זיי פאָראויסגעזאגט בלויז שלעכטס — זיי געשאָלטען מיט די קללות פון דער תוכחה, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז זיי זיינען די טרעגער פון דעם גרויסען אידעאל, האָבען זיי זיך ניט אָבגעשראָקען פון די מלכים, צו וועמען זיי האָבען

אויך גערעדט די הארבסטע שטראָף רייד.

שרייט נתן הנביא אויס צו דוד המלך: — אתה האיש!

און אליהו הנביא, ברייננט צו אחאב׳ן גאָט׳ס שטרענגע ווארט: — הרצחת וגם ירשת?

זיי ביידע קענען ניט צוזעהן די עולות און זיי מוזען זיך אָברופען אויף זיי.

און אפשר דערפאר, וואָס אליהו האָט באזיעגט די פאלשע נביאים, ווערט ער אין דער פאָלקס לעגענדע, דער וואָס וועט דארפען אָנזאָגען דאָס אָנקומען פון משיח.

*       *       *       *

ווען מיר קומען צו די נביאים אחרונים, ווערט שוין דאָרט גערעדט גאנץ קלאָהרער וועגען דער אידישער אויסלייזונג. די פון זיי וואָס זיינען געווען פאר דעם ערשטען חורבן און די וועלכע האָבען צוגעזעהען דעם חורבן, האָבען גערעדט וועגען דעם „גרויסען, פאָרכטיגען טאָג״ פון אויסלייזונג.

זיי אלע רעדען וועגען דעם טאָג, ווען גערעכטיגקייט וועט הערשען אויף דער וועלט און צוזאמען דערמיט וועט קומען די אידישע אויסלייזונג. ביידע יסודות פון דעם משיחיזם געהן ביי זיי האנד אין האנד און זיי טהיילען זיי ניט אָפּ איינעם פון דעם צווייטען — דאָס אומקעהרען זיך פון דעם אידישען פאָלק אין זיין לאַנד און דאָס קומען פון דער גערעכטיגקייט, וואָס וועט געזוכט ווערען פון אלע פעלקער.

אין עמוס׳ס נבואה ווערען אויסגערעכענט די אלע שרעקליכקייטען וואָס וועלען אָנקומען אויף דער וועלט, איידער דער אויסלייזער וועט זיך באווייזען. גלות, חורבן, הריגות, די פאַרענדערונג פון סדרי בראשית און אפילו דאָס פאַר־געסען פון דער תורה. אלע „חבלי משיח״ וואָס ווערען שפּעטער דערמאָנט אין תלמוד, די בילדער פון אויסלייזונג זיינען ביי איהם שוואך, ער רעדט אָבער וועגען קבוץ גלויות, דאָס אונטערגעבען זיך פון אנדערע פעלקער, וועגען א שטאַרקער פּאָליטישער קראַפט און גרויסען וועלטליכען גליק.

שטאַרקער און דייטליכער זיינען שוין די נבואות פון ישעיה הנביא, וועל־כער האָט זיינע ווערטער געלאָזט הערען בלויז מיט צוואנציג יאָהר שפּעטער און וועלכע זיינען ביז היינטיגען טאָג, די נבואה אויף וועמעס פאַרווירקליכונג, די גאַנצע בעסערע מענשהייט וואַרט.

ישעיה רעדט וועגען דעם טאָג, ווען די מענשען וועלען אוועקוואַרפען זייער פאלשע געטער. דאָס וועט זיין נאָך דעם טאָג פון נקמה, נאָך דעם טאָג ווען

אפילו די נאטור וועט ליידען פון גאָט׳ס צאָרן — און דאן:

**וגר זאב עם כבש, ונמר עם גדי ירבץ**
**ועגל וכפיר ומריא יחדיו, ונער קטן נהג בם.**
(ישעיה יא׳)

(און א וואָלף וועט הויזען מיט א שעפּס, און א לעמפּערט מיט א ציגעלע וועט הויערען, און א קאלב און א יונג לייב און א פעט רינד באנאנד; און א קליין אינגעל וועט זיי פיהרען. — יהואש׳ס איבערזעצונג).

און אין יענעם טאָג:

וועט די ליכט פון דער לבנה זיין ווי דאָס ליכט פון דער זון, און דאָס ליכט פון דער זון זיבען מאָל אזוי־פיל, ווי דאָס ליכט פון זיבען טעג. (ישעיה ל׳)

דאָס וועט זיין אין דעם טאָג, ווען —

— גאָט וועט היילען דעם ברוך פון זיין פאָלק און זיין שווערע וואונד. (דאָרט).

און דאן ווען דאָס אידישע לאַנד וועט ווידער אויפגעבויט ווערען דורך דעם אידישען פאָלק, וועט דאָס זיין דער גרויסער, ערהאבענער טאָג פון דער מענשהייט — עס וועט פאַרווירקליכט ווערען דער חלום פאר פרידען צווישען פעלקער און לענדער — און זיי וועלען זאָגען:

**לכו ונעלה אל הר ה׳, אל בית אלהי יעקב**
**ויורנו מדרכיו, ונלכה בארחותיו.**
**כי מציון תצא תורה, ודבר ה׳ מירושלים.**
**ושפט בין הגוים, והוכיח לעמים רבים**
**וכתתו חרבותם לאתים, וחניתותיהם למזמרות;**
**לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה.**
(ישעיה ב׳).

(לאָמיר ארויפגעהן צו גאָט׳ס בארג, צו דעם הויז פון יעקב׳ס גאָט, זאָל ער אונז לערנען פון זיינע וועגען און מיר וועלען געהן אין זיינע שטעגען. ווייל

פון ציון וועט ארויסקומען תורה און גאָט'ס ווארט פון ירושלים. און ער וועט משפּט'ן צווישען די פעלקער און וועט לערנען פיעל פעלקער און זיי וועלען צושפּאלטען זייערע שווערדען אויף גראָב־אייזענס און זייערע שפּיזען אויף שנייד מעסער; קיין פאָלק וועט ניט אויפהויבען קיין שווערד אויף **א צווייטען** פאָלק און זיי וועלען ניט לערנען קיין מלחמה).

ישעיה'ס משיח איז א אויבער מענש, א פּאָליטישער און א גייסטיגער, א פיזישער און א מאָראלישער צוזאמען. ער קומט אַרויס פון דוד המלך און אויף איהם וועט רוהען דער געטליכער גייסט. ער וועט משפּט'ן די אָרימע מיט גע־רעכטיגקייט און דעם שלעכטען וועט ער אָבטויטען ניט מיט קיין שווערד און שפּיז, נאָר מיט דעם ווארט פון זיינע ליפּען. (ישעיה יא').

אויך ירמיהו, דער נביא פון חורבן, דער וואָס האָט אזוי ריהרענד געיאָמערט אויף דעם ערשטען חורבן, און וועלכער האָט זיך געפיהלט שלעכט אין דער ראָלע, פון געהן אָנזאָגען דאָס שלעכטע — און אפילו ער, איז צוזאמען דערמיט וואָס ער רעדט פון חורבן און אונטערגאנג, איז שוין אין זיין מויל פאראַן דאָס וואָרט פון טרייסט.

„אין יענער צייט, וועט מען רופען ירושלים גאָט'ס שטוהל און עס וועלען זיך דאָרט פארזאמלען אלע פעלקער פון גאָט'ס וועגען און זיי וועלען מעהר ניט אויספאָלגען וואָס זייער שלעכטקייט וועט זיי הייסען. (ירמיה ג').

ירמיהו וואָס רעדט אזויפיל וועגען דעם אידישען וועהטאג און וועלכער טרייסט אויך דעם אידישען פאָלק אין די מינוטען פון צער, זעהט אויך די אויס־לייזונג פון אלע פעלקער, מיט איין תנאי.

„אויב זיי וועלען זיך אויסלערנען די וועגען פון מיין פאָלק, צו שווערען ביי מיין נאָמען... וועלען זיי געבויט ווערען מיט מיין פאָלק." (ירמיה יב'). און ער איז זיכער, אז די פעלקער וועלען זיך איבערצייגען אין דעם דאָזיגען גרויסען אמת און ער רעדט צו גאָט: „צו דיר וועלען פעלקער קומען פון אלע עקען פון דער וועלט און זיי וועלען זאָגען: אונזערע עלטערען האָבען געהאט בירושה ליגען, פאלשקייטען וואס האָבען קיין נוץ." (ירמיה טז').

און די שעהנסטע משיחישע זעהונג, האָט גראדע געזעהען דער נביא, וואָס האָט געשטראָפט די אידען מעהר ווי אלע אנדערע נביאים — יחזקאל. ער, פאר יועמען די זינד פון ירושלים, האָבען אויסגעקוקט ערגער ווי די זינד פון סדום. ער, וואָס האָט אויפגעדעקט די ניט פארהיילטע וואונדען און וועמעס שטראָף־רייד, עס האָבען געשניטען ביז צו דער נשמה — ער זעהט מיט זיין פאנטאזיע

דעם גרויסען וואונדער, וואס עס וועט געשעהען אין יענעם טאָג, ווען די פאר־טריקענטע ביינער וועלען זיך באַהעפטען און וועלען באַצויגען ווערען מיט א הויט — און זיי וועלען אויך קריגען א נייעם גייסט.

מעהר משיחישע טרייסט ווי אומעדום איז פאראן ביי ישעיה השני, פון „נחמו, נחמו" ביז צום סוף, ווערען פארגעשטעלט די טעג פון אויסלייזונג. אָבער מיר ווילען דערמיט ניט מאריך זיין. צוליב דעם וועלען מיר זיך אויך ניט אָבשטעלען וועגען דער משיחישער האָפנונג, וואס איז אויסגעדרוקט אין תהלים, וואס איז באקאנט מעהר וועניגער צו יעדען איד, וואס וויים פירוש המלים.

* * * *

אין תלמוד זיינען אויך פאראן פיעל אָנווייזונגען אויף משיח. פון דעם ערשטען דור פון תנאים, די וואס האָבען געלעבט פאר דעם צווייטען חורבן, זיינען אונז ניט פארבליבען קיין משיחישע מאמרים און דאָס איז ניט דערפאר, וואס מען דארף גלויבען, אז זיי האָבען זיך באצויגען נעגאטיוו צו דעם משיחישען אידעאל, נאָר ווייל זיי האָבען ניט געפונען פאר נויטיג, כל זמן דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך געהאט א פאָליטישע הערשאפט און דער בית המקדש איז נאָך געווען אויף זיין פּלאַץ, צו וועבען נייע געדאנקען ארום דער האָפנונג אויף דער צוקונפט, וואס איז שוין ממילא געווען איינגעווארצעלט ביי דעם פאָלק.

אין אזא צייט, צו רעדען מיט דעם פאָלק וועגען א צוקונפט, איז ווי געבען אן אָנדייטונג אז דער חורבן קומט יעצט און עס איז ווי צו רעדען מיט א קראנ־קען וועגען עולם הבא.

אנדערש איז אָבער מיט די שפּעטערדיגע תנאים און אמוראים, וועלכע האָבען געלעבט אין צייט פון צווייטען חורבן און נאָך איהם, זיי האָבען שוין געוועבט די לעגענדע און געזוכט צו פארשטארקען דאָס גלויבען פון דעם פאָלק אין דער צוקונפט.

רבי יוחנן בן זכאי, האָט ניט בלויז געזוכט א מעגליכקייט אָנצוהאלטען יבנה, אום דורך דעם פאָרטזעצען דעם אידישען קיום, נאָר ער האָט פארפאסט פיעל תקנות, וועלכע האָבען געהאט א באשטימטען צוועק אָנצוהאלטען לעבעדיג דעם אנדענק פון ירושלים און דעם בית המקדש.

רבי עקיבא איז אויף אזויפיל געווען זיכער, אז משיח וועט באלד קומען, אז ער האָט אפילו אנערקענט בר ככבא׳ן אלס משיח און האָט איהם געשטיצט מיט אלע כחות.

מיר וועלען זיך דאָ ניט אבשטעלען וועגען די אלע פּלעצער אין תלמוד, וואו עס רעדט זיך וועגען די „חבלי משיח", וואס אידען און אפשר די גאנצע

וועלט וועט דאַרפֿען דורכמאַכען איידער משיח וועט קומען. מיר וועלען אָנ־ריהרען איינינע פּלעצער, וואו עס ווערט דערמאָנט וועגען דער אויפגאַבע וואָס משיח וועט דאַרפֿען דורכפיהרען און וואָס ער וועט ברייננגען מיט זיך.

צווישען די זיבען זאכען וואָס זיינען באַשאַפען געוואָרען פאַר דער וועלט ווערט פאַררעכענט דער נאָמען פון משיח; דער טאָג פון טרייסט איז איינער פון די זיבען זאכען וואָס זיינען פאַרבאָרגען פון מענשען (פּסחים נד'). עס איז נאַטירליך, אז דער שטאַרקערער זאָל אַלעמאָל אונטערדריקען דעם שוואכען, עס קומט אָבער אַלעמאָל אַן אויסלייזער, וואס העלפט ארויס. קיינער ווייסט אָבער ניט, ווען ער וועט זיך באַווייזען.

דער משיח וועט בלויז אויסלייזען די אידען פון גלות, אָבער ניט פון דער זינד, ווי עס גלויבט דאָס קריסטענטום און שמואל דערקט דאַרום, אז דער אונ־טערשייד פון יעצט ביז די טעג פון משיח איז בלויז שעבוד גליות; עס וועט אָבער בטל ווערען געווער און מען וועט ניט פיהרען קיין מלחמות (שבת סג').

משיח ווערט אויך גערופען חנינה און מנחם (סנהדרין, צח'), ווייל ער וועט זיך דערבאַרימען אויף יעדען איינעם און וועט ברייננגען טרייסט.

ווען ר' יהושע בן לוי, האָט אָנגעטראָפען אליהו'ן און האָט איהם געפרעגט ווען משיח וועט קומען, האָט ער איהם געהייסען איהם אליין פרעגען און איהם געזאָגט, אז ער זיצט ביי דער טויער פון רוים, צווישען קראַנקע ארימעלייט. זיי אַלע בינדען אויף אלע וואונדען זייערע און נאָכדעם פאַרבינדען זיי אלע. משיח אָבער בינדט זיי איבער איינציגווייז, כדי אויב ער וועט אויפגעפאדערט ווערען צו געהן אויסלייזען די אידען, זאָל ער ניט אָבגעהאלטען ווערען. (סנהדרין צח'). אזוי אז משיח'ס פּלאַץ איז צווישען די אָרימע און די קראַנקע, ניט צווישען די גליקליכע און ער רייכע און ער וועט זעהר מקפיד זיין, ניט צו מעכב זיין די גאולה.

די צייט ווען משיח וועט קומען איז ניט קיין באַשטימטע. אין דעם טאָג וואָס איז חרוב געוואָרען דער בית המקדש, איז געבוירען געוואָרען דער אויס־לייזער (ירושלמי, ברכות). אלע די וואס האָבען געוואָלט אויסרעכענען דעם „קץ", האָבען זיך געשטיצט אויף די פסוקים אין דניאל (ז'), אין וועלכע עס רעדט זיך וועגען דער צייט פון דער גאולה. די בעלי התלמוד האָבען אָנגעווי־זען צוויי צייטען, ביידע ניט קיין באַשטימטע. וועלען אידען זוכה זיין, וועט די גאולה קומען פריהער, אויב ניט, וועט זי קומען אין צייט — ווען די צייט איז? — ווערט ניט געזאָגט.

און ווייל עס האָבען זיך געמעהרט די וואָס האָבען אויסגערעכענט די צייט פון משיח'ס קומען און מען האָט מורא געהאט, אז ווען עס וועט ניט

מקוים ווערען, ווען מען אויפהערען גלויבען, האט ר׳ יונתן געשאלטען די וואס רעכענען אויס די צייט און ר׳ הלל האט געזאגט, אז אידען האבען מעהר קיין משיח ניט, ווייל מען האט איהם שוין אויפגעגעסען (דאס מיינט, מען האט פארלארען די געלעגענהייט) אין דער צייט פון חזקיהו. (סנהדרין צט׳).

דאך האט דאס ניט אבגעשטעלט פיעל גדולי ישראל אין די שפעטערדיגע יאהרען צו אויסרעכענען די צייט. רש״י, ר׳ אליעזר הקליר, דער רמב״ם, האבען אויסגערעכענט, אז דאס יאהר 1358, איז דאס יאהר פון דער גאולה. דער מלבי״ם איז געווען פון די לעצטע וואס האבען אויסגערעכענט די צייט פון משיח׳ס קומען. ער האט אנגעגעבען דאס יאהר 1913 און דאס יאהר 1928 און אין די פערצעהן יאהר וועט פארקומען די מלחמה פון גוג ומגוג און עס וועלען דורכגעמאכט ווערען די אלע חבלי משיח. דארום האט מען אין דער מלחמה צייט, אזויפיל שטודירט דעם מלבי״ם איבער די פסוקים אין דניאל און געווארט אויף דער גאולה.

די בעלי הקבלה האבען זיך באזונדערס אבגעגעבען מיט אויסרעכענען דעם „קץ״ און איינע פון די יאהרען, וואס מען קען לויט זייער אויסרעכענונג ווארטען פאר דער גאולה, איז דאס יאהר — 1940. דאס איז אויסגערעכענט אויף פסוקים אין דניאל און זכריה.

אזוי האט דאס פאלק געווארט הונדערטער יאהרען און ניט אויפגעגעבען די האפנונג, אויף יענעם גרויסען טאג, וואס זאל ברייגנען די אידישע און מענשליכע גאולה.

ג.

# בּר כּכבא

די משיחישע זעהונגען אין ספר „ברוך הסורי". — די לאגע נאָך דעם חורבּן. — רבּי עקיבא אנערקענט בּר ככבאַ'ן אלס משיח. — דער לעצטער קאמף פאר אידישער פרייהייט. — די ענטוישונג אין דעם משיח. — דער רעליגיעז־מיסטישער מאָמענט.

עס איז געקומען דער צווייטער חורבּן. דער דאָזיגער גרויסער נאציאָ־נאלער אומגליק, וואָס האָט זעהר שטארק געטראָפען דאָס גאנצע אידישע פאָלק, האָט ווידער אויפגעוועקט די משיחישע בּענקענישען, וועלכע האָבען מיט דער צייט זיך פארוואנדעלט אין אן אויפרעגונג צו אן אויפשטאנד.

עמיל שירער, א דייטשער היסטאָריקער, אין זיין בּוך „געשיכטע דעם אי־דישען פאָלקעס אים צייטאלטער יעזו כריסטי", באמערקט: „פון דעם טרויער אויף דעם חורבּן פון בּית מקדש, איז פאר דער משיחישער האָפנונג אויסגע־וואקסען נייע שפּייז, א נייער כח. דאָס איז אויך געווען וויכטיג און געבּראכט פיעל רעזולטאטען פאר די פּאָליטישע באציהונגען."

אין יענער צייט, איז געשריבּען געוואָרען דער ספר בּרוך הסורי (פון די ספרים חיצונים), וועלכער איז אינגאנצען פול מיט דעם נאציאָנאלען צער, אין דער זעלבּער צייט איז ער אויך פול מיט משיחישע האָפנונגען.

דאָס בּוך פארמאָגט אליגאָרישע בּילדער, וועלכע שטעלען פאָר די גרויסע איבּערקערעניש וואָס וועט קומען אויף דער וועלט. איינער וועט פיינד האָבּען

דעם צווייטען, די מבוזה׳דיגע וועלען זיך איבּערנעהמען איבּער די אָרענטליכע, די שלעכטע וועלען זיך שטאַרקען איבּער די העלדען און אַזוי ווייטער. עס וועט דאַן קומען אַ שרעקליכע מלחמה אויף דער וועלט. די וואָס וועלען זיך ראַטעווען פון דער מלחמה, וועלען אומקומען אין אַ ערדציטערניש און ווער עס וועט זיך ראַטעווען פון דער ערדציטערניש, וועט דאָס פייער איהם טרעפען און ווער עס וועט זיך ראַטעווען פון פייער, וועט אויסגעהן פון הונגער — אָבּער דאָס הייליגע לאַנד וועט זיך דערבּאַרמען אויף איהרע איינוואוינער און וועט זיי באַשיצען.

דער פּראָפעסער שלאָפט איין און זעהט אין חלום:

— אַ גרויסער, טיפער וואַלד, אַרומגערינגעלט פון בּערג און פעלזען. אַנטקעגען איהם וואַקסט אַ וויינשטאָק, אונטער וועלכען עס פליסט אַ לויטערער קוואַל. דער קוואַל שטאַרקט זיך און פאַנגט אָן שלאָגען מיט גרויסע כוואַליעס, וואָס פאַרפלייצען דעם וואַלד, רייסען אויס זיינע בּוימער און פאַרניכטען די אַרומיגע בּערג. עס בּלייבּט בּלויז איין צעדערבּוים. צום סוף וואַרפען זיי אויך אום דעם צעדערבּוים און פון דעם גאַנצען וואַלד בּלייבּט קיין זכר ניט און מען ווייסט אפילו ניט, וואו זיין פלאַץ איז געווען. דער וויינשטאָק מיט דעם קוואַל קומען צו צו דעם צעדער, וועלכער ליגט אומגעוואָרפען אויף דער ערד און דער וויינשטאָק שטראָפט איהם פאַר דעם שלעכטס וואָס ער האָט געטאָן און זאָגט איהם, אַז עס וועט פון איהם בּלייבּען פּאָרך און אַש, ווי פון דעם וואַלד. דאַן זעהט ער, בּרוך, ווי דער צעדער בּרענט און דער וויינשטאַק בּליהט און אַרום איהם שפּראָצען בּלומען, וואָס וויאַנען ניט.

דער נמשל איז:

די אַלע מלוכות, בּבל, פּרס, יון און רוים, וואָס האָבּען אונטערדריקט דאָס אידישע פאָלק, וועלען פאַרניכטעט ווערען ווי דער וואַלד און דער לעצטער הערשער, דער צעדערבּוים וועט אויך אָבּגעווישט ווערען, ווען עס וועט זיך באַווייזען דער אויסלייזער, דער וויינשטאָק מיט דעם קוואַל. עס וועט דאַן אָבּגעווישט ווערען דאָס שלעכטע פון דער וועלט און עס וועלען בּליהען די וואָס שטרעבּען צום גוטען.

די דאָזיגע בּילדער זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענעם מאָמענט, די ערשטע יאָהרען נאָך דעם חורבּן, ווען דאָס פאָלק האָט זיך געמאַטערט אונטער דער הערשאַפט פון רוים און האָט נאָך ניט פאַרגעסען די טעג פון זיין פרייהייט. עס איז גרינג צו בּאַגרייפען, וואָרום די משיחישע שטרעבּונגען האָבּען זיך דאַן געקאָנט אויסדריקען אין אַן אויפשטאַנד. דאָס פאָלק איז נאָך געווען נאָהענט צו דער פּעריאָ־ע פון זיין זעלבּסטשטענדיגקייט און זיך ניט געקאָנט בּאַניגענען

מיט האָפנונגען, וועלכע זאָלען זיך אויסדריקען אין תפלות און אין ווערטער. עס האָט נאָך ניט אויסגעטריקענט דאָס בלוט פון די העלדען, וואָס האָבען זיך פארטיידיגט נעגען דעם שונא און עס האָט געדופען צו אקטיווע מעשים.

דאָס פאָלק האָט זיך שטילערהייד געגרייט צו דעם אויפשטאנד און עס געהן קוים אריבער זעבציג יאָהר זייט דעם חורבן, ווען דאָס פאָלק האָט געליטען אזאַ גרויסע מפלה און די בעסטע זיהן זיינען געפאלען ביי דער פארטיידיגונג פון לאנד און עס ברעכט אויס דער אויפשטאנד, וואס איז אָנגעפיהרט געווארען פון — בר ככבא.

דער ערשטער וואָס האָט אנערקענט בר ככבא׳ן אלס דעם אידישען אויס־לייזער און האָט איהם ערקלעהרט אלס משיח איז געווען רבי עקיבא און דאָס איז געווען פון גרויס וויכטיגקייט. ווייל אויסער דעם, וואָס ער איז געווען דער גרויסער תנא, האָט ער אין זיך געטראָגען א טיפע ליבע צו פרייהייט און א גלויבען, אז די אויסלייזונג איז נאָהענט און וועט נאָך קומען אין זיינע צייטען.

רבי עקיבא איז געווען אזוי זיכער אין דעם, אז די אויסלייזונג איז נאָהענט, אַז ער האָט אפילו געקאָנט טרייסטען זיינע חברים אין די שווערסטע מאָמענטען.

איינמאל זיינען רבי עקיבא און זיינע חברים געגאנגען אין וועג און פון א ווייטקייט פון הונדערט און צוואנציג מייל, האָבען זיי געהערט דעם רעש פון דעם שטאָדט מארק אין רוים. האָבען די חברים אָנגעפאנגען וויינען און ער האָט געלאכט. זיי האָבען געוויינט ווארום, די וואָס דינען פרעמדע געטער לעבען רוהיג און דער בית המקדש איז פאַרברענט. האָט ער געענטפערט, אז ער לאכט דערפאר, ווייל אויב די וואָס טהוען ניט זיין ווילען, לעבען אזוי רוהיג, קען מען ערווארטען פיעל מעהר פאַר די וואָס טהוען יא זיין ווילען.

און א צווייטען מאָל זיינען זיי געקומען קיין ירושלים. ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָהענט צו דעם הר הבית, האָבען זיי געזעהן א פוקס ארויסלויפען פון דאָרט, האָבען זיי אָנגעפאנגען וויינען און ר׳ עקיבא האָט געלאכט און צו זיי געזאגט, אזוי ווי עס איז מקוים געווארען די נבואה פון חורבן, אזוי וועט אויך מקוים ווערען די נבואה פון ווידעראויפבוי. האָבען זיי צו איהם געזאָגט פאָלגענדע ווערטער: „עקיבא, האָסט אונז געטרייסט! עקיבא, האָסט אונז געטרייסט!״ (מכות כד׳).

זיין שטארקען גלויבען אין דער ווידעראויפבוי פון בית המקדש און פון ארץ ישראל, קען מען אויך זעהן פון פאָלגענדער ברכה וואָס ער האָט מתקן געווען צו זאָגען אין דער ערשטער נאכט פון פסח און וועלכע איז אריין אין דער משנה: „אזוי זאָל גאָט אונז ברייגען צו נאָך ימים טובים, פרעהענדיג זיך מיט דער אויפבוי פון דיין שטאָדט און מיר וועלען דארט עסען פון די זבחים און

פּסחים... געלויבּט ביזטו, גאָט, וואָס האָט אויסגעלייזט די אידען.″ (פּסחים קטז׳).
אין משנה געפינען מיר אויך נאָך א מאמר פון ר׳ עקיבא, וואס איז כא־ראַקטעריסטיש פאר זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען. ער גלויבּט ניט, אז די עשרת השבטים וועלען זיך ווידער אומקעהרען (סנהדרין קי׳). ער האָט געוואלט שטארקען דעם אידישען גלויבען אין א נאָהענטער אויסלייזונג, האָט ער אויס־געטייטשט דעם פּסוק „ואבדתם בגוים″ (און איהר וועט פארלאָרען געהן צווישען די פעלקער) בלויז אויף די צעהן שבטים.
רבי עקיבא האָט זיך אָבער ניט באגרענעצט אין די ד׳ אמות של הלכה און דערמיט געוואלט שטארקען די האָפנונגען פון פאָלק. ער האָט געמאכט לאנגע רייזעס און איז ארומגעפאהרען אין אלע לענדער, וואו אידען האָבען זיך געפו־נען, צו אגיטירען פאר דעם אָנקומענען אויפשטאנד.

* * * *

ווער עס איז געווען בר כֹּכבא און פון וועמען ער האָט אָבגעשטאמט, מיט וואָס ער האָט זיך באשעפטיגט, איידער ער האָט זיך באוויזען אויף דעם שלאכט־פעלד, איז אומבאקאנט. ווי יעדער העלד, איז ער געקומען אין דער מינוט, ווען דאָס פאָלק האָט זיך אין איהם גענויטיגט. ער איז זיכער ניט געווען פון די מיוחס׳דיגע פאמיליעס, ווייל דאן וואָלט ער געווען מעהר באקאנט.
עס איז געווען צוויי און זעכציג יאָהר נאָך דעם צווייטען חורבן (אין דעם יאָהר 132 לויט דער קריסטליכער צייטרעכנונג). דער נציב פון רומא אין יהודה איז דאן געווען טיניוס רופוס, אָדער ווי ער איז באקאנט אין תלמוד מירנוס הרשע. ניט בלויז האָט ער זיך באצויגען אכזריות׳דיג צו די אידען, נאָר ער האָט אויך זיי געמאכט צו שפּאָט און די אידען האָבען דאָס שוין מעהר ניט געקאָנט פארטראגען. אלעס איז געווען צוגעגרייט צו דעם אויפשטאנד. די אגיטאציע פון רבי עקיבא, דאָס פארבּרייטען פון געוועהר און לעצטענס די מעשים פון דעם רוימישען נציב, עס האָט בלויז געפעהלט דער, וואָס זאָל זיך שטעלען אין דער שפּיץ און דאָ האָט זיך באוויזען — בר כֹּכבא.
בר כֹּכבא איז געווען פעסט געבּויעט, זיין פּנים האָט אויסגעדריקט ענט־שלאָסענהייט און איז איינגאנצען געווען באהערשט פון איין שטארקען פארלאנג, צוריקצובריינגען זיין פאָלק זיין נאציאָנאלע פרייהייט. אין ערגעץ ווערט ניט דערמאָנט, אז ער האָט זיך געהאלטען פאר דעם משיח און אז ער האָט געהאט אנדערע שטרעבונגען אויסער די איינע, פון באפרייען דאָס פאָלק און דאָס לאנד.
ווי יעדער העלד האָט בר כֹּכבא באצויבערט די יוגענד, וועלכע איז צו איהם געקומען פון אלע טהיילען פון דעם לאנד. באזונדערס שטארק איז געוואָרען זיין איינפלוס, ווען ר׳ עקיבא האָט וועגען איהם געזאָגט דעם פּסוק „דרך כוכב

מיעקב" און איהם געקרוינט פאר משיח, ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט ניט אבגעשטאמט פון בית דוד.

אין א קורצער צייט האבען זיך ארום בר כבא'ן — זיין אמת'ער נאמען איז געווען בר כוזיבא, אויף דעם נאמען פון דער שטאדט כזיב, אין וועלכער ער איז געבוירען געווארען און שפעטער, אפשר דערפאר, וואס ער איז דורכגעפאלען (כזב אין העברעאיש מיינט — פאלש) — פארזאמעלט אלע די, וואס האבען געשטרעבט צו אידישער פרייהייט און געווען גרייט צו באצאהלען מיט זייער לעבען פאר דער באפרייאונג פון פאלק. לויט אידישע מקורות, איז זיין ארמעע באשטאנען פון פיער הונדערט טויזענד פערזאן און לויט ניט אידישע, פון פינף הונדערט און אכציג טויזענד. עס האט זיך אנגעפאנגען די בלוטיגע מלחמה, וועלכע האט געדויערט ארום צוויי יאהר צייט. בר כבא האט אבגעהאלטען איין זיעג נאך דעם צווייטען און די רוימישע ארמעע האט פארלארען פאזיציע נאך פאזיציע. אייניגע היסטאריקער ווילען האבען, אז בר כבא האט אפילו איינגענומען ירושלים, מען האט אבער ניט געטראכט וועגען ווידער אויפבויען דעם בית המקדש, ווייל ראשית, איז די צייט ניט געווען פאסיג און צווייטענס, איז דער וואלד לבנון, פון וואנען מען האט געדארפט ברייננגען געהילץ, געווען אין די הענד פון די רוימער. (גרעץ).

פאר צוויי יאהר צייט האט בר כבא מצליח געווען און ער האט אפילו שוין געלאזט מאכען אידישע מטבעות. דערווייל האט זיך אבער די רוימישע ארמעע צוגעגרייט און געזוכט אבצושוואכען די אידישע ארמעע דורך קליינע אנפאלען פון פארשידענע זייטען און דאן איז די מלחמה באנייט געווארען מיט פרישער ענערגיע.

דער ערשטער בלוטיגער צוזאמענשטויס האט אויסגעבראכען אין עמק יזרעאל, וואו עס געפינען זיך צוויי טייכען. דארט איז פארגאסען געווארען אזויפיעל בלוט אז „דאס בלוט האט אנגעפילטביידע טייכען און מען האט געגלויבט, אז צוויי טיילען זיינען געווען בלוט און איין טייל וואסער." (גיטין נז').

נאכדעם איז געקומען דער שלאכט אין טור מלכא, וואו דער קאמף איז אנגעגאנגען פאר דריי טעג און פאר דריי נעכט. עס זיינען אויך פארגעקומען עטליכע און פופציג קלענערע שלאכטען, וועלכע האבען זיך כמעט אלע געענדיגט מיט א דורכפאל פאר בר כבא'ס ארמעע.

עס איז נאך געבליבען פאר די אידען די פעסטונג פון ביתר, וואוהין עס האבען זיך פארזאמעלט די אלע פארבליבענע פון די פריהערדיגע מלחמות. פאר א יאהר צייט האבען זיך די אידען ניט אונטערגעגעבען. ערשט ווען עס האט זיך געשטארקט דער הונגער און עס איז געווארען א מאנגעל אין וואסער, איז

דאָס געלונגען די רוימער איינצונעהמען די פעסטונג.

אין א טאָג וואָס איז געווען צוגעגרייט פאַר אידישע צרות, אין תשעה באב פון דעם יאָהר 135, פינף און זעכציג יאָהר נאָך דעם צווייטען חורבן, האָבען די אידען פאַרלאָרען ביתר, וואו די רוימער האָבען דורכגעפיהרט א בלוטבאָד און עטליכע טעג און נעכט גע׳שחט׳ן די אידען, וואס זיי האָבען געטראָפען אין שטאָדט.

זייער שמחה איז אָבער ניט געווען פאָלקאָם, ווייל אויך פון דער רוימישער ארמעע זיינען געפאַלען גרויסע צאָהלען. ווען דער אָנפיהרער פון דער ארמעע האָט געשיקט דעם באריכט וועגען דעם גרויסען זיעג, האָט ער איהם ניט אָנ־געפאַנגען מיט דעם געוועהנליכען נוסח „פרידען צו מיר און צו מיין ארמע.״ יער זיעג איז אויך ניט געפייערט געוואָרען אין רוים.

בר כּכבא אליין, איז לויט דער לעגענדע, געשטאָרבען פון דעם ביס פון א בייזען שלאַנג און ווען אדרינוס קיסר האָט דאָס געזעהן, האָט ער געזאָגט, אז ער זעהט איין, אז דאָס איז פון גאָט און ניט ווייל זיין ארמעע האָט געהאַט דעם כח צו באזיעגען די אידען.

* * *

בר כּכבא האָט געמאַכט דעם לעצטען פארזוך אומצוקעהרען די אידישע זעלבסטשטענדיגקייט. ער איז אזוי ארום געווען בלויז א פּאָליטישער משיח. זיין אויפגאַבע איז געווען, צו באפרייען דאָס אידישע פאָלק און דאָס אידישע לאַנד.

אין יענעם מאָמענט, בלויז זעכציג יאָהר נאָך דעם חורבן, ווען דאָס פאָלק האָט געפיהלט די שווערע האנד פון דעם באזיגער און האָט זיך נאָך ניט געקאָנט צוגעוואוינען דערצו, איז דאָס גאַנץ גרינג צו פארשטעהן, אז דאָס האָט באדאַרפט געווען זיין די אויפגאַבע פון דעם, וועמען דאָס פאָלק און זיינע פיהרער, האָבען געקרוינט פאַר דעם אויסלייזער.

„משיח בן יוסף״ האָט בלויז די אויפגאַבע פון א פּאָליטישען משיח. ער דאַרף פיהרען מלחמות און אפילו די וואָס האָבען באזירט דעם משיחיזם אויף גייסטיגע יסודות, האָבען אויך ניט געקאָנט דורכלאָזען די דאָזיגע אויפגאַבע זיינע פון א קעמפער, אין דעם געוועהנליכען זינן פון וואָרט.

די דאָזיגע אויפגאַבע האָט בר כּכבא דורכגעפיהרט. ער האָט געפאָדערט פון זיינע אָנהענגער, אז זיי זאָלען זיין שטאַרק גענוג, בייצושטעהן יעדען נסיון. ער האָט זיי אויסגעפּרואווט דערמיט, וואָס ער האָט געהייסען די, וואָס האָבען געוואָלט זיך אָנשליסען אין זיין ארמעע, אָבהאַקען א פינגער פון איין האנד, מיט דער שווערד אין דער צווייטער האנד. געגען דעם האָבען די חכמים פּראָ־

טעסטירט און גע'טענה'ט, אז ער מאַכט אידען פאַר בעלי מומים און זיי האָבען איהם געהייסען אויספּרואוּוען זיינע אנהענגער אויף אַן אַנדער אופן, אַז יעדער איינער וואָס פאָהרענדיג אויף דעם פערד, קען ער ניט אויסרייסען קיין צעדער פון דעם לבנון, זאָל ניט קענען זיין אין זיין אַרמעע. (ירושלמי תענית).

בר ככבא איז אַזוי געווען זיכער אין זיינע כחות, אַז ער האָט מיט שטאָלץ געזאָגט פאָלגענדע ווערטער: „גאָט! אויב דו האָסט באַשלאָסען אונז ניט צו העלפען, זאָלסטו כאָטש ניט העלפען אונזערע שונאים און דאַן, ווען דו וועסט זיך האַלטען פון דערוּוייטענס, וועלען מיר זיך אַליין העלפען, ווייל מיר זיינען גענוג שטאַרק צו באַזיגען אונזערע שונאים." (מדרש איכה).

וועגען דער העלדישקייט און די גבורות פון בר ככבא און זיינע חילות, ווערען דערצעהלט פיעל לעגענדעס און דאָס וואָס זיי האָבען פאַר צוויי און אַ האַלב יאהר (און לויט אַנדערע מקורות דריי און אַ האַלב יאהר) געקאָנט אָנפיהרען דעם קאַמף געגען דער שטאַרקער און מעכטיגער רוימישער אַרמעע, איבערצייגט, אַז די מענשען זיינען געווען אמת'ע העלדען און געקעמפט פאַרצווייפעלט פאַר דער פרייהייט פון זייער פאָלק.

אָבער — מען דאַרף אויך ניט פאַרזעהן דעם דאָזיגען פאַקט, אַז ווי שטאַרק עס איז ניט געווען די שנאה פון די אידען צו די רוימער און ווי אַריינגעטאָן זיי זיינען ניט געווען אין מלחמה, איז אין ערגעץ ניט פאַרצייכענט, אַז די אידען האָבען געזוכט צו נעהמען נקמה פון די רוימער וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד דורך אכזריות'דיגע טאַטען, ווי די רוימער האָבען דאָס געטאָן צו די אידען, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד.

דער דאָזיגער פאַקט צייגט, אַז בר כבבא האָט דאָך פאַרמאָגט אין זיך דעם געפיהל פון גערעכטיגקייט, וואָס איז זעהר זעלטען פאַר די, וואָס זיינען אַריינגעטאָן אין דעם קאַמף צו באַזיגען דעם שונא.

דאָך איז דאָס ניט געווען גענוג, פאַר די וואָס האָבען געזוכט אין דעם משיח דעם געפיהל פון גערעכטיגקייט, לויט ווי ער ווערט פאָרגעשטעלט אין ישעיה (זעה ערשטען קאַפּיטעל). זיי האָבען ביי איהם געזוכט די דאָזיגע מדה און ווען זיי האָבען זי ניט געפונען, האָבען זיי איהם ערקלעהרט פאַר אַ פאַלשען משיח.

ווערט דערצעהלט אין תלמוד:

בר כוזיבא האָט געקעניגט צוויי און אַ האַלב יאָהר, האָט ער געזאָגט צו די חכמים: איך בין משיח. האָבען זיי צו איהם געזאָגט: ביי משיח איז געשריבען, אַז ווען ער גיט אַ שמעק משפּט ער (ד. ה., אַז ער האָט אַן אינערליכען געפיהל פאַר גערעכטיגקייט, צו וויסען ווער עס איז גערעכט און ווער עס איז

שולדיג) לאָמיר זעהן, אויב ער קען שמעקען און אורטהיילען. ווען זיי האָבען געזעהן, אַז ער קען דאָס ניט, האָבען זיי איהם געטויטעט. (סנהדרין צג׳). דאָס וואָרט געטויטעט דארף דאָ, זעלבסטפארשטענדליך, גענומען ווערען אין דעם זינן, אַז זיי האָבען איהם ערקלעהרט פאר א פאלשען משיח.

וואָס אַזעלכעס האָבען זיי געזעהן, אַז ער קען ניט אורטיילען מיט גערעכטיגקייט? מיר גלויבען, אַז דאָס באַציהט זיך אויף דער געשיכטע מיט רבי אליעזר המודעי.

בר כּכבא האָט געהאט אַן אלטען אָנקעל רבי אליעזר המודעי, וועלכער האָט געפאסט תעניתים און תפלה געטהאָן, אַז ביתר זאָל ניט אריינפאלען אין די הענד פון די רוימער. א שמרוני האָט פארזיכערט דעם פיהרער פון דער רוימישער ארמעע, אַז דער איינציגער וועג ווי אַזוי צו באַזיגען די שטאָדט, איז דורך ארויסרופען א חשד ביי בר כּכבא׳ן, אַז ר׳ אליעזר איז א פאררעטהער. האָט זיך דער שמרוני אריינגעגנב׳ט אין שטאָדט און איז צוגעקומען צו ר׳ אליעזר׳ן, ווען ער האָט תפלה געטהאָן און איהם עטוואָס אריינגעשעפטשעט אין אויער. ווען מען האָט איהם ארעסטירט און געבראַכט פאר בר כּבבא׳ן, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען געהיימע זאַכען. מען האָט דאַן געבראַכט ר׳ אליעזר׳ן וועלכער האָט גאָרניט געהערט וואָס דער שמרוני האָט איהם געזאָגט און ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער וויים פון גאָרניט. ווערענדיג אויפגערעגט האָט בר כּכבא א שטויס געטאָן מיט דער פוס דעם אלטען, וועלכער איז שוין אַזוי אויך געווען אָבגעשוואַכט פון די תעניתים און ער איז אוועקגעפאלען טויט. א בת קול האָט דאַן אויסגערופען: ,,האָסט ערמאָרדעט ר׳ אליעזר המודעי, די אידישע שטאַרקייט און זייער רעכטע האנד, דערפאר וועט פארטריקענט ווערען די האנד פון דעם מענש און זיין רעכטע אויג וועט פארטונקעלט ווערען.״ באלד האָבען גורם געווען די זינד און בר כּכבא איז געטויטעט געוואָרען און ביתר איז באַזיעגט געוואָרען. (ירושלמי תענית, מדרש איכה).

עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די דאָזיגע פאסירונג האָט אָנגעוואָרפען א שרעק אויף די וואָס האָבען זיך באטייליגט אין דער מלחמה און זיי האָבען שוין מעהר ניט ארויסגעוויזען זייערע גבורות. די חכמים האָבען אָבער אין דעם געזעהן, אַז בר כּכבא האָט ניט קיין געפיהל פאר דער אמת׳ער גערעכטיגקייט און זיי האָבען שוין מעהר ניט געהאט קיין צוטרוי צו איהם.

עס האָט זיך דאמאָלס בכלל ערוועקט א צווייפעל, אויב דער מענש וואָס האָט פארגאָסען אַזויפיעל בלוט, קען זיין דער אויסלייזער, ווען משיח דארף גאָר אָבשאפען געוועהר און דארף קומען מיט רייד פון שלום? האָט דאָך דוד המלך ניט געקאָנט בויען דעם בית המקדש, ווייל ער האָט פארגאָסען צופיעל בלוט?

ווי נאָך יעדער ענטוישונג, איז מען איבערגעגאנגען פון דער ווירקליכקייט צו דעם וואָס מען האָט געקאָנט זעהן מיט די „אויגען פון גייסט” און משיח איז פון דאן אָן געזעהן געווארען אין א נייעם געשטאלט. ער זיצט צווישען די טויערען פון רוים, צווישען ארימע און קראנקע און אין דעם טאָג פון גערעכטיגקייט, וועט ער זיך באווייזען אויף א ווייסען (דער סימבאָל פון לויטערקייט) אייזעל און די וועלט וועט פול ווערען מיט וויסענשאפט.

* * * *

נאָך דעם דורכפאל פון בר כּכבא האָט די שטארקע האנד פון רוים זיך ארונטערגעלאָזען אויף די פארבליבענע אידען, מיט נאָך מעהר אכזריות. אויב פריהער האָט מען בלויז בארויבט די אידען פון זייער פּאָליטישער פרייהייט און זיי געמאכט פיהלען, אז זיי זיינען פרעמדע אין זייער לאנד, האָט מען יעצט געזוכט זיי אינגאנצען צו פארניכטען. דער צוזאג וואס איז געגעבען געווארען צו ר׳ יוחנן בן זכאי, אז ער וועט קענען אָנהאלטען יבנה און איהרע חכמים, איז מעהר ניט געהאלטען געוואָרען.

ירושלים און דער הר הבית זיינען צואַקערט געווארען און מען האָט דאָרט אָנגעפאנגען בויען א נייע שטאדט, כדי דערמיט אבצואווישען די שפּורען פון דעם אידישען לעבען און אזוי ארום אין משך פון דער צייט, אָבווישען פון זכרון, אז דאָ איז אַמאָל געשטאנען די שטאדט, צו וועלכער עס זיינען געווען געווענדעט די אויגען פון אלע אידען.

דאָס איז אָבער ניט געווען גענוג. אום עס זאָל אינגאנצען פארגעסען ווע־רען דאָס אידישע ווארט, האָט מען גוזר געווען, אז מען טאָר ניט לערנען די אידישע תורה און אָבהיטען איהרע מצוות. געוואוסט האָבען די הערשער פון רוים, אז דאָס לערנען פון דער תורה האָט אין זיך דעם כח, פון אָנהאלטען דאָס אידישע פאָלק, דאָס צובינדען צו דעם לאַנד און אָנהאלטען די האָפנונג פאר דער ווידעראויפלעבונג.

דאָס האָבען אָבער אויך געוואוסט די אידישע חכמים און זיי האָבען באשלאָ־כען אָנצוהאלטען די דאָזיגע פעסטונג. לאכט זיך ר׳ עקיבא אויס פון אלע גזרות, ער נעהמט צוזאמען פארזאמלונגען און דרש׳נט וועגען דער תורה, וועגען דעם לאנד. דאָס איז געווען זיין רעוואָלוציאָנערער קאמף און ער ווארט פאר יענעם מאָמענט, ווען ער וועט קענען מקיים זיין דעם „ואהבת”, מיט זיין לעבען. דער מאָמענט קומט און ער שטארבט אויף קידוש השם און צוזאמען מיט איהם זיינע חברים — די עשרה הרוגי מלכות.

בר כּכבא און זיינע חברים זיינען געפאלען ביים פארטיידיגען דאָס אידישע לאַנד. רבי עקיבא און זיינע חברים, ביים פארטיידיגען די אידישע תורה.

צוזאמען האָבען זיי איינגעפלאנצט אין דעם פאָלק די ליבע צו דעם לאנד און צו דער תורה, וועלכע קען בלויז קריגען איהרע אייביגע אמת'ן און פאר־שפרייטען איהרע שטראהלען פון ליכט, אין דעם אידישען לאנד.

איז געווען די פאראייניגונג צווישען דעם פאָליטישען און גייסטיגען מאָ־מענט — און דאָס פאָלק, וואס האָט זיך דאן אָנגעפאנגען פארשפרייטען איבער אלע טהיילען פון דער וועלט, האָט מיט זיך געטראגען די דאָזיגע ליבע און או־מעדום וואו אידען זיינען געקומען, האָבען זיי מיט זיך געבראכט די דאָזיגע בענקעניש — פאר א פאָליטישער און גייסטיגער אויפלעבונג.

דער דורכפאל פון בר כבבא האָט אָבער געהאט א ווירקונג, אז מען זאָל זיך מעהר ניט פארשטעלען משיח'ן אלס דער קעמפער. „משיח בן יוסף" — איז שוין געפאלען און מען האָט בלויז געהאָפט פאר דעם גייסטיגען משיח, וועלכער וועט שוין בריינגען די פאָליטישע אויסלייזונג.

דער רעליגיעז־מיסטישער מאָמענט אין דעם משיחיזם, וועלכער רופט ניט צו קיין מעשים מצד די, וואָס ווארטען פאר דעם אויסלייזער, האָט דאן זיך געשטארקט. אין יעדען קריטישען מאָמענט אין דער אידישער געשיכטע האָט זיך די דאָזיגע בענקעניש געשטארקט און ווען עס איז ארויסגעקומען א שטארקע פערזענליכקייט אין דעם פאסיגען מאָמענט, האָבען זיך צו איהם געצויגען די הענד פון דעם פאָלק — און מען איז געווען גרייט צו געהן אין זיינע פיס טריט.

ד.

# אידישע משיחים אונטער מלכות ישמעאל

דאָס פארשפּרייטען זיך אין גלות. — דער פאלשער משיח שריני. — עבדיה אבו־עיסי. — יודגאן פון האמאדאן. — נסתרות דרבי שמעון בן יוחאי.


ער לעצטער העלדישער קאמף פון אידישען פאָלק פאר זיין זעלבסט־שטענדיגקייט, האָט זיך ניט איינגעגעבען. דער וואָס האָט געזאָלט ווערען דער באפרייער איז געשטעמפּעלט געוואָרען פאר א פאלשען משיח. די רוימישע הערשער אין יהודה האָבען אונטערדריקט דעם אידישען ישוב אויף יעדען מעגליכען אופן, פיזיש און גייסטיג.

אידען פאַנגען זיך אָן צו פארשפּרייטען איבער דער גאנצער וועלט. אידישע ישובים בויען זיך אין פאַרשידענע לענדער אין מזרח און אין מערב. די אלע נייע ישובים ווערען אָבער באטראכט פאר צייטווייליגע היימען, ווייל דאָס פאָלק וויל ניט און קען ניט אויפגעבען די האָפנונג, אז דער טאג פון אויסלייזונג איז נאָהענט.

אלע אידישע היסטאָריקער שלאָגען זיך אָן אין דער שווערינקייט פון פעסט־שטעלען דעם אָנפאנג פון אידישע ישובים אין פארשידענע לענדער און דאָס איז אפשר דערפאַר, ווייל מען האָט ניט געפונען פאר נויטיג דעם דאָזיגען אָנפאנג צו באצייכענען, צוליב דעם וואָס די דאָזיגע יאָהרען פון זיין אין דער פרעמד, האָבען גאָרניט באַדאַרפט געוועץ אריינגעהן אין דעם כלל פון אידישער געשיכטע.

עס איז אָבער ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, אז קיין גרויסע שאפונגען האָבען ניט געקאָנט פאָרקומען אין אזא צייט. פון דעם פארענדיגען פון תלמוד ביז דעם אויפשטעהן פון דעם דור פון די גאונים, איז דאָס גייסטיגע אידישע לעבען פיעל ניט באריייכערט געוואָרען. אפילו די לעצטע יאהרען פון תלמוד, קענען אויך ניט פארגליכען ווערען אין וויכטיגקייט צו די ערשטע יאהרען.

אויך אויף אלע אנדערע געביטען האָבען זיך ניט באוויזען קיין גרויסע מעשים צוליב דעם וואָס אין ערגעץ איז דער אידישער ישוב ניט געווען איינגעוואָרצעלט און ניט איינמאל האָט מען געמוזט בייטען די היים, איינמאל נאָך דעם צווייטען.

ווען דאָס קריסטענטום האָט אויסגעשפרייט איהרע פליגעל, האָבען די אידען דאָס באלד דערפיהלט. עס האָבען זיך אָנגעפאנגען גזרות פון שמד און דאָס פארשפרייטען זיך פון פארשידענע בלבולים. שוין דאמאָלס זיינען אידען ניט געווען רוהיג צווישען זייערע ניט אידישע שכנים און זעהר אָפט זיינען זיי ניט געווען זיכער מיט דעם לעבען.

יענע צייט איז אָבער ניט געווען צוגעפאַסט פאר קיין באפרייאונגס באוועגונג. צו נאָהענט איז געווען דער לעצטער דורכפאל און צו שטארק איז געווען דער גלויבען, אז דער באפרייער וועט זיך באוויייזען, ווען די צייט וועט קומען. צופיעל האָט מען פארזאָגט געגען צואיילען די גאולה און צו שוואך איז געווען דער גלויבען אין די אייגענע כחות.

איז דאָס דארום פארשטענדליך, ווארום אין דעם ערשטען טויזענד יאָהר פון דעם אידישען גלות לעבען, זיינען ניט אויפגעשטאנען קיין משיחים וועלכע האָבען אויסגעאיבט א ווירקונג אויף גרויסע מאסען און די וואָס האָבען זיך באוויזען און קיין ערפאָלג ניט געהאט, זאָלען אוועק אינגאנצען פון דעם אידישען לעבען און זייערע יורשים זאָלען ווערען אָן אָבגעזונדערטע סעקטע.

פון דעם ערשטען טויזענד יאָהר פון אונזער גלות לעבען זיינען אונז באקאנט צוויי משיחים: שריני און אבו עיסי, וועלכע זיינען ביידע אויפגעשטאנען אונטער דער הערשאפט פון ישמעאל, אין דעם אכטען יאָהרהונדערט, ווען מחמד׳ס תורה איז שוין געווען פארשפרייט אין דעם גאנצען מזרח און די אידען אין די דאָזיגע לענדער, איז אויסגעקומען צו ליידען פון דער הערשאפט פון די קינדער פון ישמעאל.

אין דעם זיבטען יאָהרהונדערט זייגען אויפגעשטאנען די ערשטע פיטנים ווי יוסי בן יוסי און רבי אלעזר הקליר, וועלכע האָבען אין זייערע פיוטים דערמאָנט דאָס אידישע לעבען אין דער צייט, ווען דאָס פאָלק איז נאָך געווען פריי און זעלבסטשטענדיג אין זיין היים און אויך ארויסגעבראכט די בענקעניש צו

יענעם לעבען. אידען אין פאַרשידענע לענדער האָבען אָנגעפאַנגען זוכען א פאַר־בינדונג איינע מיט די צווייטע. די אונטערדריקונגען פון די נייע הערשער, האָבען נאָך פאַרשטאַרקט די שטרעבונג צו אן אייגענעם לעבען — און דער מאָמענט האָט אָנגעפאַנגען רייף ווערען פאַר א משיחישער באַוועגונג, ווען עס זאָל געווען אויפשטעהן אן אמת גרויסע פּערזענליכקייט.

## דער פאַלשער משיח שריני

שריני איז אויפגעשטאַנען אין סיריען, אין דעם יאהר 720, אין דער צייט פון דעם כאַליף עמר דער צווייטער, וועלכער האָט זעהר שטאַרק אונטערדריקט די אידען און די קריסטען אויף וועמען ער האָט געוואָלט אַרויפצווינגען זיין רעליגיע. איינע פון זיינע גזרות איז געווען, אז מען זאָל ניט לאָזען די אידען און די קריסטען בויען זייערע אייגענע געבעט־הייזער און מען זאָל בלויז לאָזען עקזיסטירען די וואָס זיינען שוין פאַראַן פון פריהער.

שריני האָט פאַרשפּראָכען אומצוקעהרען די אידען קיין ארץ ישראל, נאָכדעם ווי ער וועט פון דאָרט אַרויסטרייבען די מחמד׳אַנער און ווייל די אידען האָבען געוואַרט פאַר אן אויסלייזער, האָט ער די ערשטע צייט געפונען פיעל צוהערער, וועלכע האָבען געגלויבט זיין וואָרט.

שריני האָט אָבער געוואָלט אויסלייזען די אידען ניט בלויז פון דעם כאַליף, נאָר אויך פון דעם עול פון דעם תלמוד און ער האָט דערפאַר מבטל געווען אלע תפלות וואָס זיינען געווען איינגעפיהרט ביי אידען, אָבגעשאַפט דעם צווייטען טאָג יום טוב וואָס ווערט געהאַלטען אין גלות און אַנדערע דינים און מנהגים. (עס איז כדאי צו באַמערקען, אז מיט מעהר ווי טויזענד יאָהר שפּעטער, האָט שבתי צבי געוואָלט טהאָן דיזעלבע זאַך). עס איז דאַרום גאַנץ מעגליך, אז פיעל האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין שריני׳ן, בלויז צוליעב דעם, וואָס ער האָט זיי באַפרייט פון א עול, וואָס איז פאַר זיי געווען שווער צו טראָגען.

שריני׳ס נאָמען איז דערווייל באַקאַנט געוואָרען צווישען אידען איבער דער וועלט און אין שפּאַניען האָבען אידען געוואָלט פאַרלאָזען זייערע היימען און קומען צו איהם, ניט קוקענדיג, וואָס בלויז מיט עטליכע יאָהר צוריק, האָבען זיך די דאָרטיגע אידען געפרעהט מיט דעם זיעג פון די מחמד׳אַנער איבער די קאַ־טאָליקען.

דער סוף פון דעם דאָזיגען משיח איז געווען, אז ער איז געפאַנגען געוואָרען און מען האָט איהם געבראַכט פאַר דעם כאַליף יזיד, וואָס האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דעם כאַליף עמר דער צווייטער און ווען מען האָט איהם גענומען אויס־

פרעגען וועגען זיין טעטיגקייט, האָט ער ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען און ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער מאכט שפּאס פון די אידען, ווען ער האָט גע־וואָלט פאַרפיהרען. דער כאַליף האָט איהם דאַן איבערגעגעבען אין אידישע הענד, אַז זיי זאָלען מיט איהם טהאָן, ווי זיי דיינקען אז ער האָט זיך פארדינט און אזוי ארום האָט זיך פארענדיגט די גאנצע באוועגונג, וואָס האָט אָנגעהאלטען לערך דריי יאָהר צייט.

פיעל פון שריני'ס אנהייגנער האָבען דאַן חרטה געהאט אויף זייער שריט און זיי האָבען באשלאָסען זיך צוריקקעהרען צו זייער פאָלק, נאָכדעם ווי זיי האָבען אין דער עפענטליכקייט פארשוועכט די אידישע דינים. די אידישע פיה־רער אין סיריען האָבען אָבער ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן מיט זיי, צי מען זאָל אָננעהמען זייער תשובה און ווען יא, צי דארף מען זיך מיט זיי אויפפיהרען ווי מיט ניט אידען, וואָס ווילען זיך מגייר זיין און דארפען האָבען טבילה, אָדער ניט? זיי האָבען זיך דארום געווענדעט צו רב נטרונאי גאון דער ראש מתיבתא פון פומבדייתא און ער האָט זיי דערויף געענטפערט:

— אזעלכע מענשען איז בעסער זיי מקרב זיין איידער זיי פאר־שטויסען. נאָכדעם ווי זיי וועלען קריגען מלקות אום צו פארגעבען אויף זייערע זינד און זיי וועלען תשובה טהאָן מיט ודוי און פאר־שפּרעכען מעהר ניט צו זינדיגען זיינען זיי ווי פאָלקאָמענע אידען. און דאָס וואָס איהר האָט געשריבען, מיר וועלען זיי משפּט'ן ווי קדריים און תרמדיים, ווי אזוי קען מען פארגלייכען איינעם צום צווייטען? די זיינען פון די „זיבען פעלקער" און די זיינען פון אידען. (שו"ת שערי צדק, תשובה ז, דף י').

דאָס זיינען אַלע פאקטען וואס זיינען באקאנט פון דעם דאָזיגען משיח, וועלכער האָט געוואָלט צוזאמענמישען די אויסלייזונג פון אידען, מיט דעם אָב־זאָגען זיך פון דער גייסטיגער ירושה, וואָס איז אין יענער צייט געווען אפשר די איינציגע זאך, וואָס האָט אָנגעהאלטען די צושפּרייטע אידען ביי זייער פאָלק. קיין ווייטערדיגע נאָכפאָלגער האָט דער משיח ניט געהאט און זיין נאָמען איז באלד פארגעסען געווארען.

## עבדיה
## אבו-עיסי

פון דעם משיח שריני איז ניט געבליבען קיין זכר, אן אנדער מזל האָט אָבער געהאט א צווייטער משיח, וואָס איז אויפגעשטאנען א קורצע צייט נאָך

איהם. אויך ער איז דורכגעפאלען און ניט באוויזען אויסצולייזען די אידען פון דעם גלות ישמעאל. ער איז אָבער אומגעקומען ווי א קדוש און זיין נאָמען ווערט דערמאָנט מיט א געוויסען דרך ארץ.

דער נאָמען פון דעם דאָזיגען משיח, וועלכער איז אויפגעשטאנען אין מיטען פון אכטען יאָהרהונדערט אין פערסיע איז געווען, עבדיה אבו־עיסי אסחאק בן יעקב אלאספהאני, אויף דעם נאָמען פון דער שטאָדט איספאהן, אין פערסיע. ער איז ניט געווען קיין עם הארץ, האָט געקאָנט אפילו תלמוד און משנה און ארויסגעבראכט זיינע מיינונגען אין שריפט. (אנדערע ווילען האָבען, אז ער איז געווען א פשוט׳ער שניידער און האָט אפילו ניט געקאָנט לעזען און שרייבען און זיינע אנהייגער האָבען געגלויבט, אז ער האָט געשריבען זיינע ספרים דורך דעם רוח הקודש). דאָס וואָס עס האָט מיט איהם געשעהן א נס, אז ער האָט זיך אוועקגעלעגט אויף זיין בעט א קרעציגער און איז אויפגעשטאנען געזונד, איז פאר איהם געווען א צייכען, אז ער איז געשיקט פון גאָט, אָנצוזאָגען אז עס איז נאָהענט דער טאָג פון דער אידישער אויסלייזונג און אז ער דארף צוגרייטען דעם וועג פאר דעם משיח.

אבו־עיסי האָט געגלויבט, אז איידער משיח וועט קומען וועלען זיך פריהער באווייזען פינף אָנזאָגער פון דער גאולה און ווער עס וועט קומען שפעטער, דער איז וויכטיגער. ער האָט זיך געהאלטען פאר דעם לעצטען פון די פינף און שפע־טער האָט ער אפילו געוואָלט מאַכען גלויבען, אז ער אליין איז דער אויסלייזער.

דער דאָזיגער משיח האָט ניט געגלויבט, אז די אידישע גאולה וועט קומען אויף אן אומנאטירליכען וועג. ער איז געווען ביי דער מיינונג, אז מען וועט דארפען פיהרען א מלחמה. האָט ער אָרגאניזירט אן ארמעע פון זיינע אנהענגער און איז געוואָרען זייער פיהרער. ער האָט אויסגענוצט די גלעגענהייט פון דעם בירגער קריעג, וואָס איז דאן אָנגעגאנגען צווישען די כאַליפען אין פערזיען און ער האָט זיך געשטעלט מיט זיין ארמעע אויף דער זייט פון די רעוואָלטי־רענדע גרופען. זיינע אנהענגער האָט ער דערצעהלט, אז עס איז נויטיג צו פאר־לאָזען פערסיע, אום מען זאָל אויפזוכען די בני משה און זיי אויך אויפפאדערען מיטצוהעלפען אין דעם דאָזיגען קאמף.

קומענדיג אָבער אין דעם געגענד ראי האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אין דער ארמעע פון איינעם פון די וואָס האָבען געפיהרט אן אויפשטאנד געגען דעם הערשענדען כאליף און ווען יענער איז באזיעגט געוואָרען האָבען די אידען פון אבו עיסי׳ס גרופע, ארום צעהן טויזענד אין צאָהל, ארויסגעוויזען גרויס העל־דישקייט. וועגען דער דאזיגער מלחמה ווערען דערצעהלט גרויסע וואונדער. אז אבו עיסי, וועלכער האָט אליין אָנגעפיהרט מיט דער ארמעע, האָט מיט א צווייג

פון א בוים געמאכט א צירקעל ארום זיין ארמעע און זיי פארזיכערט, אז כל זמן זיי וועלען ניט ארויסגעהן פון דעם צירקעל, וועט מיט זיי ניט געשעהן קיין שלעכטס. ער אליין איז אָבער יא ארויסגעקומען און זיך געווארפען אויף די מחמד'אנער און פון זיי פיעלע געטויטעט. שפעטער איז ער אָבער אליין געפאלען אין דער מלחמה. די אידען פון איספאהן האָבען נאָכדעם געמוזט אָבקומען די שטראָף פון דעם אויפשטאנד.

אבו עיסי האָט באמת געגלויבט, אז ער וועט אויסלייזען די אידען פון זייער שווערען גלות און איז געווען דערפאר גרייט אויף די גרעסטע קרבנות. דאָס איז אפשר די אורזאכע, וואָס זיינע אנהענגער האָבען זיך אָרגאניזירט אין א גרופע אויף נאָך זיין טויט און עקזיסטירט פאר עטליכע הונדערט יאהר און וואס ער איז ניט דערמאָנט געוואָרען מיט אזוי פיעל גרינגשעצונג ווי דער פריהערדיגער משיח שריני.

ווי שריני האָט אויך אבו עיסי געוואלט אריינברייגען ענדערונגען אין דעם אידישען רעליגיעזען לעבען. ער איז ניט געגאנגען אזוי ווייט ווי אפלייקענען דעם תלמוד, ער האָט אָבער ניט געהאלטען פון פיעל מצות. זיינע אנהענגער האָבען אָבגעהיט קריאת שמע און תפלה, זיי האָבען אָבער געדאווענט זיבען מאָל א טאג; עס איז ביי זיי אינגאנצען פארבאטען געווארען צו גט'ן זיך, נאָר ווען דער מאן אָדער די פרוי האָבען פארראטען איינער דעם צווייטען; זיי האָבען ניט געטרונקען קיין וויין און ניט געגעסען קיין פלייש און נאָך אנדערע אזעלכע זאכען. בכלל איז אין זייערע מנהגים אריינגעבראכט געווארען עטוואס פון דעם קריסטענטום און פון דער מוסולמאנישער רעליגיע. עבדיה אבו עיסי האָט אין זיינע נבואות געזעהען יעזוס'ן און מחמד'ן, אז זיי פארנעמען א פלאץ צווישען די נביאים.

געוועהנליך, אז די דאָזיגע ענדערונגען האָבען אָבגעהאלטען פיעל אידען פון גלויבען אז אבו עיסי, איז באמת דער אידישער אויסלייזער. שוין דאן איז אין דעם אידישען לעבען באפעסטיגט געוואָרען דאָס גלויבען, אז מען טאָר ניט אָבווענדען רעכטס אָדער לינקס און יעדער דין און מנהג וואָס ווערט פארשוועכט, פיהרט צו דער אָבשוואכונג פון אידישקייט, ווייל דאָס איז שוין געווארען דער יסוד פון אידישען לעבען, נאָך א גלות פון זעקס־זיבען הונדערט יאָהר.

אבו עיסי איז אומגעקומען אין דער מלחמה, וואָס ער האָט געפיהרט מיט דעם גלויבען, אז נאָכדעם ווי עס וועט פאלען די הערשאפט פון דעם כאליף, וועט געשאפען ווערען די מעגליכקייט פאר די אידען זיך אומצוקעהרען קיין ארץ ישראל און דאָרט אויפשטעלען זייער איינגעפאלענע היים. זיין טויט האָט ביי זיינע אנהענגער ארויסגערופען א פארלאנג אָנצוהאלטען זיין גלויבען און עס האָט זיך

ביי זיי געשאפען די לעגענדע, אז ער איז ניט אומגעקומען אין דער מלחמה, נאָר אז ער געפינט זיך אין א פארבאָרגענער הייל און ווען עס וועט קומען דער טאָג פון דער אויסלייזונג, וועט ער זיך באווייזען און וועט ווערען דער אויסלייזער.

זיינען אנהענגער האָבען געטראגען זיין נאָמען און זיך גערופען די עסיים.

# יודגאן פון האמאדאן

צום סוף פון אכטען יאָהרהונדערט איז אויפגעשטאנען אבו עיסי'ס א **תלמיד** מיט דעם נאָמען יודגאן (אָדער יהודה הפרסי) פון האמאדאן, אין פערסיען. **ער** אליין האָט ניט געזאגט אז ער איז משיח, נאָר אז ער דארף צוגרייטען פאר איהם דעם וועג, זיינע אנהענגער האָבען איהם אָבער שפעטער געקרוינט פאר משיח'ן און נאָך זיין טויט האָבען זיי אויך געגלויבט אין איהם, זייענדיג זיכער אז ער וועט זיך באווייזען צווישען די לעבעדיגע, ווען ער וועט ברייגגען א נייע תורה, פונקט ווי די מחמד'אנער גלויבען אז זייער נביא וועט זיך נאָך אמאָל באווייזען צווישען די לעבעדיגע. יודגאן איז געווען א פאסטוך, איידער ער איז אנטפלעקט געוואָרען.

יודגאן האָט געוואלט באווייזען, אז דער מענש האָט א פרייען אויסוואהל דאָס וואָס אלע זיינע מעשים זיינען פון פריהער אָן באקאנט פאר גאָט איז נאָך ניט קיין באווייז אז דאָס מוז זיין אזוי. ווייל אויב יא, ווארום זשע קומט דעם מענש שכר און ענש? ווען דער מענש איז דער בעל הבית איבער זיינע מעשים, דאן איז פארשטענדליך אז ער דארף ערווארטען, אז ער זאָל קריגען באצאָהלט פאר זיינע גוטע און פאר זיינע שלעכטע מעשים.

ווי זיין רבי אבו עיסי, האָט אויך יודגאן פארזאָגט זיינע אנהענגער, אז זיי זאָלען ניט טרינקען קיין וויין און ניט עסען קיין פלייש און פאסטען פיעל תעניתים. דערפאר אָבער האָט ער געזאגט, אז שבת און יום טוב איז ניט קיין חיוב אָבצוהיטען אין גלות און מיר טהוען דאָס בלויז אלס אן אנדענק צו דעם, וואָס אונזערע עלטערען האָבען געטהאָן.

מיט מעהר ווי הונדערט יאהר נאָך יודגאן'ס טויט האָט זיך נאָך געפונען אין פערסיען א קליינע גרופע פון זיינע אנהענגער, וואָס האָבען ארויסגעקוקט אויף זיין ענטפלעקונג און זיי האָבען זיך שפעטער אויסגעמישט צווישען זייערע שכנים, די מחמד'אנער.

עס איז ניט באקאנט פון קיין אקטיווען פארזוך וואָס יודגאן זאָל געווען האָבען געמאכט צו ברייגגען צוריק די אידען קיין ארץ ישראל. עס ווערט אויך ניט אָנגעוויזען, אז ער זאָל געווען צווישען זיינע אנהענגער איינפלאנצען דעם

געדאנק פון אידישער אויסלייזונג אין פארבינדונג מיט ארץ ישראל. ער איז אזוי ארום געווען בלויז א „גייסטיגער" משיח, וואס האט געוואלט צוגרייטען דאס פאלק, אז עס זאל זיין ראוי אויפצונעהמען דעם אמת'ן אויסלייזער, ווען ער וועט זיך באווייזען, ער פון זייט איז ניט געווען דער אמת'ער משיח.

## ר' שמעון בן יוחאי

אין דער צייט ווען אבו עיסי האט געוואלט פיהרען די אידען צו זייער באפרייאונג, דורך א קאמף מיט דעם כאליף, האט זיך אין ארץ ישראל באוויזען א ספר וועגען דעם ווי אזוי משיח וועט זיך ענטפלעקען און וועגען דער נאהענטער גאולה. דאס איז אפשר געווען דער ערשטער צווישען די מיסטישע ספרים וואס האבען נאכדעם נאכגעפאלגט און זיין נאמען איז — **נסתרות דרבי שמעון בן יוחאי.**

דער תנא ר' שמעון בן יוחאי איז גענומען געווארען פון פיעל מיסטיקער אלס דער אנזאגער פון דער גאולה און צו איהם ווערט אויך צוגעשריבען דער זהר, אויך אנדערע פארפאסער פון מיסטישע ספרים האבען געגלויבט, אז עס איז בעסער צו רופען דעם נאמען פון דעם דאזיגען תנא אויף זייערע ווערק.

די אורזאכע וואראום ר' שמעון בן יוחאי איז אויסגעקליבען געווארען פון די מיסטיקער אלס זייער רבי, איז אפשר דאס, וואס ער איז שטארק גע'רודף'ט געווארען פון דער רוימישער מלוכה, ווי זיין רבי ר' עקיבא און ער האט זיך ניט געשראקען ארויסצוזאגען, וואס ער האט געדיינקט וועגען דער רעגירונג. ווען מען האט זיך דערפון דערוואוסט און מען האט איהם געוואלט טויטען, איז ער אנטלאפען און זיך אויסבאהאלטען אין א הייל דרייצעהן יאהר צייט. דארט האט ער מיט זיין זוהן אלעזר געלערענט תורה די גאנצע צייט. (שבת ל"ד).

און ווייל ר' שמעון איז געווען א „מלומד בנסים", איז ער שפעטער, ווען ער איז ארוים פון דער הייל און עס איז ארויסגעגעבען געווארען א נייע גזרה אויף אידען, געשיקט געווארען קיין רוים, מבטל צו זיין די גזרה. (מעילה יז').

אט דאס וואס ער איז געזעסען אין דער הייל אבגעזונדערט פון מענשען פאר דרייצעהן יאהר צייט און האט זיך אבגעגעבען מיט תורה, האט געווירקט אויף די אלע מיסטיקער, אז עס זאל צו איהם צוגעשריבען ווערען פארשידענע סודות פון דער תורה, וואס זיינען פריהער ניט ארויסגעגעבען געווארען צו קיין מענש. אזוי ווערט צו איהם אויך צוגעשריבען די ענטפלעקונג וועגען משיח, וואס האט זיך באוויזען אין ארץ ישראל אין יאהר 750.

אויב די דאזיגע ענטפלעקונג האט געהאט א דירעקטע ווירקונג אויף אבו

עיסי'ס באוועגונג איז שווער צו זאָגען. זי איז אָבער ווארשיינליך אויסגענוצט געוואָרען און מען האָט אין דעם געזעהן א געוויסען צייכען, אז די גאולה איז טאקע נאָהענט.

און אָט וואָס עס ווערט דערצעהלט אין דעם דאָזיגען מיסטישען ספר:

ווען רבי שמעון בן יוחאי איז געווען אין דער הייל, האָט ער תפלה געטאָן פערציג טעג און פערציג נעכט און באלד האָבען זיך צו איהם באוויזען די גע־היימניסען פון „קץ" און ער האָט וועגען דעם אָנגעפאנגען דרש'נען. ווען ער האָט געזעהן, אז עס וועט נאָך אָנקומען די הערשאפט פון ישמעאל איבער אידען, האָט ער געזאגט: איז דען ניט גענוג פאר אונז וואס מיר האָבען געהאט אויס־צושטעהן פון דער הערשאפט פון אדום, דארפען מיר נאָך האָבען מלכות ישמעאל? האָט איהם מטטרון שר הפנים געזאגט, ער זאָל זיך ניט שרעקען, ווייל עס וועט דערפון ארויסקומען א ישועה פאר אידען, צוליעב דעם וואָס ישמעאל וועט באזיגען אדום און עס וועט צווישען זיי הערשען א גרויסע שנאה.

אן ר' שמעון דערצעהלט ווייטער אין נאָמען פון זיין רבי'ן ר' ישמעאל, ווי אזוי די מלכות ישמעאל וועט פארניכטען אדום'ן און נאָכדעם ווי יעדער איינער פון איהרע הערשער, די כאליפען, וועלען זיך באציהען צו אידען און נאָכדעם, צום סוף פון דער הערשאפט פון ישמעאל, וועלען זיי שווער מאכען דעם יאָך איבער די אידען און וועלען ארויסגעבען שווערע גזרות — און דאָס וועט זיין דער סוף פון די אידישע צרות און דאן —

— וועט אויפשטעהן משיח בן יוסף און וועט זיי ברייגגען קיין ירושלים און וועט בויען דעם בית המקדש און וועט מקריב זיין קרבנות, וועלכע וועלען באוויליגט ווערען. אויב די אידען וועלען ניט זוכה זיין וועט קומען משיח בן אפרים (בן יוסף?) און אויב זיי וועלען יא זוכה זיין, וועט קומען משיח בן דוד.

דאמאָלס וועט אויפשטעהן א מלך רשע און זיין נאָמען וועט זיין ארמילוס, א פליכעוואטער און מיט קליינע אויגעלאך, טויב אויף דעם רעכטען אויער. אויב א מענש וועט צו איהם רעדען גוטס, וועט ער ארויסשטעלען דעם טויבען אויער און ווען מען וועט צו איהם רעדען שלעכטס, וועט ער ארויסשטעלען דעם הע־רענדיגען אויער; ער איז דער זוהן פון זאמד און שטיינער און ער וועט פיהרען א קאמף מיט משיח בן יוסף. אידען וועלען פארטריבען ווערען אין די מדבריות פאר פינף און פערציג טעג און משיח בן יוסף וועט דאָרט שטארבען.

משיח בן דוד וועט זיך דאן אנטפלעקען און אידען וועלען איהם וועלען פארשטיינען, ווייל זיי וועלען טענה'ן, אז משיח איז שוין געטויטעט געוואָרען און קיין אנדערער וועט מעהר ניט אויפשטעהן. וועט ער פארשווינדען און ווען עס וועט אידען ווערען זעהר שלעכט, וועלן זיי שרייען פון הונגער און פון דורשט און גאָט אליין וועט זיך צו זיי באווייזען. משיח וועט דאמאָלס נאָך אמאל

ארויסקומען און וועט א בלאָז טהאָן אויף ארמילוס הרשע און וועט איהם טויטען. נאָט אליין וועט צוזאמענברייננגען די אידען קיין ירושלים. עס וועט ארונטער־קומען א פייער פון הימעל און וועט פארברענען ירושלים און אויסרייניגען פון איהר אלע אומריינע און עס וועט ארונטערקומען פון הימעל א נייע פאָלקאָמענע ירושלים, וועלכע וועט האָבען צוויי און זיעבציג פערל און זיי וועלען שיינען פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטען און די גאנצע וועלט וועט קומען צו זייער שיין און א געבויטער היכל וועט אויך ארונטערקומען פון הימעל און ער וועט זיין באהעפט אין דער כסא הכבוד און אידען וועלען זיצען רוהיג צוויי טויזענד יאָהר.

צו דער ענדע פון צוויי טויזענד יאהר וועט גאָט זיצען אויף דער שטוהל פון דין און וועט משפט'ן אלע פעלקער און זיי וועלען פאר'משפט ווערען צו גיהנם און די אידישע פושעים וועלען אויך פארברייננגען צוועלף חדשים אין גיהנם און נאָכדעם וועלען זיי פון דאָרט ארויסגענומען ווערען, ווייל דאָס אידי־שע פאָלק וועט זיין אינגאנצען צדיקים.

אָט אזוי איז אין דער דאָזיגער אנטפלעקונג, וועלכע ר' שמעון בן יוחאי האָט געזאלט געווען זעהן אין דער צייט ווען ער האָט זיך געפונען אין דער פארבאָרגענער הייל, אנגעוויזען געוואָרען אויף דער געשיכטע פון דער הערשאפט פון ישמעאל. עס האָט ווירקליך געשטימט מיט די פאקטען. די אלע כאליפען יועגען וועלכע עס ווערט אין דער דאזיגער נבואה גערעדט, זיינען אויפגעשטאַ־נען און זייער באהאנדלונג צו אידען איז געווען אזעלכע, ווי זי איז פאָראויסגע־זאגט געוואָרען. אין דעם יאָהר 750 איז געפאלען מירואן דער צווייטער, דער לעצטער פון דעם קעניגרייך פון אומאייה, וועלכער האָט אָנגעטאָן די אידען גרויסע צרות און ארויסגעגעבען שלעכטע גזרות.

אין די שפעטערדיגע יאָהרען, האָבען ניט בלויז מיסטיקער, נאָר אויך די וואָס האָבען געוואלט אויסרעכענען לאָגיש דעם „קץ", ווי ר' סעדיה גאון און רב האי גאון, געשענקט פיעל אויפמערקזאמקייט דער דאָזיגער נבואה און געזוכט אין איהר צו געפינען אן אנדייטונג, וועלכע זאָלען זיין געשטיצט אויף היסטאָ־רישע פאקטען און זאָל קענען פיהרען צו דער אויסרעכנונג פון דעם טאג פון דער אידישער גאולה.

די פאקטען וואָס ווערען ארויסגעבראכט אין דער דאָזיגער אנטפלעקונג, מאכען צום גלויבען, אז זי איז געשריבען געוואָרען אין מיטען פון אכטען יאָהר־הונדערט, פון איינעם וואָס איז געווען גוט באקאַנט מיט דער אנטוויקלונג פון דער הערשאפט פון ישמעאל און וועלכער האָט דאָס אויסגענוצט צו פארשטאַר־קען די אידישע האָפנונג פאר א שנעלער אויסלעזונג. אום צו געבען מעהר אויטאָריטעט צו דער דאָזיגער ענטפלעקונג, איז דערויף אָנגעגעבען געוואָרען

דער נאָמען פון ר׳ שמעון בן יוחאי.

עס דאַרף נאָך באַמערקט ווערען אַז די שפּראַך אין וועלכער זי איז גע־
שריבען איז זעהר פאַרכאַפּענד און די בילדער לאָזען איבער אַ טיפען איינדרוק.
דער וואָס האָט דאָס געשריבען איז זיכער געווען אַ מענש מיט אַ גרויסער פאַנ־
טאַזיע.

אבו עיסי וואָס האָט געפיהרט די מלחמה געגען דער הערשאַפט פון ישמעאל
האָט זיכער געקאָנט געפינען אין דער דאָזיגער אַנטפּלעקונג אַ רמז, אַז ער איז
דער משיח בן יוסף וואָס וועט דאַרפען פיהרען די מלחמה און צוגרייטען דעם
וועג פאַר משיח בן דוד. ער האָט דאָך מעהר ווי דאָס ניט געזאָגט וועגען זיך.

ה.

# משיחישע אויסרעכנונגען פון די גאונים

די „אבלי ציון" אין ירושלים. — רב סעדיה גאון און זיין בילד פון אידישער אויסלייזונג. — ווי אזוי רב האי גאון האט געזעהן די גאולה. — חסדאי אבן שפרוט און דער מלך פון די כוזרים. — א משיחישע אנטפלעקונג אין רוים. — ספר זרבבל.



י משיחישע באוועגונגען וואס זיינען אויפגעשטאנען אין דעם אכטען יאהרהונדערט האבען איבערגעלאזט א טיפע ענטוישונג, צוליב דעם וואס זייערע אנהענגער זיינען אוועק אלץ ווייטער פון דעם אידישען לעבען און האבען פיעל בייגעשטייערט צו דער גרינדונג פון דער נייער סעקציע — די קראים.

ענטוישט זיינען געווארען די אידען אין די באוועגונגען, אבער ניט אין דעם אידעאל. דער פאדים פון משיחישער בענקעניש איז ניט איבערגעריסען געווארען. אויב עס האט זיך ניט אויסגעדריקט אין אקטיווע מעשים, איז דאס אבער ארויסגעבראכט געווארען אין דער ליטעראטור. עס האט באשעפטיגט דעם אידישען מח. מען האט געזוכט און געפארשט דעם טאג פון אידישער אויס־לייזונג.

אזוי זעהען מיר ווי צוויי פון דעם לעצטען דור פון די גאונים, רב סעדיה און רב האי, מאכען א פארזוך אויסצורעכענען דעם „קץ", ניט קוקענדיג דערויף, וואס שוין די חכמי התלמוד האבען אויסגעדריקט אומצופרידענהייט מיט די דאזיגע אויסרעכענונגען און רב יהודה האט באהויפטעט, אז „עס האבען זיך

געענדיגט אלע „קצין" און דאָס קומען פון משיח'ן איז בלויז אנגעוועגדעט אין תשובה און מעשים טובים." (סנהדרין צז').

אין דער זעלבער צייט באווייזען זיך אויך אנדערע סמנים אין דער ליטעראַטור, וואָס זאָגען עדות אויף דעם טיפען גלויבען אין א משיחישער אויסלייזונג, וואס איז געווען איינגעווארצעלט ביי אידען, ניט בלויז ביי די וואס זיינען פארבליבען אין מזרח, נאָר אויך ביי די וואס זיינען צושפּריט געווארען אין פארשידענע לענדער איבער דער וועלט.

אין ירושלים האָט זיך אין דעם ניינטען יאָהרהונדערט געפונען א גרופּע מיסטיקער, מיט דעם נאָמען „אבלי ציון", וועלכע האָבען געוואלט דערנעהענטערען די גאולה דורך שטענדיגער תפלה און דינען גאָט. צוליב דעם וואָס די דאָזיגע מענשען זיינען געווען אבגעזונדערט פון געזעלשאפטליכען לעבען און בכלל בעלי חלומות, האָבען די אנדערע אידען פון זיי געמאכט שפּאס. דער מסדר פון דער „פסיקתא רבתי", האָט דערפאר געשטראָפט די אידען און זיי געזאגט, אז עס וועט אויף זיי אנקומען א גרויסע צרה.

פון דער דאָזיגער גרופּע „אבלי ציון" זיינען ארויסגעקומען פיעל אויסרעכנונגען פון „קץ", ווייל מעהר ווי אנדערע אידען זיינען זיי געווען אריינגעטאָן אין דער פראגע פון משיחישער אויסלייזונג.

## רב סעדיה גאון

רב סעדיה גאון (892—942), וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבען געבויעט די אידישע רעליגיעזע פילאָזאָפיע אויף דעם יסוד פון תנ"ך, ווידמעט צוויי פרקים פון זיין באריהמטען ווערק „אמונות ודעות", צו דער פראגע פון אידישער אויסלייזונג. דער זיבעטער מאמר פון דעם ספר איז געווידמעט „תחית המתים" און דער אכטער מאמר דער „גאולה אחרונה" (לעצטער אויסלייזונג).

רב סעדיה מאכט א פארזוך צו הארמאָנירען די פארשידענע פסוקים אין דניאל, וועלכע האָבען צו טהאָן מיט דעם „קץ" און אָנצייגען, אז עס איז ניט פאראַן קיין ווידערשפרוך צווישען זיי. פון זיין אויסרעכנונג איז ניט קלאָהר, וועלכען יאָהר ער האָט ערווארטעט משיח. עס איז אָבער אָנגענומען אז ער איז געווען זיכער, אז עס וועט נאָך זיין פאר זיין לעבען און געוויסע אויסרעכנונגען צייגען, אז ער האָט זיך באצויגען אויף דעם יאָהר 968, אלס דאָס משיח יאָהר.

ער שטיצט זיך אויף די חכמי התלמוד וואָס זאָגען, אז עס זיינען פאראַן צוויי צייטען פאר דעם קומען פון משיח. אויב אידען וועלען תשובה טהאָן וועט

די אויסלייזונג קומען פריהער און אויב ניט, וועט מען מוזען ווארטען אויף דעם „קץ.״ מען דארף אָבער ניט אויפגעבען די האָפנונג, הגם א פרעמדער קען דאָס ניט פארשטעהן.

— ווער עס זעהט אונז אין דעם דאָזיגען ענין (אין אונזער גלוי־בען) וואונדערט זיך, אָדער ער האלט אונז פאר נאראָנים, ווייל ער איז ניט געפרואווט געוואָרען אין דעם וואָס מיר זיינען געפרואווט געוואָרען און ער האָט ניט געגלויבט אין דעם וואָס מיר האָבען גע־גלויבט. ער איז געגליכען צו דעם וואָס האָט קיינמאָל ניט געזעהן ווי מען פארזייט ווייץ, ווען ער דערזעהט אז אימיצער ווארפט אריין די ווייץ אין דער ערד, האלט ער איהם פאר א נאר און ער זעהט ניט איין, אז ער איז גאָר דער נאר, ביז דער צייט פון שניט, ווען די ווייץ ברייננט אריין צוואנציג און דרייסיג מאָל אזויפיעל.״
(„אמונות ודעות״ מאמר „גאולה אחרונה״).

געגען די וואָס גלויבען, אז די משיחישע האָפנונג האָט שוין מעהר ניט קיין יסוד אין תנ״ך, ווייל אלע נביאישע פארשפרעכונגען זיינען שוין פארווירקליכט געוואָרען אין דער צייט, ווען אידען האָבען זיך אומגעקעהרט פון בבל און עס איז אויפגעשטעלט געוואָרען דער צווייטער בית המקדש, שטעלט ער אַרויס פופצעהן ארגומענטען, געשטיצט אויף פארשידענע פסוקים אין תנ״ך, אז די פארשפרעכונגען זיינען נאָך ניט פארפילט געוואָרען און אזוי ארום דארפען זיי ערשט קומען אין דער צוקונפט. דורך פארשידענע אויסרעכנונגען פון די יאָהרען שלאָגט ער אויך אָב די באהויפטונג, אז דער „אותו האיש״ איז געווען דער אויסלייזער און אויף איהם זיינען אָנגעווענדעט די פסוקים אין תנ״ך.

רב סעדיה איז, ווי עס שיינט, געווען שטארק בעאיינפלוסט פון דער ענט־פלעקונג פון ר׳ שמעון בן יוחאי און ער ווייזט אָן, אז אויב משיח וועט קומען פאר דער צייט, צוליב דעם וואָס אידען וועלען תשובה טהאָן, וועט זיך גלייך באווייזען משיח בן דוד. אויב אָבער ער וועט ערשט קומען אין דער באשטימטער צייט, וועט פריהער קומען משיח בן יוסף.

און אָט ווי ער שטעלט דאָס פאָר:

— און עס וועט אויפשטעהן א מאַן פון די בני יוסף אין גליל און עס וועלען זיך צו איהם פארזאמלען פיעלע פון אונזער פאָלק און ער וועט געהן צו דעם בית המקדש, וואָס וועט זיין אין אדום׳ס רשות און וועט דאָרט פארבלייבען מיט זיי א לענגערע צייט. דאן וועט אויפשטעהן א מלך, וועמעס נאָמען עס וועט זיין ארמילוס און ער

וועט מלחמה האלטען און באזיגען די שטאָדט און ער וועט טויטען, פאַנגען און פייניגען און דער מאן פון דעם שבט יוסף וועט זיין צוויי־שען די געטויטעטע. אונזער פאָלק וועט דאן אויסשטעהן גרויסע צרות און דאָס ערגסטע וועט זיין, וואָס זיי וועלען פארלירען אין די אויגען פון אלע פעלקער און מען וועט זיי פארטרייבען אין די מדבריות, וואו זיי וועלען הונגערן און ליידען דורשט. פון גרויסע צרות וועלען פיעלע פון זיי פארלאָזען זייער תורה און עס וועלען בליי־בען די געלייטערטע און גערייניגטע און דאן וועט זיך באווייזען אליהו און עס וועט קומען די גאולה.״

(„אמונות ודעות״ מאמר „גאולה אחרונה״).

רב סעדיה זוכט דאן צו באשטעטיגען מיט פסוקים פון תנ״ך די אלע פאר־אויסזאָגונגען וועגען די אידישע צרות, מלחמות און אויך וועגען די נחמות.

פון אלע עקען פון דער וועלט וועט מען קומען צו דעם מלך המשיח, וועל־כער וועט דערפען זיי פיהרען קיין ארץ ישראל. דער בית המקדש וועט אויפגע־בויעט ווערען און אלע פארשטאָרבענע פון דורות וועלען אויפשטעהן תחיית המתים. ער זעהט אין דעם ניט בלויז א נס, וואָס קען מעגליך ווערען דורך גאָט׳ס ווארט, נאָר אויך א פיזישע מעגליכקייט. די עלעמענטען פון דעם קערפער קענען ניט געהן פארלאָרען אָדער אינגאַנצען פארניכטעט ווערען. עס בלייבט עטוואָס אויף דער וועלט, אפילו נאָך דעם טויט און דאָס ווערט פאראייניגט נאָך אמאָל ווען גאָט וויל. אויב עס איז מעגליך געווען צו באשאפען א „יש מאין״, ווען דער מענש איז צוערשט באשאפען געווארען, ווארום זשע זאָל ניט זיין מעגליך, אז דאָס וואָס איז שוין אמאָל געווען און עקזיסטירט, זאָל נאָך אמאָל לעבעדיג ווערען?

און אין יענע טעג, ווען משיח וועט זיך באווייזען, וועלען מענשען לעבען גליקליך. מען וועט לעבען לאנג הגם ניט אייביג און יעדער זוהן פון פאָלק ישראל, וועט זיין באהערשט פון א נביאישען גייסט און וועט שטרעבען צו טהאָן בלויז גוטס און זיך דערווייטערען פון דעם שלעכטען.

אזוי האָט זיך רב סעדיה גאון פאָרגעשטעלט דאָס לעבן פון אידען און פון אלע אנדערע מענשען אויף דער וועלט, אין יענעם שעהנעם טאָג, ווען דאָס שלעכ־טע וועט פארטריבען ווערען און דאָס גוטע וועט באהערשען די וועלט.

רב סעדיה איז פיעל קריטיקירט געווארען אין זיין צייט און אין די שפּע־טערדיגע דורות דערפאר, וואס ער האָט זיך ערלויבט אויסצורעכענען דעם „קץ״ און דערמיט עובר געווען אויף דעם אָנזאָג פון חכמי התלמוד. עס איז שפּעטער אָנגעוויזען געווארען, אז ווען זיין פּאָראויסזאגונג איז ניט פארווירקליכט גע־

וואָרען, האָט דאָס געבראַכט צו נייע ענטווישונגען און צו דער אבשוואכונג פון משיחישען גלויבען. עס זיינען אָבער געווען אויך אזעלכע, וואס האָבען איהם פאַרטיידיגט און צווישען זיי דער רמב"ם. רעדענדיג וועגען די „מחשבי קצין", פון וועמען ער איז ניט שטארק צופרידען, זאָגט דער רמב"ם:

— מיר זיינען אָבער רב סעדיה'ן דן לכף זכות, נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט וואָס עס האָט איהם באוועגט דאָס צו טהאָן, הגם ער האָט געוואוסט אז די תורה האָט דאָס פארבאָטען, ווייל אין זיין דור האָט מען זיך ארומגעטראָגען מיט פיעל שעדליכע סברות און ווען ניט ער ע"ה, וואָלט שיעור ניט פארלאָרען געגאנגען גאָט'ס וואָרט. ער האָט ענטדעקט פון דער תורה, וואָס עס איז געווען פארבאָרגען און ער האָט פארשטארקט פון איהר וואָס עס איז אָבגעשוואכט געוואָרען און האָט דאָס באקאנט געמאכט מיט זיין שפראך, מיט זיין שריפט און מיט זיין פען. און קוק זיך צו, אז ער האָט בכלל באַצוועקט צוזאמען צו ברייננען א גרויסען המון, מיט דעם וועג פון אויסרעכענען דעם „קץ" און אזוי ארום זיי שטאַרקען און פארגרעסערען זייער האָפנונג. אלעס וואָס ער האָט געטהאָן, האָט ער זיך מתכון געווען לשם שמים און מען דארף צו איהם קיין טענות ניט האָבען, צוליב דעם וואָס ער האָט א טעות געמאכט אין זיין אויסרעכנונג, ווייל זיין כונה איז געווען וואָס איך האָב געזאָגט."
(אגרת תימן, קובץ תשובות הרמב"ם ואגרותיו, ח"ב, דף ה').

די „שעדליכע סברות" פון רב סעדיה'ס דור, וואָס דער רמב"ם דערמאָנט, באציהט זיך אויף די קראים, וועלכע האָבען זיך דאמאָלס אָנגעפאנגען פארשפרייטען און געגען וועמען ר' סעדיה האָט געפיהרט א שטארקען קאמף. מיר האָבען שוין אויך אָנגעוויזען, אז נאָך די דורכפאַלען פון די משיחישע באוועגונגען פון דעם אכטען יאָהרהונדערט, איז געווען נויטיג צו שטארקען דעם גלויבען פון פאָלק און די דאָזיגע אויפגאבע האָט ר' סעדיה דורכגעפיהרט, דערמיט וואָס ער האָט אין זיין פילאָזאָפישער אָבהאנדלונג וועגען דער אידישער רעליגיע, געשענקט אזויפיעל אויפמערקזאמקייט דעם יסוד פון משיחישען גלויבען און אפילו געמאכט א פארזוך אָנצואווייזען א באשטימטע צייט, ווען די אויסלייזונג וועט קומען.

רב סעדיה האָט אויך באנייט די הויפט יסודות פון משיחיזם, וואס זיינען אָבגעשוואכט געווארען דורך אבו עסי'ן און זיינע נאָכפאָלגער און ווידער פעסטגעשטעלט, אז משיח דארף ברייננען אויסלייזונג פאר דעם אידישען פאָלק און גערעכטיגקייט פאַר אַלע פעלקער.

אז די אידען איבער דער וועלט זיינען געווען זיכער, אז עס זיינען נאָהענט

די „ימות המשיח", איבערצייגט דאָס וואָס די אידען פון רהיין האָבען אין יאָהר 960, זיך געווענדעט מיט אַן אָנפראַגע צו די חכמים קיין ארץ ישראל, וויפיעל אמת עס איז פאַראַן אין דעם קלאַנג, אז משיח וועט באַלד קומען? צוליב דעם וואָס רב סעדיה האָט אָנגעוויזען אז משיח בן יוסף וועט זיך באַווייזען אין ארץ ישראל, אין גליל, איז פארשטענדליך, ווארום מען האָט זיך געווענדעט מיט דער פראַגע קיין ארץ ישראל. די דאָרטיגע חכמים זיינען אָבער געווען ניט צופרידען מיט דער דאָזיגער פראגע און זיי האָבען געענטפערט אביסעל מיט ברגז: „וועגען דעם קומען פון משיח, איז אפילו ניט כדאי אייך געבען אַן ענטפער. גלויבט איהר דען ניט אין די סמנים וואָס די חכמים האָבען געגעבען? — און זיי זיינען נאָך ניט געקומען."

# רב האי גאון

וועגען דעם „ענין הישועה", איז פאראַן אַן אינטערעסאַנטע לענגערע תשובה פון רב האי גאון (939-1038), פון פומבדיתא, דער לעצטער פון די גאונים, אין דעם ספר „טעם זקנים"׳׳ (פון ר"א אשכנזי פון טונים, זייט 59-61).

מען האָט דעם גאון געפרעגט: „ווי אזוי וועט זיין די ישועה פון אָנפאַנג ביז צום סוף און תחית המתים און די נייע הימלען?"

דער גאון האָט דערויף געענטפערט, אַז ווען ער וואָלט גענומען אויסטייטשען יעדער איינצעלהייט באַזונדער, וואָלט דאָס ביי איהם גענומען פיעל צייט, ער האָט דערפאַר בלויז זיך אָבגעשטעלט אויף אלגעמיינע זאכען.

ווען מיר וועלען זעהן, אז אדום (די קריסטען) וועט הערשען אין ארץ ישראל, דאַרף מען גלויבען, אַז אונזער הילף איז נאָהענט. דאַן וועט אויפשטעהן א מאַן פון די בני יוסף אין גליל העליון און ער וועט גערופען ווערען דער משיח פון גאָט און צו איהם וועלען זיך פאַרזאַמלען פיעל מענשען און ער וועט זיין איבער זיי א מלך. עס וועלען צו איהם אויך קומען געצעהלטע מענשען פון פאַר־שידענע לענדער, אָבער דאָס רוב אידען וועלען פארבלייבען אין זייערע גלות לענ־דער, ווייל עס וועט פאַר זיי נאָך ניט זיין קלאָהר, אז עס וועט טאַקע קומען דער טאָג פון אויסלייזונג. משיח בן יוסף מיט זיינע מענשען וועלען דאַן עראבערן ירושלים פאַר א קורצער צייט.

ווען די פעלקער צווישען וועלכע די אידען וועלען וואוינען, וועלען דער־הערען, אַז די אידען האָבען אַן אייגענעם מלך אין ירושלים, וועט מען זיי ארויס־טרייבען פון זייערע לענדער, ווייל זיי וועלען טענה'ן, ביז יעצט האָט איהר מיט אונז געלעבט אין טרייהייט, ווייל איהר האָט ניט געהאַט קיין אייגענעם מלך,

אָבער יעצט האָבען מיר צו אייך מעהר קיין צוטרוי ניט און איהר קענט מעהר ניט בלייבען אין אונזערע לענדער.

די אידען וועלען דאן זיך לאָזען אין די מדבריות און זיי וועלען דאָרט וואוינען אין ביידלאך און זיי וועלען ליידען הונגער און דורשט און האָבען פיעל צרות. פיעל וועלען פארלאָזען זייער פאָלק און זייער גלויבען, ווייל זיי וועלען שוין מעהר ניט קענען פארטראָגען די יסורים.

ארמילוס וועט דאן קומען מלחמה האַלטען מיט משיח בן יוסף און וועט איהם באזיגען דורך כשוף און משיח בן יוסף וועט אויך פאַלען אין דער מלחמה. מעהר אידען וועלען דאן פארלאָזען זייער גלויבען און די וואָס וועלען בלייבען טריי צו דער אידישער אמונה, וועלען דארפען אויסשטעהן אלע „חבלי משיח", ביז עס וועט קומען אליהו הנביא און זיי אָנזאָגען די בשורה וועגען דעם אָנקומען פון משיח בן דוד.

דער ערשטער באווייז אז ער איז טאַקע דער אמת'ער אויסלייזער וועט זיין, דאָס וואָס ער וועט ברייננגען צום לעבען משיח בן יוסף, וועמעס קערפער עס וועט ליגען אין דער מדבר פערציג טעג צייט. די אידען וועלען דאן קומען מיט זייער אויסלייזער קיין ירושלים און זיי וועלען אָנפאַנגען א נייעם לעבען, בויען הייזער און פלאַנצען גערטנער און אזוי ווייטער.

דאָס וועט אָבער נאָך ניט זיין דער סוף פון אידישע צרות. גוג וועט זיך דערוויסען אז אידען האָבען אָנגעפאַנגען לעבען רוהיג און עס וועט נעהמען צו הילף מגוג'ן און אנדערע פעלקער און זיי וועלען זיך לאָזען קיין ירושלים צו פיהרען מלחמה מיט משיח'ן. זעלבסטפארשטענדליך, אז זיי וועלען פארלירען, זיי וועלען אומקומען דורך פייער און שוועבעל, וואָס וועט אויף זיי רעגענען פון הימעל; זיי וועלען פאַלען איינער דורך דעם צווייטענס שווערד; זייערע איברים וועלען זיך צופאַלען איינציגווייז און אנדערע וועלען ווערען בלינד, טויב, די הענד און די פיס וועלען זיי אָפנעמען — — און זיי וועלען זיך צולויפען וואוהין די אויגען וועלען זיי טראָגען.

די איבערגעבליבענע וועלען חרטה האָבען דערויף, וואָס זיי האָבען זיך גע־לאָזט פארפיהרען פון גוג ומגוג און געגאנגען מלחמה האַלטען מיט די אידען, זיי וועלען ווערען ברייננגען א מתנה צו דעם אידישען גאָט, אָבער גאָלד און זילבער איז פאַר איהם גאָרניט און זיי וועלען באשליסען, אז די שעהנסטע מתנה פאר איהם איז דאָס, וואָס זיי וועלען איהם צוזאמענברייננגען זיינע קינדער פון אלע עקען פון דער וועלט. אויף פערד און אייזלען, אויף רייטוועגען און אויף שיפען וועט מען פיהרען די אידען קיין ארץ ישראל. מען וועט זיי אויך טראָגען אויף די אקסלען און אין די מדבריות, וואו עס זיינען ניט פאראַן קיין אנדערע פעל־קער, וועט גאָט שיקען א שטאַרקען ווינט און אויף די וואָלקענס וועלען זיי גע־

טראָגען ווערען...

דאַן וועט אַלע לעבעדיגע וועלען שוין זיין אין ירושלים, וועלען אויך די טויטע אויפשטעהן פון זייערע קברים. ביין צו ביין וועט זיך דערנעהענטערען און זיי וועלען באצויגען ווערען מיט א הויט, אַלעס ווי עס איז געזעהען געוואָרען פון יחזקאל'ן... פון דעם הימעל וועט אַרונטערקומען דער בית המקדש און יעדער איד וועט זיין באַהערשט פון א נביאישען גייסט און עס וועט מקוים ווערען ישעיה'ס נבואה, אז אלע פעלקער, וועלען קומען דינען גאָט אין ירושלים. א וואָלף וועט וואוינען מיט א שעפעלע און א. וו. דאמאָלס וועט גאָט אויך באַשאפען א נייעם הימעל און א ניי ערד, אויסער די וואָס זיינען פאראַן און זיי וועלען זיין פאר די צדיקים.

מיט די דאָזיגע פארברייכע בילדער האָט רב האי געמאָלען דאָס קומען פון משיח'ן. זעהר ענליך איז דאָס צו דער פאָרשטעלונג פון רב סעדיה גאון. רב האי האָט אָבער געגעבן א מעהר קלאָהרע בילד, אין דער צייט ווען רב סעדיה האָט מעהר געוואלט אויסרעכענען דעם טאָג און איבערצייגען אין דער מעגליכקייט פון אזא אויפלעבונג.

דארף מען אינזינען האָבען, אז רב סעדיה האָט געמוזט פארשטארקען דעם גלויבען פון פאָלק און האָט שוין צוגעגרייט דעם באָדען פאר רב האי'ס בילדער, צו וועלכע מען האָט זיך שוין צוגעהערט מיט מעהר אויפמערקזאמקייט.

## חסדאי אבן שפרוט

אויף דעם שטארקען אינטערעס פון אידען אין דער גאנצער וועלט אין דעם טאָג פון אויסלייזונג, וואָס איז אַרויסגעוויזען געוואָרען אין דעם צעהנטען יאָהרהונדערט, באַווייזט די פראַגע וואָס חסדאי אבן שפרוט (915-970), דער אידישער שטאַטסמאַן פון שפאַניען, האָט געשטעלט אין זיין בריעף צו יוסף דעם מלך פון די כוזרים.

אבן שפרוט איז געווען פאראינטערעסירט אין דעם אידישען לעבען אין אלע לענדער. ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט „הימעלשע" ענינים, נאָר מיט גאנץ ערדישע. דאָך איז די ווירקונג פון דער צייט געווען צו גרויס, אַז זי זאָל איהם ניט אָנריהרען. אין דעם דאָזיגען באַריהמטען בריעף (געדרוקט אלס אייַנלייטונג צום ספר „הכוזרי" פון ר' יהודה הלוי) שרייבט ער צווישען אנדערעס:

— איך בעט אויך מיין הער, מיר לאָזען וויסען, אויב עס איז ביי אייך פאַראַן א זכר פון דעם „קץ" פון די וואונדער, אויף וועלכען

מיר ווארטען שוין אזויפיעל יאָהרען און מיר זיינען געגאנגען פון געפענגניש צו געפענגניש און פון גלות צו גלות און וויפיעל דארף מען נאָך האָפען און ווארטען דערויף?

אבן שפרוט באקלאָגט זיך ווייטער אויף די אידישע צרות און דריקט אויס זיין האָפנונג, אז עס וועט אינגיכען קומען די אידישע ישועה.

אין זיין ענטפער שרייבט דער מלך פון די כוזרים:

— וועגען דעם וואָס איהר האָט געפרעגט וועגען דעם „קץ" פון די ווּאונדער, זיינען אונזערע אויגען געווענדעט צו גאָט און צו די אידישע חכמים פון דער ישיבה אין ירושלים און אין דער ישיבה אין בבל. מיר זיינען ווייט פון ציון, מיר האָבען אָבער געהערט, אז צו־ליעב די פיעל זינד זיינען צומישט געוואָרען די חשבונות און מיר ווייסען גאָרניט... מיר האָבען מיט זיך בלויז די נבואה פון דניאל און דער אידישער גאָט זאָל צואיילען די גאולה און זאָל צוזאמען נע־מען די אלע וואָס זיינען צושפּרייט אין גלות אין אונזער צייט און אין אייער צייט...

אזוי צייגען אונז די דאָזיגע בריעף דעם משיחישען אינטערעס פון די אידען אין שפאניען, ווי אויך פון די וועלכע זיינען געקומען צו דעם אידישען גלויבען פון א פרעמדער וועלט, וועלכע האָבען זיך אָבער באטראכט פאר אמת'ע אידען.

## א משיחישע אנטפלע־קונג אין רוים

עס איז פאָראיבער דאָס יאָהר וואָס רב סעדיה גאון האָט פאָראויסגעזאָגט אלס דאָס משיח יאָהר און דאָך האָט דאָס ניט געבראכט צו קיין ענטוישונג. דער גלויבען איז ניט אָבגעשוואכט געוואָרען. מען האָט אָנגענומען, אז עס איז געווען א טעות אין חשבון און מען האָט געזוכט א ניי יאָהר, אין וועלכען די משיחישע האָפנונג זאָל פארווירקליכט ווערען.

פון איטאליען האָט זיך באוויזען די נייע משיחישע אנטפלעקונג, אין דעם מיסטישען „ספר זרבבל", אין וועלכען עס איז פאָראויסגעזאָגט געווארען דאָס קומען פון משיח פאר דעם יאהר 1058.

דער אינהאלט פון דעם דאָזיגען מיסטישען ספר (איבערגעדרוקט אין יעלי־ניק'ס „בית המדרש", חלק ב', זייט 54), איז פאָלגענדער:

זרבבל, וועלכער האָט אָבגעשטאמט פון מלכות בית דוד, האָט זעהר געוואָלט

ווייסען, וואָס עס וועט געשעהן מיט דעם אידישען פאָלק אין דער צוקונפט און ווען עס וועט קומען דער אויסלייזער. האָט ער פיעל תפלה געטאָן און עס האָט אויף איהם גערוהט א געטליכער גייסט און ער איז געבראכט געווארען קיין רוים, די „בלוטיגע שטאָדט." דאָרט איז ער געבראכט געווארען אויפ'ן מארק פון שאנד און ער האָט געטראָפען א העסליכען, קראנקען מאַן, וועלכער האָט זיך פאר איהם פאָרגעשטעלט אלס משיח בן דוד. זרבבל האָט געשוידערט און אוועקגעדרעהט זיין פנים און דער קראנקער מאַן איז פלוצלונג פארוואנדעלט געוואָרען אין א שעהנעם, יונגען בחור און האָט איהם געלאָזט ווייסען, אז ער געפינט זיך דאָ לויט גאָט'ס ווילען און ער איז געבונדען אין קייטען, ביז דעם טאָג פון דער באפריי־אונג. דערוייל האָט זיך באוויזען „מטטרון" דער שר הפנים, וועלכער האָט באשטעטיגט משיח'ס ווערטער און דערצעהלט זרבבל'ן אז משיח איז געבוירען געוואָרען אין דעם טאג וואָס דער ערשטער בית המקדש איז חרב געווארען און ייעט דאַן איז ער אין רוים, ביז צו דעם טאג, ווען ער וועט גערופען ווערען אויס־צולייזען דאָס אידישע פאָלק.

דער מלאך „מטטרון" האָט אויך ענטפלעקט זרבבל'ן אנדערע סודות פון דער גאולה. דער נאָמען פון משיח בן דוד איז מנחם בן עמיאל. איידער ער וועט זיך באווייזען וועט קומען משיח בן יוסף, וועמעס נאָמען עס וועט זיין נחמיה בן חושיאל. ער וועט בריינגען די אידען קיין ירושלים און ארמילוס הרשע וועט מיט איהם מלחמה האלטען און איהם טויטען, ווי עס איז אויך איבערגעגעבען געוואָרען אין „נסתרות דר' שמעון בן יוחאי", פון רב סעדיה גאון און רב האי גאון...

אין „ספר זרבבל" ווערט אָבער אריינגעבראכט נאָך א פערזאָן די מוטער פון משיח בן דוד, חפצי־בה („מיין ווילען איז צו איהר"), וועלכע וועט מיט מיט פינף יאָהר נאָך דעם טויט פון משיח בן יוסף זיך באווייזען און וועט מיט זיך האָבען דעם „מטה אהרן" (אהרן'ס שטעקען) וואָס איז געוועזן פארבאהאל־טען אין א הייל אין טבריא און מיט דעם שטעקען וועט זי באזיגען צוויי שטארקע מלכים. דאמאָלס — נייַן הונדערט און ניינציג יאָהר נאָך דעם צווייטען חורבן -- וואָס עס קומט אוים דאָס יאָהר 1058 — וועט זי איבערגעבען דעם שטעקען צו איהר זוהן מנחם, וועלכער וועט זיך באווייזען אויסלייזען די אידען. מען וועט איהם ניט גלויבען און אליהו וועט קומען און ער וועט אומקעהרען צום לעבען נחמיה בן חושיאל (משיח בן יוסף) און זיי אלע דריי וועלען באווייזען די גרויסע וואונדער. מיט א בלאָז פון זיין מויל וועט משיח טויטען ארמילוס'ן און דאַן וועלען זיך אָנפאנגען די טעג פון דער אויסלייזונג.

די דאָזיגע ענטפלעקונג, וועלכע האָט אָנגעגעבען א באשטימטען יאָהר פאר משיח'ס קומען, האָט געהאט א שטארקע ווירקונג אויף אידען אין אלע לענדער.

ו.

# משיחישע באוועגונגען אין די צייטען פון די נוסעי הצלב

די שחיטות אויף אידישע קהלות אין דעם יאָהר תתנ"ו. — די משיחישע באוועגונג אין ביזאנטין. — רשי און ר' יהודה הלוי. — אברהם בר חייא הנשיא. — רבי משה בן מימון. — די אומבאקאנטע משיחים וואָס ווערען דערמאָנט אין „אגרת תימן". — משיחישע באוועגונגען אין מאראקא, קארדאווא און אין פראנק־רייך. — א משיח א קראי אין ארץ ישראל.



דאָס יאָהר תתנ"ו (1096) איז פארשריבען אין דער אידישער געשיכטע מיט בלוט און מיט טרעהרען. זייט דעם חורבן פון דעם אידישען לאנד, זיינען אין ערגעץ ניט געפאלען אזויפיעל אידישע קרבנות, ווי אין דעם דאָזיגען בלוטיגען יאָהר.

מיט וועניגער ווי טויזענד יאָהר פריהער זיינען אידען געפאלען אין קאמף פאר זייער זעלבסטשטענדיגקייט. אונטער דער פיהרערשאפט פון בר כבבא האָבען זיי געקעמפט ווי העלדען פאר דער פרייהייט פון זייער פאָלק. אין דעם יאָהר 1096 זיינען זיי אָבער גע'שחט'ן געוואָרען דורך די, וואָס האָבען ביי זיי געוואָלט צונעהמען דעם אידישען גלויבען.

אין דעם יאָהר 1096 האָבען די ערשטע „נוסעי הצלב" (קרייצצוגען) דורכ־מארשירט די אידישע קהלות אין פראנקרייך און דייטשלאנד, אויף זייער וועג צום מזרח אָבצונעהמען די הייליגע שטאדט פון די הענד פון די מוסולמאנער. צוויי רעליגיעס האָבען געקעמפט איבער דער הייליגקייט פון דער שטאדט,

צו וועלכער די אויגען פון אידען איבער דער גאנצער וועלט זיינען געווען גערעווענ־דעט; די שטאָדט וואו די נביאים האָבען פאָראויסגעזעהן דעם שלום צווישען פאָלק און פאָלק; די שטאָדט וואָס האָט באדארפט דערנעהענטערען מענש צו מענש — און אויף דעם וועג צו באזיגען דאָס הייליגע לאנד, האָט מען אכזר־יות'דיג אומגעבראכט די קינדער פון דעם פאָלק וואָס האָבען נאָך ניט אויפגע־געבען די האָפנונג אויף דעם דאָזיגען לאנד.

די שחיטות, ענוים און רציחות, זיינען ניט געקומען, ווייל דאָס דאָזיגע פאָלק האָט דאמאָלס געוואָלט שטערען דעם גאנג פון די וואָס זיינען געגאנגען באזיגען דאָס הייליגע לאנד, נאָר ווייל מען האָט געוואָלט, אז דאָס פאָלק זאָל זיך אָבזאָגען פון זיין גלויבען און אנערקענען א פרעמדען גלויבען.

זיינען גאנצע אידישע קהלות אומגעקומען אויף קידוש השם. דאָס ערשטע מאָל האָט דאָס פאָלק אין דער פרעמד ארויסגעוויזען זיין זעלבסטשטענדיגקייט, זיין גייסטיגע העלדישקייט. מען האָט ניט געווארט ביז עס וועט קומען דער „רעליגיעזער" מערדער און וועט צונעהמען די נשמה. מען האָט ניט געוואָלט ווארטען ביז דער לעצטער מינוט, צו באגעגענען זיך פנים אל פנים מיט די וואָס וועלען מאכען א פארזוך איבערצורעדען און דאן דורכפיהרען זייער בלוי־טיגע טהאטען.

האָבען זיך אידישע קהלות פארזאמעלט אין די בתי מדרשים. איינער דעם צווייטען האָט געשטארקט אין גלויבען; איינער דעם צווייטען האָט דער־מאָנט די „עשרת הרוגי מלכות", וועלכע זיינען אומגעקומען מיט „אחד" על קדוש השם און איבערגעגעבען זייערע נשמות צו זייער באשעפער בקדושה ובטהרה.

איז דער חלף געגאנגען פון האנט צו האנט. אברהם אבינו האָט געפיהרט צו דער עקדה איין זוהן און דאָ האָבען אידישע עלטערען מקריב געווען אלע זייערע קינדער; זקנים האָבען מיט כונה געמאכט די ברכה „על השחיטה"; מוטערס האָבען זיך ניט דערבארעמט אויף זייערע זויג־קינדער — אבי ניט אריינצופאלען אין די הענד פון די מערדער, וועלכע האָבען געוואלט צורייסען פון זיי דעם גלויבען פון די עלטערען.

שפייער און וואָרמס, מאַינץ און קעלן און די אנדערע קהלות קדושות האָ־בען באוויזען, אז אידען זיינען ניט נאָר גרייט צו לעבען פאר זייער גלויבען, נאָר אויך צו שטארבען — מיט א ברכה אויף זייערע ליפען, א דאנק צו דעם וואָס האָט זיי געגעבען דעם מוטה דאָס צו טאָן און ניט פארשוועכען די ירושה פון דירות.

און דאָרט וואו מען האָט ניט באוויזען צו מקריב זיין זיך אליין אויף דעם מזבח פון אידישען גלויבען איידער עס זיינען געקומען די מערדער און אין

נאָמען פון זייער געזאַלבטען, געהויבען די בלוטיגע שווערד — האָט מען אָהן א קרעכץ און אָהן א זיפץ, זיך געלאָזט שחט'ן. מיט לויטערע אויגען געקוקט אין פנים פון מלאך המות — ווייל וואָס פאר א ווערט האָט א ,,חיי שעה'', געגען דעם ,,חיי עולם'', וואָס איז צוגעגרייט פאר די וואָס געהען אין גאָט'ס וועגען ?

ניט געוויינט און ניט געבעטען זיך ביי די מערדער, גענומען אויף זיך די גזרה — אָט אזוי שטאַרבען קינדער פון דעם פאָלק, וואָס איז זיכער אין זיין אייביגקייט.

ווייניג איז געווען די צאָהל פון די, וואָס האָבען אפילו ,,למראית עין'' אָנ־גענומען א פרעמדען גלויבען, וועלכע האָבען זיך ארויסגעצייגט שוואך אין די מינוטען, ווען זיי האָבען געקאָנט מקיים זיין דעם ,,בכל נפשך''. דערפאר זיי־נען אָבער אויך געווען אזעלכע, וואָס האָבען באַוויזען אין די לעצטע מינוטען פון זייער לעבען, צו נעהמען נקמה פון די מערדער און פון די נעכטיגע פריינד, וואָס האָבען אין זיי געפעלשט און זיי איבערגעגעבען אין די הענד פון די מער־דער — און איידער זיי האָבען ארייגעשטאָכען דעם חלף אין זייער אייגענעם האַרץ, האָבען זיי איהם פריהער גע'טובל'ט אין דעם בלוט פון דעם שונא.

און די אנדערע בלוטיגע געשיכטעס פון די אידישע קהלות, וואָס זיינען אומגעקומען אין די טעג פון די ,,נוסעי הצלב'', זיינען דאָך צושפרייט אין די קינות און אין די סליחות, וואָס ווערען ביז היינטיגען טאָג געזאגט בכל תפוצות הגולה.

* * * *

דאָס יאָהר תתנ''ו, איז געווען איינע פון די יאָהרען, אין וועלכע מען האָט ערוואַרטעט די אויסלייזונג. די אויסרעכנונג איז געקומען דורך א גמטריא. דאָס דאָזיגע יאָהר איז געפאַלען אין דעם צוויי הונדערט זעקס און פופציגסטען מחזור. (א מחזור קטן איז ניינצעהן יאָהר, טיילענדיג פיער טויזענד אכט הונ־דערט זעקס און פופציג אויף ניינצעהן, איז צוויי הונדערט פינף און פופציג און עס בלייבען עלף יאָהר — אזוי אז דאָס יאָהר תתנ''ו איז געפאַלען אין מחזור רנ''ו). מען האָט געפונען א רמז אין א פסוק פון ירמיה ,,רנו ליעקב שמחה'' (ירמיה לא'). רנ'ו וועט זיין א שמחה פאר יעקב'ן.

ר' שלמה בר' שמעון, דער כראָניקער פון די גזרות תתנ''ו, פאנגט אָן זיין מגלה: ,,און עס איז געווען אין דעם יאָהר פיער טויזענד אכט הונדערט און זעקס און פופציג, טויזענד מיט אכט און צוואַנציג יאָהר פון אונזער גלות, עלף יאָהר אין דער מחזור רנ''ו, ווען מיר האָבען געהאָפט פאר א ישועה און א נחמה ווי די נבואה פון ירמיה ,,רנ'ו ליעקב שמחה'' — איז דאָס יאָהר פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין טרויער און זיפץ, אין געוויין און יאָמער און עס האָט אונז גע־טראָפען פיעל צרות, וואָס ווערען אויסגערעכענט אין אלע תוכחות: סיי די

וואָס זיינען געשריבען און סיי די וואָס זיינען ניט געשריבען זיינען אויף אונז געקומען".

לויט די פאָראויסזאָגונגען פון ר' סעדיה גאון און רב האי גאון, האָט די ישועה באַדאַרפט קומען, ווען אדום וועט באהערשען ירושלים. אז די „נוסעי הצלב" האָבען אָנגעפאנגען זייער צוג צום הייליגען לאנד, ארויסצוטרייבען די מוסולמאנער און זייערע מחנות האָבען זיך געמעהרט פון טאָג צו טאָג, האָט דאָס ארויסגערופען ביי אידען א האָפנונג, אז עס איז נאָהענט דער טאָג פון אויסלייזונג.

די שחיטות אויף די אידישע קהלות זיינען אויך געווען א סימן פון „חבלי משיח". די וועלט האָט בכלל דאן געלעבט אין א מיסטישער שטימונג. ביי אידען איז דאָס געקומען פון דעם גרויסען „קדוש השם", וואָס האָט געהאט א ווירקונג אויך אויף די אידען, וועלכע זיינען ניט אָנגעריהרט געוואָרען פון די בלוטיגע געשעהענישען. די קריסטליכע וועלט איז אריינגעפאלען אין א דער־הויבענער שטימונג פון דעם רוף, צו געהן ערא‌ָבערען דאָס הייליגע לאנד פון די הענד פון די אומגלויביגע. עס איז דארום געווען גרינג זיי צו באאיינפלו־סען צו בלוט פארגיסונגען, מיט דער טענה, אָט געהען מיר נעהמען נקמה פון די מוסולמאנער און דאָ צווישען אונז זיצען די אידען, וועמעס עלטערען האָבען אומגעבראכט אונזער אויסלייזער — לאָמיר פריהער נעהמען נקמה פון זיי און זיי פארניכטען, אָדער זאָלען זיי אנערקענען אונזער משיח.

מיט אזעלכע שטימונגען אין דער לופט, איז דאָס גאנץ געוועהנליך, אז די האָפנונג פאר א משיחישער אויסלייזונג זאָל זיך שטארקען און אז עס זאָלען געמאכט ווערען פארשידענע פארזוכען פאר משיחישע באוועגונגען און אז די גייסטיגע פיהרער ביי אידען, זאָלען ווידער אָנפאנגען זייערע אויסרעכענונגען פאר דעם „קץ".

נאָך אין דעמזעלבען יאָהר 1006, האָט זיך צווישען די אידען פון ביזאנטין (די יעצטיגע קאָנסטאנטינאפאל און פראווינץ — און דאן דער מזרח טייל פון דער רוימישער הערשאפט) אָנגעפאנגען א משיחישע באוועגונג, לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבען אין אן אינטערעסאנטען בריעף פון דער „גניזה", וואָס איז אויפגעדעקט געוואָרען דורך אברהם ניבואר אין 1896. (א העברעאישע איבערזעצונג פון דעם בריעף איז פאראן אין דער אָפהאנדלונג איבער „די משי־חישע באוועגונגען אין די צייטען פון די נוסעי הצלב", פון דר. יעקב מאנן, התקופה כג', וואו עס איז אויך פאראן א פאָטאָגראפיע פון דעם אָריגינעלען בריעף).

דער בריעף איז געשריבען געוואָרען פון א חכם פון א קהלה אין ביזאנטין און זיין נאָמען איז געווען רב מנחם בן אילה און עס ווערט אין איהם איבער־געגעבען וועגען דער שטארקער אויפוואכונג, וואָס עס האָט געהערשט צווישען

די אידען, צוליב ידיעות וואָס זיינען אָנגעקומען פון סאַלאָניקי, אז עס האָט זיך דאָרט באַוויזען אליהו צו אנגעזעהענע מענשען און אז די ניט אידען האָבען זיך אָנגעפאַנגען באַציהען בעסער צו אידען און זיי רעדען גאַנץ אָפען דערפון, אז עס האָט זיך באַוויזען דער אידישער אויסלייזער און אידען דאַרפען זיך ניט שרעקען.

אין דעם בריעף ווערט אויך איבערגעגעבען, אז אידען האָבען אָנגעפאַנגען תשובה טאָן און פאַסטען און אויך אין דער קהלה, האָט א איד געהאַט א חלום וועגען דעם אָנקומען פון משיח. רב מנחם פרעגט זיך אָן ביי דער קהלה, צו וועמען זיין בריעף איז געשיקט געוואָרען, אויב זיי האָבען עטוואָס מעהר נייעס, זיי זאָלען דאָס באַלד לאָזען וויסען, ער פאַרזאָגט זיי אויך, אז זיי זאָלען זיך ניט שרעקען, ווייל דער מלך ווייס דערפון און ער וועט ניט טאָן קיין שלעכטס.

אינטערעסאַנט איז, אז אויך די ניט־אידען האָבען געזעהן משיחישע זעהונ־גען און זיי זיינען געווען זיכער אז דער טאָג פון אידישער אויסלייזונג איז נאָהענט. לויט ווי עס ווערט אָנגעגעבען, איז דער דאָזיגער בריעף געשריבען געוואָרען אין דעם חדש אב, תתנ"ו, צוויי חדשים נאָך די שרעקליכע שחיטות פון די ערשטע נוסעי הצלב. אין ביזאַנטין האָבען אידען ניט פאַרזוכט פון דעם ביטערען כוס. עס איז שוועך צו וויסען, אויב מען האָט שוין דאָרט געוואוסט וועגען דעם חורבן פון די אידישע קהלות אין מערב אייראָפּא און די משיחישע האָפנונגען האָבען ארויסגעשפּראצט, אלס רעזולטאַט דערפון, אָדער מען האָט נאָך ניט געוואוסט דערפון און ווען עס זיינען נאָכדעם אָנגעקומען די טרויעריגע ידיעות, זיינען די האָפנונגען אָבגעשוואַכט געוואָרען.

## רש"י און ר' יהודה הלוי

אין אזא צייט האָבען די אידישע חכמים, צו וועמען די אויגען פון אידען איבער דער גאַנצער וועלט זיינען געווען געווענדעט, געמוזט זוכען א וואָרט פון טרייסט, ווידער שטאַרקען די האָפנונגען. ר' סעדיה גאון, האָט אין זיין צייט געמוזט שטאַרקען דעם משיחישען גלויבען, צוליעב דעם דורכפאַל פון די משיחישע באַוועגונגען און צוליב דער גייסטיגער ירידה. אין די צייטען פון די נוסעי הצלב האָט מען געמוזט שטאַרקען דעם גלויבען, צוליב די שרעקליכע הריגות וואָס זיינען געקומען אויף אידען — און דער אויסלייזער האָט זיך ניט באַוויזען.

רש"י, דער גרויסער מפרש פון דער תורה, האָט געלעבט אין די צייטען פון די נוסעי הצלב (1040—1105). מיט זיינע אויגען האָט ער צוגעזעהן דעם אומגליק וואָס איז געקומען אויף די אידישע קהלות אין מערב אייראָפּא. עס איז באַקאַנטער זיין פיוט „תנות צרות לא נוכל", וואָס ווערט געזאָגט נאָך דער

„עבודה" פון יום כפור, אין וועלכען ער מאַהלט די אידישע צרות.

עס איז דארום פארשטענדליך, ווארום ער האָט אויך געמאכט א פארזוך אויסצורעכענען דעם „קץ" און אין זיין פירוש אויף די משיחישע פסוקים פון דניאל, רעכענט ער אויס, אז דאָס יאָהר 1352, וועט זיין דאָס יאָהר פון דער גאולה. אין זיין פירוש צו סנהדרין (דף צז') ברייננט ער אין נאָמען פון זיין רבי'ן רב שמואל בן דוד אז אויסרעכנונג, אז דאָס יאָהר 1478, איז דאָס משיח יאָהר.

רש"י האָט מיט זיינע אויגען געזעהן די שחיטות און זיין הארץ האָט גע־בלוטעט, ניט ווייניגער אָבער זיינען געוועזן געריהרט פון די צרות די אידען פון אנדערע לענדער. אין שפאניען האָבען די אידען צו יענער צייט געלעבט ניט שלעכט. עס איז געוועזן דער אָנפאנג פון דער „גאָלדענער תקופה" אין דער לי־טעראטור און אויך די מאטעריעלע לאגע פון די אידען איז דאָרט ניט געוועזן שלעכט. די צרות פון די אידען אין אנדערע לענדער האָט אָבער אויך דאָרט ארויסגערופען א בענקעניש פאר דער אויסלייזונג.

ר' יהודה הלוי (1080—1141) וועלכער האָט אין זיינע יונגע יאָהרען גע־הערט וועגען די שחיטות פון די נוסעי הצלב, איז דערפון אויף אזויפיעל בעאיינ־פלוסט געווארען, אז אויך ער, האָט געמאכט פארשידענע אויסרעכענונגען. אין איינעם פון זיינע שירים ווייזט ער אָן, אז דאָס יאָהר 1130 וועט זיין דאָס יאָהר פון דער גאולה, ווען די הערשאפט פון ישמעאל וועט פאלען. אפשר האָט דער זיעג פון די „נוסעי הצלב" געווירקט אויף איהם צו זעהן די מפלה פון ישמעאל.

הלוי האָט זיך ניט באגניגענט מיט אויסרעכנונגען, אין זיין הארץ האָט גע־שטורעמט א טיפע בענקעניש צו ארץ ישראל, וואָס איז ארויסגעבראכט געווארען אין זיינע שירים. די בענקשאפט פון כלל ישראל ווערט אויסגעדריקט אין זיין אייגענער בענקשאפט און ער זינגט אין „ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך":

כ'וויל זעהן, אָ, גרויסער גאָט, נאָר איין שטראַהל ליכט,
נאָר איין שטראַהל ליכט פון יענעם מאָרגענשטערן,
וואָס דאָרט, וואָס מוז נאָך אַמאָל העל און ליכטיג
זיך אָנצינדען אויף ציון'ס בלויען הימעל,
באַנייען און באַפרישען זי מיט יוגענד . . .
גענוג, איין זיסען חלום לאָז מיר זעהן נאָך
און אויסגעהן מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען.

(ח. נ. ביאליק'ס איבערזעצונג)

אין זיין „כוזרי", ברייננט ר' יהודה הלוי ארוים דעם געדאנק, אז קריס־טענטום און דער איסלאם גרייטען צו דעם וועג פאר א בעסערער פארשטענדניש פון אידענטום און ווען אלע מענשען פון דער וועלט וועלען קענען אבשעצען דעם שרש, פון וועלכען זיי האבען אזויפיעל גענאסען, וועלען זיי דאמאלס אבגעבען כבוד דעם אידישען פאלק און וועלען אויף זיך מקבל זיין די מלוכה פון משיח.

אין אנדערע ווערטער מיינט דאס, אז אין דעם טאג פון דער באפרייאונג וועלען אלע מענשען פון דער וועלט אנערקענען איין גערעכטיגקייט, דאמאלס וועט ממילא דאס אידישע פאלק אויך זיין אויסגעלייזט. אידישע פרייהייט אהן ארץ ישראל קען ניט זיין, ווייל דאס אידישע פאלק אהן ארץ ישראל איז ווי א גוף אהן א קאפ און אהן א הארץ. נאכמעהר, אפילו קיין גוף אויך ניט, נאר צושפרייטע ביינער, ווי די ביינער וואס יחזקאל האט געזעהן און דאך זיינען די דאזיגע ביינער, אין וועלכע עס זיינען פארבליבען די איינגענשאפטען פון נאַ־טירליכען לעבען און זיי זיינען שוין אמאל געווען כלים פאר א קאפ, א הארץ, א גייסט, א נשמה און שכל, זיינען זיי בעסער פון די גופים וועלכע זיינען גע־שאפען פון א שטיין און קאלך מיט א קאפ, אויגען, אויערען און אלע אברים.

## אברהם בר חייא
## הנשיא הספרדי

איינער פון די וואס האבען אין דעם 12טען יאהרהונדערט געהאלפען שפרייטען די משיחישע האפנונגען איז געווען—אברהם בר חייא הנשיא הספרדי, וועלכער האט געהאט א גרויסען שם, ניט נאר אין דער אראבישער געלערנטער וועלט, נאר האט אויך פארנומען א בכבוד'יגען פלאץ אין דער מיטעלאלטערליכער וויסענשאפט פון דער קריסטליכער אייראפא און זיינע אסטראנאמישע טאבעלען זיינען געווען שטארק אנגענומען.

ביאגראפישע איינצעלהייטען פון אברהם הנשיא'ס לעבען זיינען ווייניג באקאנט. מיר ווייסען בלויז, אז ער האט א געוויסע צייט געלעבט אין בארצע־לאנא און אז ער איז געשטארבען אין דעם יאהר 1136.

אויסער זיינע פילאסאפישע און אסטראנאמישע ווערק, האט ר' אברהם זיך אויך אבגעגעבען מיט אויסרעכענען דעם „אחרית הימים." אין זיין ספר „מגלת המגלה", וואס האט זיך ביז ניט לאנג צוריק געפונען אין א כתב־יד, רעכענט ער אויס די צייט ווען דער אויסלייזער וועט זיך באווייזען. אויף דעם סמך פון אסטראלאגישע חשבונות און פון פסוקים אין דעם ספר דניאל באווייזט ער, אז משיח וועט באשטימט קומען אין דעם יאהר 1358.

אין זיין ספר „הגיון הנפש" רעדט ר' אברהם וועגען דעם „אחרית הימים":

— דאמאָלסט, אין די טעג פון דער גאולה, וועט אלס יסוד פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען גילטען דער כלל „ואהבת לרעך כמוך.“ אלע מענשען וועלען איינער דעם אנדערען ליב האָבען ווי אייגענע ברידער. קנאה, שנאה, ווילדע תאוות, וואָס ברענגען צו רציחות און רשעות, וועלען פארגעסען ווערען און בלויז ליבע און הייליגקייט וועלען געוועלטיגען איבער דער וועלט.

ר׳ אברהם גלויבט, אז אידען זיינען דאָס „אתה בחרתנו“ פאָלק, ווען עס וועט אָבער קומען דער גרויסער, ליכטיגער טאָג, וועלען אויך אנדערע פעלקער געהאָלפען ווערען:

— מען דארף גלויבען, אז די טויערען פון תשובה זיינען אָפען פאר אַלע מענשען גלייך, ווי ער ווערט געזאָגט: „שוב אל ד׳ וירחמהו“ — ווער עס ווענדעט זיך צו גאָט, איבער דעם דערבארימט ער זיך, ווייל ער איז א גאָט פון רחמים.

אזוי האָט א אידישער געלערטער פארשפרייט האָפנונגען פון אידישער אויס־לייזונג און דערביי געזעהן דעם ליכטיגען טאג פאר דער גאנצער מענשהייט.

# רבי משה
# בן מימון

דער רמב״ם (1135—1204) איז געווען שטארק אומצופרידען מיט די משיחישע אויסרעכנונגען און אין זיין „אגרת תימן“ ווארענט ער עטליכע מאָל אז מען זאָל זיך דערצו ניט צוהערען און זוכט א זכות פאר ר׳ סעדיה גאון, וואָס האָט זיך ערלויבט אויסצורעכענען דעם „קץ.“ דאָך געפינען מיר אויך ביי איהם, אן אָנדייטונג אויף דעם יאָהר פון אידישער אויסלייזונג.

אין דער „אגרת תימן“ (הוצאת האלוב זייט 45), שרייבט דער רמב״ם:

— די פינקטליכע צייט ווייסען מיר ניט זיכער, אָבער איך האָב א וואונדערבארע קבלה, וואָס איך האָב איבערגענומען פון מיין פאָ־טער און זיידען און זיי האָבען איבערגענומען פון זייערע עלטערען, ביז דעם אָנפאנג פון אונזער גלות... און דאָס איז, אז אין פסוק פון בלעם (במדבר כג׳) „כעת יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל“—יעצט וועט געזאָגט ווערען צו יעקב׳ן און ישראל׳ן וואָס גאָט האָט גע־טהאָן — איז פאראן דער סוד פון דער אויסלייזונג.

דער רמב״ם מאכט דאן אן אויסרעכונונג, אז פון דעם טאָג וואָס דער פסוק

איז געזאגט געווארען ביז צו דער גאולה, זיינען פאראן אזויפיעל יאָהרען, ווי פון דעם טאָג וואָס די וועלט איז באשאפען געווארען ביז צו דעם טאג וואָס דער פסוק איז געזאגט געווארען, און אזוי ארום קומט אויס אז משיח וועט קומען אין דעם יאָהר 1216.

דער גלויבען אין משיח איז ביי דעם רמב"ם געווען איינער פון די דרייצעהן עיקרים פון אידישקייט. משיח וועט אָבער ניט דארפען באווייזען קיין וואונדער, ענדערען די נאטור און לעבעדיג מאכען די טויטע (יד החזקה, הלכות מלכים). ער וועט זיין קלוג און ער וועט לערנען גאָט'ס ווארט צו אלע פעלקער און דער וועלט, וועלכע וועלען צו איהם קומען. עס וועט ניט זיין קיין אונטערשייד צווישען יענע טעג און די יעצטיגע, אויסער דעם וואָס די אידען וועלען באהערשען ארץ ישראל און עס וועט זיין גרינגער צו לעבען אויף דער וועלט, ווייל עס וועט ניט זיין די שרעק פאר מלחמה. קיין קליידער וועלען אָבער ניט וואקסען און קיין פארטיגע ברויט וועט אויך ניט זיין און מען וועט ניט לעבען אייביג.

## אומבאַקאַנטע משיחים

עס איז נאטירליך, אז אין אזא צייט ווען פון איין זייט האָבען אידען ערווארטעט א משיח און פון דער צווייטער זייט האָבען די אידישע גייסטיגע פיהרער זיך פארנומען מיט פארשטארקען דעם משיחישען גלויבען, זאָלען זיך באַווייזען פארשידענע פערזאָנען, וועלכע זאָלען זיך ערקלעהרען אלס משיחים, אייניגע וואָס גלויבען טאַקע באמת, אז זיי זיינען באשטימט צו זיין די אויסלייזער און די אנדערע, וואָס נוצען אויס די שטימונגען צו פארפיהרען דעם גלויביגען עולם.

די אלע משיחים וואָס זיינען אָבער אויפגעשטאנען אין דעם צוועלפטען יאָהרהונדערט, מיט דער אויסנאם פון דוד אלראי, זיינען אונז אומבאקאנט און מיר ווייסען אפילו ניט ווער זיי זיינען געווען. בלויז אין דער „אגרת תימן", געפינען מיר א זכר צו דריי משיחישע באוועגונגען אין יענער צייט:

— און אזוי איז מיט פיער און פיערציג יאָהר צוריק, אויפגעשטאַנען א מענש אין מערב, אין פאס און ער האָט געזאָגט, אז ער איז דער אָנזאָגער פון משית'ן, וואָס וועט זיך באווייזען און זיין ווארט האָט זיך ניט באשטעטיגט און די אידען האָבען צוליעב איהם געהאַט צרות. דאָס האָט מיר דערצעהלט א מאן, וואָס האָט דאָס אלעס צוגעזעהן.

און מיט צעהן יאָהר פריהער איז אויפגעשטאנען איינער אין אנדלוס, אין דער מדינה פון קארדאָווא און ער האָט זיך באריהמט, אז ער איז משיח און אידען האָבען שיעור ניט געליטען הריגות צוליב איהם.

און מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז אויפגעשטאנען איינער אין פראנקרייך און ער האָט זיך באריהמט, אז ער איז משיח און ער האָט באוויזען פארשידענע וואונדער און די פראנצויזען האָבען איהם גע־טויטעט און צוזאמען מיט איהם האָט מען אויסגעה'רג'ט פיעל אידען.

(אגרת תימן, הוצאת האלוב, זייט 50)

עס איז באשטימט, אז דער רמב"ם האָט געשריבען די „אגרת תימן", אין דעם יאָהר 1172. לויט דעם חשבון קומט אויס, אז די משיחישע באוועגונג אין פאס, (מאראָקאָ), איז געווען אין דעם יאָהר 1128, די באוועגונג אין קארדאווא אין דעם יאָהר 1118, און די אין פראנקרייך אין דעם יאָהר 1088, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעפאנגען די באוועגונג פון די „נוסעי הצלב", נאָר ווען מען האָט שוין גערעדט וועגען דעם און עס האָבען זיך שוין געשאפען די שטימונגען, אז אדום וועט עראָבערען ירושלים פון די הענד פון ישמעאל.

מעהר איינצעלהייטען וועגען די דאָזיגע דריי משיחים קען מען באקומען אין א כתב יד פון דער „אגרת תימן" אין אראביש, פון וועלכען א טהייל איז איבערזעצט פון דר. יעקב מאנן אין העברעאיש אין זיין ארטיקעל „די משיחישע באוועגונגען אין די צייטען פון די נוסעי הצלב", (התקופה כה').

לויט דעם דאָזיגען כתב יד איז דער נאָמען פון דעם משיח וואס איז אויפ־געשטאנען אין פאס געווען משה דרעי. ער איז געווען א בעל תורה און א מענש מיט גרויסע מעלות און האָט דערפאר געהאט פיעל אנהענגער. ער האָט דער־צעהלט, אז מען האָט איהם געלאָזט וויסען אין חלום, אז משיח איז שוין געקו־מען, האָט אָבער ניט באהויפטעט, אז ער אליין איז דער משיח. דעם רמב"ם'ס פאָטער, ר' מימון, וואס איז דאן געווען דין אין קארדאווא, האָט אָבגערעדט דאָס פאָלק, מען זאָל ניט נאָכגעהן ר' משה דרעי, מען האָט איהם אָבער ניט געפאָלגט. נאָכדעם האָט ער זיך גענומען באווייזען מופתים. איינמאל האָט ער געזאגט, אז די וואָך וועט געהן א רעגען, וואס וועט זיין געמישט מיט בלוט. עס איז טאקע געגאנגען א רעגען און די וואסער איז געווען רויט און קאלעמוטנע, ווי זי וואָלט געווען אויסגעמישט מיט בלוט. ווען זיין וואָרט איז מקוים געווארען, האָט ער זיי געזאָגט, אז משיח וועט זיך באווייזען אין דער נאכט פון פסח און ער האָט זיי גע'עצה'ט אויסצופארקויפען זייער אייגענטהום און מאכען וואָס מעהר חובות ביי די מוסולמאנער, פונקט ווי די אידען האָבען געטהאָן אין מצרים. ווען עס

איז געקומען פסח און עס איז גאָרניט געשעהן, זיינען די אידען וואָס האָבען איהם געפאָלגט געבליבען זעהר אָרים, ווייל זיי האָבען אויסגעפארקויפט זייערע זאכען ביליג און זיי האָבען באַדאַרפט צאָהלען די אָנגעליהענע חובות. ר׳ משה וואָלט זיכער געווען געטויטעט געוואָרען פון די ניט־אידען, ער איז אָבער אוועק קיין ארץ ישראל און פיעל פון זיינע נבואות זיינען דאָרט מקוים געוואָרען.

פון דעם משיח אין אנדלוס, קארדאווא, ווערט איבערגעגעבען אין דעם דאָזיגען כתב יד, אַז ער האָט געהייסען אבן אריה און ער האָט אויך געטהאָן נסים און אזוי ארום זיך געשאַפען אנהעננגער. ווען די עלטסטע חכמים פון דער קהלה האָבען זיך דערפון דערוואוסט האָבען זיי זיך פארזאַמעלט אין שוהל און גע־בראַכט אבן אריה׳ן, מען האָט איהם געשלאָגען מלקות און באשטראָפט און אזוי האָט מען אויך געטהאָן צו זיינע אנהעננגער.

וועגען דעם פראַנצויזישען משיח ווערט איבערגעגעבען אין דעם כתב יד, אַז ער איז אויפגעשטאנען אין דער שטאָדט לייאָן און האָט אויך באוויזען א וואונדער. די פראַנצויזען האָבען איהם אָבער געטויטעט.

לויט דעם דאָזיגען כתב יד איז דער משיח אין פאס, מאראָקא, געווען אין יאָהר 1122; אין קארדאָווא אין יאהר 1102 אָדער 1107 און אין פראנקרייך צווישען יאָהרען 1060־1070. עס איז אָבער זיכער, אַז דאָס זיינען דיזעלבע דריי, וועלכע ווערען דערמאָנט אין דער „אגרת תימן״, פון וועלכע מיר האָבען שוין איבערזעצונגען.

ר׳ משה דרעי איז געווען באַקאַנט פאר א חסיד אפילו נאָכדעם ווי ער איז דורכגעפאַלען און ער איז אוועק קיין ארץ ישראל. דער רמב״ם אליין דערמאָנט איהם צו גוטען (יהי זכרו ברוך). ער האָט זיך אויך אין ארץ ישראל אויפגעפיהרט פרום, אָבער וואָס זיין סוף איז געווען, איז אומבאַקאנט.

דר. יעקב מאנן דערמאָנט נאָך א משיח וואָס איז אויפגעשטאנען אין צפון ארץ ישראל אין דעם יאָהר 1122. ער שטיצט זיך אויף א פראגמענט פון דער „גניזה״, וואָס עס האָט פאַרעפענטליכט אלחנן אדלר. דער משיח איז געווען א קראַי און געהייסען שלמה. ער איז ארומגעגאנגען איבער פארשידענע שטעדט און פאָראויסגעזאָגט אַז משיח וועט קומען אין צוויי און א האַלב יאָהר ארום. וועגען איהם דערצעהלט עבדיה הגר, וועלכער איז לויט דער מיינונג פון דר. מאנן, געווען פון פראנקרייך און געקומען קיין א״י מיט די נוסעי הצלב און זיך דאָרט מגייר געווען אין 1122. דער דאָזיגער שלמה איז געווען דער איינציגער משיח צווישען די קראים. ער האָט זיך געשפייזט בלויז מיט פרוכט און מילך, אפילו קיין ברויט און וואסער האָט ער ניט פאַרזוכט. וואָס עס איז גע־ווען זיין סוף איז ניט באקאנט. קיין גרויסע אנהענגערשאפט האָט ער ניט געהאט.

ז.

# דוד אלרואי

זיין שטרעבונג צו באפרייען די אידען פון אזיע פון דעם מוסולמאנישען יאָך. — די לעגענדעס און פאקטען. — זיין סוף. — בן שדד. — א משיחישע באוועגונג אין תימן.



י אלע משיחים וואָס זיינען אויפגעשטאנען אין דעם צוועלפטען יאָהר־הונדערט, האָבען ניט געצויגען קיין אויפמערקזאמקייט און האָבען ניט באוויזען צו שאפען קיין גרויסע באוועגונגען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס די צייט איז דערצו געווען צוגעפאסט. אידען האָבען דאמאָלס ערווארטעט דעם אויסלייזער צוליב די „חבלי משיח", וואָס האָבען זיך איבערגע'חזר'ט ביי די צווייטע נוסעי הצלב. די וואָס זיינען אומגעקומען על קדוש השם, ניט וועלענדיג אויפגעבען זייער אמונה, האָבען איבערגעלאָזט א הייליגע שטימונג.

די אורזאכע ווארום זיי האָבען ארום זיך ניט קאָנצענטרירט קיין גרויסע מאסען און וואָרום זייערע אויפטואונגען זיינען געווען אזעלכע קליינע, אז עס איז פון זיי כמעט ניט געבליבען קיין זכר אין דער אידישער געשיכטע, איז אפשר דאָס, וואס זיי זיינען ניט געווען צוגעגרייט פאר זייער ראָל, ניט פארמאָגט די מעלות וואָס אויסלייזער און פאָלקס פיהרער דארפען האָבען. משיחים וואָס האָבען זיך איבערגעשראָקען פאר דעם צאָרן פון פאָלק און פאר מלכות, האָבען ניט געקאָנט פיעל באגייסטערען. עס האָט גענוזט דאמאָלס אויפשטעהן א גרויסע פערזענליכקייט, וועלכע זאָל קענען באהערשען דאָס פאָלק, וואָס האָט געווארט פאר דעם אויסלייזער און ווען אזעלכער האָט זיך באוויזען, איז דאָס

פאָלק איהם נאָכגעגאנגען און איז איהם געגלויבט.

דער נאָמען פון דעם משיח איז געווען דוד אלרואי. ער ווערט אויך גערופען דוד אלדויר און מנחם בן שלמה אלרוחי. ער איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר 1135 לערך, אין דער שטאָדט אמאדיא אין קורדיסטאן. פון די רייזע באשרייבונגען פון רב בנימין מטולידא, דער באריהמטער אידישער רייזענדער פון דעם צוועלפטען יאָהרהונדערט און פון דער ערצעהלונג אין דעם „שבט יהודה" פון רב שלמה אבן וירגא, דערוויסען מיר זיך פאָלגענדע איינצעלהייטען פון אלרואי'ס לעבען און פון זיינע משיחישע חלומות.

אלרואי איז ארויסגעקומען מיט זיין משיחישען רוף אין דעם יאהר 1160. ער איז געווען יונג און שעהן, האָט אויף יעדען איינעם איבערגעלאזען א טיפען איינדרוק. דערצו איז ער אויך געווען לאָגיש און ענערגיש. זיינע רביים זיינען געווען דער ראש הגולה חסדאי אין עלי דער ראש פון דער ישיבה גאון יעקב, אין באגדאד. איז געווען גוט באקאנט מיט דער תורת ישראל, אין הלכה און תלמוד, אויך אין דער חכמת ישמעאל און אין די ספרים חיצונים, ווי אויך אין די ביכער פון די כשופמאכער (החרטומים והמכשפים).

דער דאָזיגער יונגער משיח האָט באשלאָסען צו רעוואָלטירען געגען דעם מלך פון פרס (פערסיע) און צוזאמענצונעהמען די אידען וואס וואוינען צווישען די בערג פון חאפטאן און אָנפאנגען א מלחמה געגען אלע פעלקער, ביז וואנען ער וועט עראָבערען ירושלים.

אלרואי האָט געשיקט א רוף צו אַלע אידען אין אזיע, אז ער איז געשיקט פון דעם אידישען גאָט אויסצולייזען זיין פאָלק פון דעם מוסולמאנישען יאָך, האלטען מלחמה מיט אלע פעלקער און ברייגגען די אידען אין זייער הייליגען לאנד, אויפבויען די הייליגע שטאָדט ירושלים און אויפלעבען די אידישע נאציע. ער האָט דארום געפאדערט פון די אידישע שבטים, וועלכע האָבען געוואוסט ווי אזוי צו פיהרען מלחמה, אז זיי זאָלען צו איהם צושטעהן און ער האָט זיי אויך געבראכט באווייזע, דורך פארשידענע סימנים, אז ער איז געשיקט פון גאָט דורכ־צופיהרען די דאָזיגע מיסיע. פיעלע אידען האָבען איהם געגלויבט און האָבען איהם גערופען אונזער משיח.

ווען דער מלך פון פרס האָט דאָס דערהערט, האָט ער געשיקט איהם בריינ־גען. אלרואי איז צו איהם געגאנגען אָהן מורא און אָהן דער באגלייטונג פון זיינע אנהענגער. ווען ער איז געקומען צו דעם מלך, האָט דער לעצטער איהם געפרעגט: ביזטו דער אידישער מלך?—האָט אלרואי געענטפערט: — איך! — דאָס האָט ארויסגערופען דעם קעניג'ס צאָרן און ער האָט באפעהלען איהם אריינ־צוזעצען אין תפיסה און אויב ער וועט באווייזען זיך אליין צו באפרייען, וועט ער וויסען אז ער איז משיח, אויב אָבער ניט, וועט זיין שטראָף זיין אייביגע גע־

פענגניש און ער וועט איהם ניט טויטען, ווייל ער איז א שוטה. אלרואי איז דאן אבגעשיקט געוואָרען אין דער געפענגניש פון דער שטאָדט טאבאריסטאן, לעבען דעם גרויסען טייך גוזן.

אין דריי טעג ארום האָט דער מלך צוזאמענגערופען זיינע יועצים צו באַטראכטען די פראגע, וועגען די אידען וואָס האָבען רעוואָלטירט געגען איהם. פלוצלונג האָט זיך פאר זיי באוויזען אלרואי, וועלכער האָט זיך אליין באפרייט פון תפיסה, אָהן אימיצענ׳ס ערלויבניש. ווען דער מלך האָט איהם דערזעהן, האָט ער איהם געפרעגט: — ווער האָט דיך געבראכט אהערצו און ווער האָט דיך באפרייט? — האָט ער געענטפערט: — איך האָב דאָס געטהאָן מיט מיין חכמה, ווייל איך האָב ניט מורא פאר דיר און פאר אלע דיינע קנעכט. דער קעניג האָט דאמאָלס געגעבען א באפעהל צו זיינע קנעכט, אז זיי זאָלען איהם כאפען און זיי האָבען געענטפערט, אז זיי זעהען קיינעם ניט, זיי הערען בלויז א שטימע. אלרואי האָט דאמאָלס געזאָגט דעם מלך, אז ער געהט זיך אוועק זיין וועג. איז ער געגאנגען און דער קעניג מיט זיינע קנעכט נאָך איהם. ביז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם ברעג פון טייך. ער האָט דאן אויסגעשפרייט זיין קלייד איבער דעם וואסער און איז איבערגעגאנגען. דעם קעניג׳ס קנעכט האָבען איהם דערזעהן און זיי האָבען געכאפט שיפלעך און זיך געיאגט נאָך איהם, זיי האָבען איהם אָבער ניט געקאָנט כאפען און זיי האָבען געזאגט דעם קעניג, אז ער האָט דאָס אלעס געטהאָן מיט כשוף. ער האָט דעם טאָג באוויזען צו קומען קיין אמאדיא, וואס איז א גאנג פון צעהן טעג און ער האָט דאָס געטהאָן מיט דעם „שם המפורש.״ דאָרט האָט ער דערצעהלט די אידען וואס עס האָט מיט איהם פאסירט און זיי האָבען אלע באוואונדערט זיין חכמה.

דער קעניג פון פערסיע האָט זיך דאן געווענדעט צו דעם כאליף אין באגדאד, אז ער זאָל בעאיינפלוסען די אידישע פיהרער, זיי זאָלען באוועגען אלרואי׳ן ער זאָל אָבשטעלען זיין טעטיגקייט. ער האָט פון זיי אויך געפאָדערט, אז זיי זאָלען כאפען אלרואי׳ן, און איהם איבערגעבען אין זיינע הענד. אויב די אידען וועלען דאָס ניט טהאָן, וועט ער זיי אלע אומברייננגען, יונג און אלט און די אידישע פיהרער וועלען דארפען אויסשטעהן גרויסע ענוים און מען וועט זיי איינציגווייז פארברענען.

אלע אידען אין פערסיע האָבען זיך דאן געפונען אין א גרויסער סכנה און זיי האָבען זיך געווענדעט צו דעם ראש הגולה און צו די אידישע פיהרער אין באגדאד, אז זיי זאָלען עטוואס טהאָן, אז דער מענש זאָל אָבשטעלען זיין אויפשטאנד און פארהיטען שחיטות אויף אידען.

די אידישע פיהרער האָבען געשריבען א בריעף צו אלרואי׳ן:

— זאָלסט וויסען אז עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פון דער גאולה,

ווייל מיר האָבען נאָך ניט געזעהן די צייכענס און קיין מענש זיעגט ניט מיט זיין כח און מיר זיינען אויף דיר גוזר, אז דו זאָלסט אבשטעלען דיין ארבייט און אויב ניט וועסטו זיין אין חרם, אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

עס האָבען זיך אויך געווענדעט צו אלרואי׳ן אידישע פיהרער פון אנדערע לענדער און זיך ביי איהם געבעטען, אז ער זאָל אויפגעבען זיין געדאנק פון אויס־לייזען אידען מיט כח, ער האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט צו זיי און געגאנגען זיין וועג.

אלרואי׳ס סוף איז אָבער געקומען אויף אן אנדער וועג. דער מלך פון די טערקען זיף־אלדין, וועלכער איז געווען אונטערוואָרפען דעם קעניג פון פערסיע, האָט זיך געקאָנט מיט אלרואי׳ס שווער, האָט ער איהם געשיקט רופען און האָט איהם פארשפראכען צעהן טויזענד רענדלאך, אז ער זאָל טויטען אלרואי׳ן. (לויט אנדערע מקורות האָט זיף־אלדין צוגעזאגט דאָס געלד אין נאָמען פון די אידען, וואָס האָבען זיך געוואלט ראטעווען פון דער סכנה וואָס האָט געשוועבט איבער זייערע קעפּ). דער שווער האָט דאן אָנגע׳שכור׳ט אלרואי׳ן און ווען ער איז איינגעשלאָפען האָט ער איהם אבגעשניטען די קאָפּ מיט א שווערד און זי גע־בראכט צו זיף־אלדין, וואָס האָט זי אבגעפיהרט צו דעם קעניג פון פערסיע, וועמען ער האָט באוויזען דורך עדות, אז דאָס איז דעם משיח׳ס קאָפּ.

דער קעניג פון פערסיע האָט זיך אָבער נאָך ניט בארוהיגט און געפאָדערט פון די אידישע קהלות, אז זיי זאָלען ארויסגעבען די אלע מענשען, וואָס זיינען געווען אלרואי׳ס נאָכפאָלגער, די אידען האָבען גע׳טענה׳ט, אז זיי ווייסען ניט ווער זיי זיינען. עס זיינען דאן ארעסטירט געוואָרען פיעל אידען און ערשט ווען מען האָט געגעבען דעם קעניג א גרויסע סומע געלד זיינען זיי באפרייט געוואָרען און עס איז געוואָרען רוהיג.

* * * *

דאָס איז די געשיכטע פון דוד אלרואי, וועלכע איז א צוזאמענשטעל פון פאקטען און לעגענדעס און עס איז גאָרניט גרינג אויסצוגעפינען, וואָס עס איז אמת און וואָס עס איז לעגענדע. עס איז אויך שווער צו ווּיסען גענוי, ווען אלרואי האָט אָנגעפיהרט מיט זיין משיחישער באוועגונג. לויט די לעצטע מקורות האָט ער זיך באוויזען אין די יאָהרען 1063־1064. גרעץ ווייזט אָן אז רב בנימין מטודעלאָ האָט באזוכט דעם מזרח אין דעם יאָהר 1170 און אזוי ווי ער פאנגט אָן זיין ערצעהלונג מיט די ווערטער „מיט צעהן יאָהר צוריק״, הייסט דאָס, אז אלרואי איז געווען טעטיג אין דעם 1060. עס זיינען אבער פאראן אזעלכע, וואָס זוכען צו באווייזען, אז דאָס האָט געמוזט זיין מיט יאהרען פריהער, ווייל דער קעניג זיף־אלדין, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער געשיכטע, איז געשטאָר־בען אין דעם יאָהר 1149. אויב מיר זאָלען זיך רעכענען מיט די דאָזיגע פאקטען

קומט אויס, אז אלרואי איז געווען אין די יאָהרען 1146-1147.

דאָס זיינען געווען די יאָהרען פון די צווייטע נוסעי הצלב, אין וועלכע עס האָט זיך איבערגע'חזר'ט, אויב אפילו ניט מיט אזא אכזריות, דאָס אלעס וואָס איז פאָרגעקומען אין די טעג פון די ערשטע נוסעי הצלב. אידישע קהלות זיינען חרב געוואָרען און דער דאָזיגער צוג צום מזרח איז ווידער באטראכט געווארען אַלס די מלחמה פון גוג ומגוג. מען האָט ווידער געזעהן די פאָראויסזאָגונג, אז איידער משיח וועט קומען וועט אדום עראָבערען ירושלים.

מען דאַרף נעהמען אין אָנבאטראכט, אז די אידען וואָס האָבען געוואוינט אין די מזרח לענדער זיינען געווען געוואוינט צו מלחמה. די אלע געשעהענישען און די אונטערדריקונגען וואָס זיי האָבען באדארפט אויסשטעהן פון אלע כאליפען האָט אויף זיי געהאט א ווירקונג און זיי האָבען דארום געקאָנט פארכאפט ווערען פון א רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, וואָס זוכט ארונטערצואווארפען דעם עול פון פרעמדע.

אלרואי האָט פארמאָגט די אלע מעלות וואָס זיינען געווען נויטיג אויפצואוועקען דאָס פאָלק. פיזיש איז ער געווען א שטארקער מאַן, ער האָט שטאַרק געגלויבט אין זיך און געקאָנט באגייסטערען אנדערע. ער האָט ניט דערמאָנט אז ער איז משיח, ער האָט זיך בלויז אָנגעגעבען אלס דער וואָס וועט אָנפיהרען מיט דער מלחמה. ער האָט אָבער געוואוסט, אז אום צו האָבען ערפאָלג מוז מען רופען דאָס פאָלק אין נאָמען פון א גרויסען אידעאל. ער האָט דארום געזוכט אויפצואוועקען אין זיי דעם נאציאָנאלען געפיהל און דעם שטאָלץ פון א פאָלק וואָס שטרעבט צו א פרייען לעבען. ער האָט ניט בלויז גערעדט וועגען די צרות וואס אידען האָבען אויסצושטעהן אין דעם גלות און ניט בלויז געזוכט דאָס צו פארלייכטערען, נאָר ער האָט זיך געשטעלט א פיעל גרעסערע אויפגאבע „אויסצולייזען זיין פאָלק פון דעם מוסלמאנישען יאָך, האלטען מלחמה מיט אלע פעלקער און ברייגנען די אידען אין זייער הייליגען לאנד, ווי אויך אויפלעבען אידען אלס נאציאָנאלע איינהייט.” אין אנדערע ווערטער ער האָט געזוכט די נאציאָנאלע זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם אידישען פאָלק אין זיין לאנד.

דעם וועג צו נאציאָנאלער זעלבסטשטענדיגקייט האָט ער געזוכט אויסצוקעמפען דורך א מלחמה און ווי מען קען זעהן דערפון וואָס דער קעניג האָט זיך געמוזט באנוצען מיט אזא מיטעל, ווי ארויפצווינגען אויף די אידישע פיהרער, אז זיי זאָלען בעאיינפלוסען אלרואי'ן אבצושטעלען זיין טעטיגקייט, איז זיין כח געווען א גאנץ באדייטענדער און נאָר דורך דעם פארראט פון אייגענע איז ער אומגעבראכט געווארען.

דאָס וואָס די אידישע פיהרער האָבען איהם ניט געוואלט אנערקענען קען אויסגעטייטשט ווערען אויף פארשיעדענע אופנים. מעגליך, אז זיי זיינען

געווען אָנגעשראָקען פון די פריהעריגע דורכפאַלען פון משיחישע באַוועגונגען, האָבען זיי דארום ניט געוואָלט אַז עס זאָל זיך אַנטוויקלען נאָך אַ באַוועגונג, וואָס קאָן אַמאָל ברענגען שלעכטס אנשטאַט גוטס און זיי האָבען דאַרום זיך געאיילט אויפצופאָדערען אלרואי'ן אָבצושטעלען זיין אויפשטאַנד און איהם ביי דער ער־שטער וואָרנונג שוין דראָהען מיט חרם. עס איז אָבער אויך מעגליך, אַז זיי האָבען איהם ניט געקאָנט אַנערקענען צוליב דעם וואָס זיי האָבען אין איהם ניט געזעהן די סימנים פון דעם אמת'ן משיח, ווייל ער האָט בלויז געהאַט איין אויפ־גאַבע, אויסצוקעמפען די אידישע פרייהייט מיט דער שווערד און האָט גאָרניט דערמאָהנט די טעג, וועז עס וועט הערשען די גערעכטיגקייט אויף דער וועלט — עס האָט געפעהלט די אוניווערסאַל־סאָציאַלע שטרעבונג פון דעם משיחיזם.

די אידישע פיהרער האָבען געשריבען צו אלרואי'ן, אַז זיי „האָבען נאָך ניט געזעהן די צייכענס", אין דער צייט ווען אַלע סימנים האָבען גראַדע באַדאַרפט ווייזען, אַז די טעג פון אידישער אויסלייזונג זיינען נאָהענט, ווי מיר האָבען שוין דערמאָהנט. אפשר אָבער האָבען זיי אין איהם ניט געזעהן די צייכענס פון דעם אויסלייזער...

נאָך אייניגע אינטערעסאַנטע פאַקטען פון אלרואי'ס משיחישע באַוועגונג דערוויסען מיר זיך פון אַן ערצעהלונג פון אַ איד וואָס האָט אָנגענומען דעם מוסולמאַנישען גלויבען אין דעם יאָהר 1163 און זיין נאָמען איז שמואל אבן יחיא אל מגריבי. דער דאָזיגער משומד האָט באַצוועקט אָבצושפּעטען פון אידען און די פאַקטען קומען ביי איהם ארויס צודרעהט, דאָך זיינען אין זיין געשיכטע פאַראַן אייניגע וויכטיגע איינצעלהייטען וואָס געבען עטוואָס צו צו אלרואי'ס באַ־וועגונג און צו דער שטימונג וואָס האָט געהערשט ביי אידען אין יענער צייט.

די ערצעהלונג וואָס ווערט איבערגעגעבען אין „עמק הבכא" איז פאָל־גענדע:

— כדי צו צייגען ווי אַזוי די אידען זיינען געגוויגט אָנצונעמען וואָס עס איז פאַלש און אונמעגליך, ווילען מיר דערמאָנען אַ פּאַסירונג וואָס וועט באַ־ווייזען ווי נאַריש עס זיינען געוועזן די אידען פון באַגדאַד. דאָס האָט פּאַסירט אין אונזערע צייטען דורך אַ גרויסען שווינדלער אין דעם געגענד פון מאָסול, וועמעס נאָמען עס איז געווען מנחם בן שלמה און איז אויך געווען באַקאַנט אַלס אבן אלרוחי.

אל־מגריבי דערצעהלט דאַן אַז אלרוחי איז געווען אַ אידישער געלעהרטער פון אַמאַדיאַ און איז געווען באַפריינדעט מיט דעם אויפפּאַסער פון דער פעסטונג. עס איז איהם דאַן איינגעפאַלען צו פאַרכאַפּען די פעסטונג און האָט זיך דאַרום געווענדעט צו די אידען וואָס האָבען אַרומגעוואַנדערט אין די געגענדען פון אַדזער־בעדשאַן, ווייל די פּערסישע אידען זיינען געווען מלחמה מענשען און זיי פאַר־

שפּראָכען ער וועט זיי אויסלייזען פון די מוסולמאנער. אלרוחי האָט צושיקט בריעף צו די דאָזיגע אידען און אויפגעפאָדערט יעדען איינעם אז „ער זאָל מיט זיך האָבען א שווערד אָדער אנדערע געוועהר פארבאהאלטען אונטער די קליי־דער." די אידען האָבען איהם געפאָלגט און זיינען צו איהם געקומען. ווען דער אויפפּאסער פון דער פעסטונג האָט זיך דערוואוסט, צוליב וואָס זיי זיינען גע־קומען, האָט ער געטויטעט אלרוחי'ן און זיינע אנהענגער האָבען זיך פארשפּרייט מיט געוויין און יאָמער.

דער משומד דערצעהלט ווייטער, אז ווען עס זיינען אָנגעקומען די קלאַנ־גען קיין באגדאד, האָבען צוויי אידישע שווינדלער, וועלכע זיינען געווען אָנגע־זעהען אין דער אידישער קהלה, צושיקט בריעף אין מנחם'ס נאָמען, אין וועלכע זיי האָבען דערצעהלט, אז די גאולה איז נאָהענט. זיי האָבען באשטימט א געוויסע נאכט ווען אלע אידען וועלען פליהען קיין ירושלים. די אידען פון באג־דאד האָבען זיך צוגעהערט דערצו און זייערע פרויען האָבען אוועקגעגעבען זייער ציערונג. די אידען האָבען זיך יענע נאכט פארזאמעלט אויף די דעכער און גע־יוארט פאר די מלאכים, אז זיי זאָלען זיי אוועקטראָגען אויף זייערע פליגעל. די אידען האָבען געווארט א גאנצע נאכט און אין דער פריה האָבען זיי זיך דער־פיהלט ענטוישט. די צוויי שווינדלער זיינען דערווייל פארשוואונדען מיט דעם געלד.

לויט דער דאָזיגער געשיכטע איז אויך פארבליבען א גרופּע אנהייגער אין אמאדיא וואָס רופען זיך אויף מנחם'ס נאָמען און זיי פיהרען זיך אויף אנדערשער פון די איבריגע אידען. זיינע אנהענגער שווערען ביי זיין נאָמען.

ווי מען קען זעהן באצוועקט דער דאָזיגער משומד אָבצושפּעטען פון דער גאנצער געשיכטע, מיר דערוויסען זיך אָבער, אז די אידען פון אדזערבעדשאן האָבען ארומגעוואנדערט און ווי אייניגע פאָרשער גלויבען, איז דאָס דערפאר וואָס עס האָבען זיך צו זיי דערטראָגען משיחישע קלאנגען און זיי האָבען געוואָלט זיך פאראייניגען מיט אַנדערע אידען כדי צוזאמען געהן קיין ארץ ישראל. מען קען דארום אויך זיך פאָרשטעלען, אז מנחם האָט זיי דאן איינגעלאדען צו קומען צו איהם, כדי איינצונעהמען די פעסטונג.

אל־מגריבי וויל ארויסשטעלען אלרוחי'ן (אלרואי) אלס א שווינדלער און דא־רום דערצעהלט ער, אז זיין צוועק איז געווען אריינצונארען די אידען, זיי זאָלען איהם העלפען פארכאפּען די פעסטונג און ער דערמאָנט ניט וועגען זיינע שטרע־בונגען אויסצולייזען ארץ ישראל פאר די אידען. ער וויל אויך האָבען, אז אלרוחי האָט אפילו ניט געהאט די פעסטונג אין זיינע הענד. פון רב בנימין מטולידאָ'ס ערצעהלונג דערוויסען מיר זיך אָבער, אז אלרואי האָט געהאט די פעסטונג אין זיינע הענד א לענגערע צייט און אז דעם הערשער איז אָנגעקומען שווער איהם

צו באזיגען.

אויב מען זאָל אָנעמען אל־מגריבי׳ס עדות, האָט אלרואי אויך געוואלט מאכען ענדערונגען אין דעם אידישען רעליגיעזען לעבען, דאָס איז אויך געטהאָן געוואָרען פון די פריהערדיגע משיחים, מיט דעם גלויבען אז די תלמודישע מסורה גילט בלויז ביז צו די טעג פון דער גאולה. דאָס איז אפשר די אורזאכע וואָס ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו די רייד פון די גייסטיגע אידישע פיהרער פון באגדאד, וואָס האָבען איהם אויפגעפאדערט אבצושטעלען זיין באוועגונג — ווייל משיח איז דאָך העכער פון זיי.

פון דעם אַלעם קען מען זיך שאפען דעם איינדרוק אז אלרואי האָט באמת געזוכט ברייננגען הילף זיין פאָלק. ער האָט פארמאָגט גרויסע איינגענשאפטען, זיין וועג איז אָבער געווען דער וועג פון מלחמה — און ער איז דורכגעפאלען.

דר. מאנן ברייננגט אויך א פראגמענט פון דער „גניזה", אין וועלכען עס ווערען דערמאָנט פארשידענע משיחים, איינער פון זיי שלמה בן דוגי און זיין זוהן מנחם. דער פאָטער האָט געזאלט געווען זיין אליהו און זיין זוהן משיח. עס ווערט דאָ דערמאָנט די געשיכטע ווענען די אידען, וואָס האָבען געהאָפט צו פליהען קיין א״י (וואָס עס צייגט אז עס איז פאראן עטוואס אמת אין אל־מגריבי׳ס געשיכטע) און ווי די ניט אידען האָבען פון זיי חוזק געמאכט. דער סוף פון דעם משיח ווערט אין דעם פראגמענט ניט דערמאָנט. עס איז כמעט ווי זיכער, אז מנחם בן דוגי איז אלרואי.

דער פראגמענט דערצעהלט אויך, אז אין דער שטאָדט באקוואה, לעבען באגדאד, איז אויפגעשטאנען א מאן מיט דעם נאָמען בן שדד, וואָס האָט זיך געהאלטען פאר א קלוגען און ער האָט פארשפרייט פיעל פאלשע קלאנגען. האָט דער קעניג איהם ארעסטירט מיט זיינע אנהענגער און בן שדד האָט דאָרט תפלה געטהאָן. די צייט ווען דער דאָזיגער בן שדד האָט זיך באוויזען און וואָס ער האָט געוואָלט איז ניט באקאנט — מען קען זיך אָבער פארשטעלען אז מיר האָבען דאָ צו טהאָן מיט נאָך אן אומבאקאנטען משיח.

(מיר ווילען דאָ אויך דערמאָנען, אז ד׳איזראעלי (לאָרד ביקאָנספיעלד) האָט אנגעשריבען אן ערצעהלונג מיט דעם נאָמען „אלרואי" און הגם עס שטימט ניט מיט די היסטאָרישע און ביאָגראפישע פאקטען, גיט דאָס אבער א קלאָהרע בילד פון דעם דאָזיגען משיח און פון זיין קאמף. עס ווערען אין דעם דאָזיגען בוך אויך געמאָהלען אין פארבענרייכע בילדער די צייט און דער פלאץ וואו אלרואי האָט געלעבט. ד׳איזראעלי האָט געשריבען דאָס בוך אין דעם יאָהר 1845. עס איז איבערזעצט אין איניגע שפראכען).

# אַ משיחישע באַוועגונג אין תימן

אין דעם יאָהר 1172 איז געווען א משיחישע באוועגונג אין תימן. דאָס איז די באוועגונג געגען וועלכער דער רמב"ם האָט פארפאסט זיין „אגרת תימן."

עס איז דאן אָנגעגאנגען דער שטארקער קאמף פון דעם איסלאם געגען דעם קריסטענטום אין ארץ ישראל און די אידען אין תימן, וועלכע זיינען געשטאנען אין א נאָהענטער פארבינדונג מיט די אידען פון מצרים, האָבען דערפון גע־וואוסט און זיי האָבען אין דעם געזעהן א סימן, אז עס זיינען נאָהענט די משיחישע טעג, צוליב דעם סכסוך פון ישמעאל און אדום. (דער סכסוך האָט זיך שפעטער מיט עטליכע יאָהר געענדיגט מיט א זיעג פאר דעם איסלאם). דערצו האָבען אויך די אידען אין תימן געהאט אויסצושטעהן צרות פון דעם אָרטיגען הערשער, וואָס האָט זיי געצוואונגען צו שמד און זיי האָבען אין דעם געזעהען די „חבלי משיח." דאָס אלעס האָט געפיהרט דערצו, אז עס זאָל אויפ־שטעהן א מאן וואָס האָט זיך ערקלעהרט פאר א משיח און ווי עס זעהט אויס האָט ער געקראָגען פיעל אנהענגער.

ר' יעקב בן נתנאל אל־פיומי, דער ראש ישיבה פון תימן, האָט זיך דאן געווענדעט צו דעם רמב"ם וואָס האָט געוואוינט אין קאירא און זיך ביי איהם אָנגעפרעגט, וואָס ער האָט צו זאָגען וועגען די אויסרעכנונגען פון „קץ" און ווי אזוי מען זאָל זיך באציהען צו דעם משיח. פון דעם רמב"ם'ס ענטפער קען מען זעהן, אז אויך אל־פיומי און אנדערע געלעהרטע אידען זיינען געווען גע־נייגט צו גלויבען דעם משיח.

דער רמב"ם שרייבט וועגען דעם:

— און דאָס וואָס דו האָסט דערמאָנט וועגען דעם מאן וואָס באריהמט זיך, אז ער איז משיח, כ'לעבען, אז איך וואונדער זיך ניט אויף איהם און אויף זיינע אנהענגער, ווייל ער איז אָהן ספק משוגע און דער קראנקער איז ניט שולדיג, אז ער פארשטעהט ניט זיין קרענק. איך וואונדער זיך אויך ניט אויף די, וואס ווייסען ניט דעם פלאץ פון משיח און זיינע גרויסע אייגענשאפטען, וואָס צוליב זייער אומגעדולד האָבען זיי זיך געלאָזט נאָך איהם. איך וואונדער זיך אָבער אויף דיר, וואָס דו ביזט א בן תורה און דו ווייסט, אז דער משיח איז א גרעסערער נביא ווי אלע נביאים אויסער משה רבנו...

(אגרת תימן, הוצאת האלוב, זייט 46־49).

דער רמב"ם ענטפערט דאן אב אויף די פארשידענע מעלות, וואָס אל־פיומי

האָמ אויסגערעכענט אין דעם משיח און צייגט אָן אז זיי זיינען ניט געגוג פאר דעם גאָט געזאלבטען און ער גיט אן עצה צו די אידען פון תימן:

— וואס עס לייגט זיך אויף דעם שכל און וואָס איז דער אמת, אז ער איז משוגע און האָט פארלאָרען זיין פארשטאנד. עס איז דארום מיין עצה, אז איהר זאָלט איהם בינדען און זאָלט איהם האלטען א לענגערע צייט, ביז וואנען די ניט־אידען וועלען זיך דערוויסען אז ער איז ניט קיין קלאָהרער מענש און דאן זאָלט איהר איהם באפרייען און דערמיט וועט איהר איהם ראַטעווען, ווייל ווען מען וועט איהם נאָכדעם הערען רעדען אזעלכע ווערטער, וועט מען איהם האלטען פאר משוגע, ווי ער איז און איהר וועט זיך ראַטעווען פון צרות, אויב איהר וועט זיין נאַכלעסיג, ביז מען וועט זיך דערוויסען דערפון וועלען זיי איהם טויטען און עס וועט אייך מעגליך ברייננען שלעכטס.״

וואָס עס איז געוואָרען דער סוף פון דעם משיח, ועמעס נאָמען עס ווערט ניט אנגעגעבען, דערוויסען מיר זיך פון א בריעף וואָס דער רמב״ם האָט מיט צוויי און צוואנציג יאָהר שפעטער געשריבען צו די פיהרער פון דער אידישער קהלה אין מארסייל, פראנקרייך:

— און וועגען דעם משיח וואָס איהר האָט דערמאָנט, אז מען האָט אייך איבערגעגעבען זאכען אין מיין נאָמען, איז די געשיכטע ניט געווען ווי איהר האָט געהערט און דאָס איז ניט געווען אין מזרח, נאָר אין דעם לאנד תימן. מיט צוויי און צוואנציג יאָהר צוריק איז דאָרט אויפגעשטאנען א מאן, וואָס האָט זיי געזאגט, אז דער מלך המשיח וועט זיך באווייזען אין דעם לאנד תימן און עס האָבן זיך ארום איהם פארזאמעלט פיעל אידען און אראבער. ער איז מיט זיי ארומגעגאנגען אין די בערג און ער האָט זיי איינגערעדט: קומט מיט מיר און לאָמיר ארויסגעהן אנטקעגען דעם מלך המשיח, ווייל ער האָט מיר געשיקט צו אייך, איך זאָל צוגרייטען דעם וועג פאר איהם. — די אידען פון תימן האָבען צו מיר געשריבען א לאנגען בריעף און האָבען מיר געלאָזט וויסען וועגען זיינע אויפפיהרונגען און די ענדערונגען וואָס ער האָט אריינגעבראכט אין די תפלות און וואָס ער פלעגט זיי זאָגען. זיי האָבען מיר אויך איבערגעגעבען, וואָס זיי האָבען געזעהן פון זיינע וואונדער און אנגעפרעגט מיין מיינונג וועגען איהם. איך האָב פארשטאנען וואָס זיי האָבען מיר געפרעגט און איך האָב ארויסגענומען פון זייערע רייד, אז דער דאָזיגער אָרימער מענש איז חסר דעה, ער איז אָבער אן עהרליכער מענש און האָט גאָרניט קיין חכמה און אלעס וואָס מען

זאָגט, אַז ער האָט געטהאָן, אַז עס האָט זיך באַוויזען דורך איהם, איז שקר וכזב. איך האָב זיך זעהר געשראָקען אַז עס זאָל ניט ארויסקומען קיין שלעכטס פאַר די דאָרטיגע אידען, האָב איך זיי געשיקט א לאַנגען ענטפער און זיי געוואָרענט, אַז זיי זאָלען אויפּפּאַסען אויף דעם מענש, אויב ניט וועט ער געהן פאַרלאָרען און ער וועט ברייננגען א צרה אויף די קהלות.

דער סוף איז געווען, אַז מיט א יאָהר שפּעטער איז ער געכאַפּט געוואָרען און עס זיינען זיך צולאָפען פון איהם אַלע וואָס זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. האָט צו איהם געזאָגט איינער פון די אַראַבישע מלכים נאָכדעם ווי ער האָט איהם געכאַפּט: — וואָס האָסטו געטהאָן? — האָט ער געזאָגט: — מיין האַר קעניג, איך זאָג אמת, ווייל איך האָב געטהאָן ווי גאָט האָט מיר געהייסען. — האָט דער קעניג צו איהם געזאגט: — וואָס פאַר א וואונדער קענסטו באַווייזען? — האָט ער געענטפערט: — מיין האַר קעניג, שניידט אָב מיין קאָפּ און נאָכדעם וויל איך ווידער לעבעדיג ווערען. האָט דער קעניג צו איהם געזאָגט: — מען דאַרף ניט קיין גרעסערען מופת און אויב דו וועסט עס באַווייזען, וועל איך און די גאַנצע וועלט גלויבען, אַז דיינע ווערטער זיינען אמת און ריכטיג און דאָס וואָס אונזערע עלטערען האָבען געהאַט בירושה איז פאַלש און נוצלאָז. (דאָס מיינט, אַז דער קעניג איז געווען גרייט צו פאַרלאָזען דעם איסלאַם און אָננעהמען די אידישע רעליגיע — י. ש.). באַלד האָט דער קעניג באַפעהלען צו ברייננגען א שווערד און ער האָט געהייסען אָבשניידען זיין קאָפּ און דער דאָזיגער אָרימאַן איז אומגעקומען. זאָל זיין טויט זיין א פאַרגעבונג (כפרה) פאַר איהם און פאַר אַלע אידען. די אידען אין פיעל קהלות זיינען נאָכדעם באַשטראָפט געוואָרען צו באַצאָהלען פיעל געלד. נאָך יעצט זיינען דאָרט פאַראַן משוגעים וואָס זאָגען, אַז ער וועט נאָך אויפשטעהן פון זיין קבר.

(תשובות הרמב״ם ואגרותיו, חלק ב׳, זייט 26).

ווי מען קען זעהן פון דעם דאָזיגען בריעף האָט דער תימנ׳ער נביא זיך ניט אָנגעגעבען פאַר קיין משיח. ער האָט אויך געהאַט פיעל אנהעננגער צווישען די מוסולמאַנער און האָט פאַרפאַסט נייע תפלות, ער האָט ניט געזוכט אריינצוברייננגען קיין ענדערונגען אין דעם רעליגיעזען לעבען, ווי עס האָבען דאָס געטאָן שריני און אבו עיסי, אנדערש וואָלט דאָך דער רמב״ם איהם ניט געווען באַצייכענט אלס „ירא שמים.״

דער דאָזיגער משיח האָט געהייסען זיינע אנהעננגער, אַז זיי זאָלען געבען פיעל צדקה און די רייכע האָט ער געהייסען צוטהיילען זייער פאַרמעגען צווישען די אָרימעלייט, ווייל זיי דאַרפען דאָס שוין מעהר ניט האָבען ווען עס קומט די

גאולה. דער רמב"ם איז דערפאר געווען אין כעס און ערקלעהרט, אז דאס איז געגען דער אידישער תורה, וואס הייסט צוטהיילען בלויז א טהייל פון דעם פאר־מעגען פאר צדקה, אבער ניט איינגאנצען. ער האט אויך אנגעוויזען, אז עס איז אין דעם ניט פאראן קיין שכל, ווייל ווען די רייכע וועלען אוועקגעבען זייער גאנצען פארמעגען, וועלען זיי ווערען ארימעלייט און די אנדערע רייכע און אזוי וועט זיך דאס דרעהען...

(אין „שבט יהודה" (ווינער אויסגאבע זייט 51) ווערט אנגעגעבען אין נאמען פון רמב"ם, אז די געשיכטע מיט דעם משיח וואס האט געזאגט דעם קעניג ער זאל אויספראוווען איהם דורך אפשניידען דעם קאפ, האט פאסירט מיט דוד אלרואי. דאס איז ניט ריכטיג, ווייל דער רמב"ם דערמאנט אין ערגעץ ניט אלרואי'ן און דעם בריעף צו דער קהלה פון מארסייל האט ער געשריבען אין 1194 און זאגט אז דער משיח אין תימן איז אויפגעשטאנען פריהער מיט צוויי און צוואנציג יאהר. אלרואי איז געווען מיט יאהרען פריהער און ער איז ניט געווען אין תימן).

* * * *

אזוי זעהן מיר פאר זיך, אז אין דעם דאזיגען בלוטיגען יאהרהונדערט פון די נוסעי הצלב זיינען אויפגעשטאנען אכט משיחישע באוועגונגען, בלויז איינע פון זיי האט ארויסגערופען א גרויסע פערזענליכקייט — דוד אלרואי. די אנ־דערע זיינען געקומען און פארשוואונדען, ניט איבערלאזענדיג אפילו קיין טיפע שפורען אין דעם אידישען לעבען. די עצם ערשיינונג אליין, וואס אין ווייניגער ווי הונדערט יאהר, פון דער משיחישער באוועגונג אין פראנקרייך, אין דעם יאהר 1088, ביז צו דער משיחישער באוועגונג אין תימן, אין דעם יאהר 1172, זיינען אויפגעשטאנען אכט משיחים און יעדער איינער האט בעאיינפלוסט גע־וויסע מאסען, צייגט ווי עס איז ניט איבערגעריסען געווארען דער פאדים פון דער בענקעניש צו דער נאציאנאלער אויסלייזונג פון אידישען פאלק. אין פאר־שידענע לענדער זיינען זיי אויפגעשטאנען, די משיחים, אין די טעג ווען דאס פאלק האט זיך געראנגעלט פאר זיין טאג טעגליכען עקזיסטענץ און געזעהן ווייטע יסהונגען, פון יענעם גרויסען און פארכטיגען טאג.

מיט די ווייניג פאקטען וואס מיר האבען פאר זיך, איז שווער צו אורטהיי־לען, אויב די דאזיגע משיחים זיינען געווען שווינדלער אדער משוגעים — עס איז אבער קלאהר, אז דאס פאלק איז זיי נאכגעגאנגען, ווייל עס האט געוואלט מען זאל דעם דערצעהלען וועגען אן אויסלייזונג. עס איז געווען די טרייסט און די האפנונג אין די שווערע טעג, ווען דער יאוש האט ארומגענומען אידישע קהלות און ווען די הייליגע נשמות פון די אומגעקומענע על קדוש השם, האבען געשוועבט אין דער לופט און דערמאנט אין דער אידישער אייביגקייט.

די אלע משיחישע באוועגונגען זיינען געווען א צוזאמענמיש פון פאָלקס צער און בענקעניש; פון א שטרעבונג צו פארמיידען בלוט פארגיסונגען פון דער יועלט, אין דעם טאג ווען אדום און ישמעאל, וועלען זיך צוהערען צו דעם אמת יביאישען וואָרט, וואָס וועט קומען פון דער שטאָדט וואָס איז ביי זיי געווארען הייליג און פון נאציאָנאלען באוואוסטזיין, וואָס איז געגאנגען האנד אין האנד מיט רעליגיעזען עקסטאז.

אין דער געשיכטע האָבען די דאָזיגע באוועגונגען איבערגעלאזען בלויז א שוואכען זכר, אין דעם לעבען פון דעם פאָלק זיינען זיי אָבער איינגעוואָרצעלט געווארען. זייערע פונקען האָבען זיך געשפרייט און געפאלען אויף בענקענדע נשמות און עס האָט אויפגעלויכטען א נייער מיסטישער פלאם, וואָס האָט אָנ־געצונדען א נייע ליכט אין דער אידישער הויז — די קבלה.

ח.

# די קבלה און איהר ווירקונג אויף דעם משיחישען אידעאל

דאָס אידישע לעבען אין 13טען יאָהרהונדערט. — דער נייער „לבוש" פון משיחישע האָפנונגען. — ראציאָנאליזם און מיסטיציזם. — דאָס משיח יאָהר פון דעם רמב"ן.

אין דעם דרייצעהנטען יאָהרהונדערט האָט דאָס אידענטום ניט איבערגע־טראגען אזויפיעל בלוטיגע רדיפות, ווי אין די טעג פון די ערשטע און צווייטע נוסעי הצלב, דערפאר אָבער האָבען זיך אָנגעפאנגען שווערע גזרות אין פארשידענע לענדער אין מערב אייראָפּא און אין מזרח. עס איז איינגעפיהרט געווארען די „געלע לאטע" וואָס האָט באצוועקט צו דערנידריגען דעם איד און איהם אוועקשטעלען אין א ערגערער מדרגה, ווי אלע אנדערע איינוואוינער. אין דעם יאָהרהונדערט (1242) איז דער תלמוד פאר־ברענט געווארען אין פראנקרייך און עס זיינען געקומען אנדערע שווערע גזרות. עס זיינען אויך געווען גזירות פון גירושים פון פראנקרייך און פון ענג־לאנד. אידען האָבען אָנגעפאנגען פארלאָזען זייערע גלות לענדער און זיינען אַוועק אין א נייעם גלות, קיין פוילען, ליטא און אנדערע מזרח אייראָפּעאישע לענדער.

אויך אין דעם גייסטיגען אידישען לעבען האָט ניט געהערשט קיין פרעהליכע שטימונגען עס איז געפיהרט געווארען דער קאמף געגען דעם רמב"ם, וועלכער איז שוין דאן געווען טויט און עס איז געקומען צו א גרויסער מחלוקה. עס

זיינען געשאפען געוואָרען צוויי צדדים, וואָס יעדער איינער האָט געזוכט צו באווייזען זיין גערעכטיגקייט און ניט אלעמאל איז דער קאמף אינגאנצען געווען „לשם שמים.״

דער יאוש האָט זיך געשטארקט, די צוקונפט איז געווען פארדעקט מיט פינסטערניש. איין שוואכע האָפנונג האָט נאָך געטליעט, וואָס האָט געקאָנט ראטעווען פון אונטערגאנג און דאָס איז געווען, די אלטע אידישע האָפנונג פאַר דער משיחישער אויסלייזונג. זי האָט אָבער געמוזט אָנגעקליידעט ווערען אין א נייעם „לבוש״, זיך באווייזען אין א נייער צורה, אז זי זאָל קענען דער־וואַרעמען די פארגליווערטע הערצער און אז די פונקען זאָלען זיך קענען קלייבען איינער צום צווייטען און זיך באהעפטען אין א פלאַם פייער.

דאָס פאָלק האָט שוין מעהר ניט געקאָנט גלויבען אין א נאטירליכער אויס־לייזונג. דער „דרך הטבע״ האָט שוין מעהר ניט געקאָנט זיין דער וועג אויף וועלכען דאָס פאָלק זאָל געהן צו זיין צוקונפט. צו שווער איז געווען דער יאָך, צו שטארק דער יאוש, מען האָט מעהר ניט געגלויבט אין די אייגענע כחות און מען האָט באדארפט האָבען א כח, וואָס זאָל ארויסנעהמען דאָס פאָלק פון זיין טאָג־טעגליכען לעבען, דאָס איבערפיהרען אין א העכערער וועלט, וואו מען קען דערגרייכען צו אלעס דורך איבערנאטירליכקייט — און די דאָזיגע ראָלע האָט אין יענעם יאָהרהונדערט געשפּיעלט די קבלה, וואס האָט אנגעפאנגען אלץ מעהר און מעהר פארנעהמען אן אנגעזעהענעם פלאץ אין דעם אידישען לעבען.

די קבלה שטרעבט צו דערהויבען דעם מענש צו א הויכער מדרגה, ביז וואנען ער וועט דערגרייכען צו אזא שטופע, אז ער וועט אַרום זיך זעהן בלויז א וועלט פון גייסט און דאמאָלס וועט ער אָבנידערען די געטליכע שפע אויף דעם דאָזיגען אויסדערוועהלטען און ער וועט זוכה זיין צו א נשיקה (קוש) — דער קוש פון דעם וואָס לעבט אייביג און דער האר פון אלע באשעפענישען און דער מענש וועט אין זיך דערפיהלען די נבואה.

אום דער מענש זאָל זיך קענען דערהויבען צו אזא מדרגה דארף ער האָבען גענוג כח זיך אָבצוזאָגען פון פיעל תאוות, זיך צו רייניגען און הייליגען, ביז וואנען ער קען דערגרייכען די צעהן ספירות. ער מוז אויך קענען דערהויבען זיין נשמה דערצו, אז זי זאָל זיין צווישען די אויסדערוועהלטע, ווייל לויט דער קבלה, זיינען פאראַן פיערערלי נשמות: די ערשטע איז „נפש״, וואָס איז פאראַן אין יעדער זאַך וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט, אפילו עס באוועגט זיך ניט. „נפש״ איז א „גשמיות׳דיגע״ נשמה. נאָכדעם קומט „רוח״, די נשמה וואָס איז פאראַן אין יעדער שפּראָצונג און אין יעדער לעבעדיגער זאַך און זי ענדיגט זיך צוזאמען מיט דעם גוף. נאָכדעם קומט „נשמה״, וואָס בלויז דער מענש

באזיצט. עס איז אָבער פאראַן א תנאי, א איד מוז אָבהיטען די תרי"ג מצות און א ניט־איד די זיבען מצות פון די „בני חם" אום צו האָבען די דאָזיגע נשמה, וועלכע איז אייביג. נאָך העכער איז די נשמה „חיה", וועלכע איז די מתנה פון יעדען מענש, וואָס קען זיך דערהויבען צו א העכערער מדרגה. אָבער אויסער די דאָזיגע פיערערליי נשמות איז נאָך פאראַן אן אנדער נשמה „יחידה", וועלכע איז פארבאהאלטען פאר אויסדערוועהלטע און נאָך דעם טויט פון איהר באזיצער קעהרט זי זיך אום צו דעם „אין סוף."

אָט דאָס איז די וועלט פון דער קבלה וואָס פיהרט דעם מענש פון מדרגה צו מדרגה און וויל איהם דערהויבען צו דער מדרגה פון א נביא. עס איז קיין וואונדער ניט, ווען דאָס פאָלק האָט זיך באגייסטערט פאר די טרעגער פון דעם דאָזיגען הויכען אידעאל פון א וועלט פון גייסט, אין א צייט ווען אין דער וועלט פון גשמיות, האָט מען פאר זיך ניט געזעהן קיין זין און תכלית, קיין אויסוועג און צוקונפט.

ווען די קבלה האָט זיך אָנגעפאנגען איז אומבאקאנט. די מיסטישע שטי־מונגען האָבען זיך נאָך געטראָגען יאָהרען פריהער. נאָך אין די צייטען פון תלמוד האָט מען גערעדט וועגען „פרדס." אין די צייטען פון די גאונים זיינען שוין אויך געווען מיסטישע אנטפלעקונגען, אָבער ערשט אין דעם דרייצעהנטען יאָהרהונדערט, ווען דער ראציאָנאליזם (די שטה וואָס איז געבויעט אויף דעם שכל) וואָס האָט געהערשט אין דער פילאָזאָפיע פון דער אידישער רעליגיע אין די דריי הונדערט יאָהר פון ר' סעדיה גאון ביז דעם רמב"ם, האָט געמוזט מאכען פלאץ פאר דעם מיסטיציזם, האָט די קבלה זיך אָנגעפאנגען באפעסטיגען.

זעלבסטפארשטענדליך, אז די קבלה האָט אויך געהאט איהר איינגענעם בליק אויף דער אידישער אויסלייזונג, וואָס האָט באדארפט געווען זיין א „גייסטיגע" און ערשט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, האָבען מקובלים אויך גערעדט פון א „ערדישער" אויסלייזונג, ווען זיי האָבען מיט זייערע אויגען צוגעזעהן די אידישע צרות.

## ר' משה בן נחמן (רמב"ן)

איינער פון די ערשטע מקובלים, וואָס האָבען זיך גענומען אויסרעכענען דאָס יאָהר פון אידישער אויסלייזונג, איז געווען ר' משה בן נחמן (רמב"ן) פון גרונדי, וועלכער האָט געלעבט אין די יאָהרען 1195-1270. ער איז געווען גרויסער תלמודיסט, אָבער צו דערזעלבער צייט האָט ער זיך אויך אָבגעגעבען מיט דער תורה פון קבלה.

דער רמב״ן איז געווען א קלאָהרער דיינקער און האָט זיך ניט אריינגעלאזט אין דער מחלוקת, וואָס עס האָט דאן געהערשט צווישען די פארטהיידיגער פון רמב״ם און זיינע געגנער. ערשט ווען איין צד האָט אָנגעפאנגען ווארפען דעם צווייטען אין חרם, האָט ער זיך ביי זיי געבעטען, זיי זאָלען דאָס ניט טהאָן. ער האָט בכלל געשטרעבט צו פאראייניגען די קבלה מיט דעם תלמוד און דאָס מאכט אפשר אויך קלאָהר, ווארום דער רמב״ן אלס מיסטיקער האָט דאָך זיך ארויסגע־צייגט צו זיין ראציאָנאל, ווען ער האָט גערעדט וועגען רעליגיעזע ענינים און געזוכט צו באגרינדען זיינע מיינונגען מיט טיעפער לאָגיק.

אין זיין „ספר הגאולה״, וואָס איז אָבגעדרוקט געווארען אין לאנדאן אין דעם יאָהר 1909, זוכט דער רמב״ן צו באווייזען, אז דאָס יאָהר 1358 וועט זיין דאָס יאָהר פון אידישער אויסלייזונג. אנדערע פאר איהם האָבען שוין אויך אָנ־געוויזען אויף דעם יאָהר. די אויסרעכנונג איז לויט די פסוקים פון דניאל, דעם רמב״ן׳ס ראיות זיינען אָבער שטארק איבערצייגענט און זיי האָבען דארום גע־מוזט האָבען א גרויסע ווירקונג אין זיין דור.

דאָ וועט אָבער פאר אונז זיין אינטערעסאנט צו באמערקען, צו וואָס פאר א מין אויסלייזונג דעם רמב״ן, אלס מקובל, האָט געשטרעבט. ער ווייזט אָן, אז ווען די אידישע זינד זאָלען זיין אזוי גרויס, אז זיי זאָלען שוין מעהר ניט קענען האָפען, אז עס וועלען מקוים ווערען די הבטחות, וואָס עס איז זיי געגעבען גע־ווארען אין דער תורה, אדער צוליב אירגענד וועלכער אנדערער אומבאקאנטער סבה, וואָלט גאָט מעהר ניט געוואלט אומקעהרען די אידען זייער זעלבסטשטענ־דיגקייט, וואָלט דאָס אויך ניט אָבגעשטעלט די אידען פון אָבהיטען די תורה. די אידען שטרעבען אויך ניט צו „ביאת המשיח״, צוליב דעם וואָס דאָס אליין וועט דערפיהרען צו א געוויסען סוף, ווייל דאָס איז ניט דער ציעל אז זיי זאָלען ווידער קענען עסען פון די פרוכט אין ארץ ישראל, אָדער הנאה האָבען פון אנ־דערע פארגעניגענס; אפילו ניט דאָס וואָס עס וועט זיי געבען א מעגליכקייט צוריק אויפשטעלען דעם בית המקדש און מקריב זיין קרבנות, איז די גרעסטע אידישע האָפנונג. די אמת׳ע אורזאכע ווארום אידען ווארטען פאר משיח׳ן איז דאָס, וואָס זיי וועלען דאן קענען צוזעהן, ווי עס וועט זיך פארשפרייטען אויף דער וועלט מעהר ריינקייט און הייליגקייט און זיי וועלען קענען זיין צוזאמען מיט די נביאים און כהנים. אין אנדערע ווערטער, די אידישע בענקענש פאר דעם אויסלייזער, איז די שטרעבונג צו א הייליגען לעבען, וואָס קען זיין בלויז אין ארץ ישראל.

דער רמב״ן האָט אויך אָנגעוויזען, אז די זעקס טעג פון בריאת העולם לער־נען אונז עטוואָס וועגען די טעג פון אויסלייזונג. אזוי ווי אין דעם זעקסטען טאָג איז באשאפען געווארען דער מענש, אזוי וועט אין דעם זעקסטען טויזענד

יאָהר פון זינט די וועלט איז באשאפען געווארען, זיך באווייזען דער אויסלייזער. דער זיבעטער טאָג, שבת, צייגט אז דער זיבעטער טויזענד יאָהר וועט זיין היילי־גער און שעהנער, ווי די פריהעריגע טויזענדער יאָהרען.

דער רמב"ן האָט אויך אָנגעוויזען אז דער פארבאָט פון די חכמי התלמוד, אויסצורעכענען דעם „קץ", איז מעהר ניט גילטיג, צוליב דעם וואָס מען שטעהט שוין נאָהענט צו דעם „קץ." דער פארבאָט איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין א צייט ווען עס איז געווען ווייט דערצו, אום צו ראטעווען מענשען פון שטארקער ענטוישונג. ער האָט אויך געזוכט צו באווייזען אז א גמטריא איז א געזעצליכע מעטאָדע אויסצורעכענען די צייט פון אויסלייזער.

אין דעם יאָהר 1263 האָט דער רמב"ן געהאט א וכוח מיט דעם גלח פאבלא קיסטיאני, א משומד, פאר דעם קעניג פון אראגאן, וואָס האָט אָנגעהאלטען פיער טעג און אין וועלכען עס איז, זעלבסטפארשטענדליך, אויך ארויפגעקומען די פראגע פון דעם אידישען משיחישען גלויבען און דער רמב"ן האָט אָנגעוויזען, אז אידען גלויבען ניט אין קיין געטליכען משיח, נאָר אז ער וועט זיין א מענש פון א הויכער מדרגה, וואָס וועט ברייגנען אויסלייזונג דעם פאָלק.

אין דעם וכוח האָט טאקע דער רמב"ן געזיעגט, ער האָט אָבער נאָכדעם באַ־יארפט אויסשטעהן פיעל רדיפות פון די פארטרעטער פון דער קירכע און אזוי ווי ער האָט געפיהלט, אז ער קען מעהר ניט פארבלייבען אין שפאניען האָט ער פארלאָזט דאָס לאנד, און אין עלטער פון זיעבציג יאָהר איז ער געקומען קיין ארץ ישראל. ער האָט געטראָפען דאָס לאנד וויסט, נאָך דער מלחמה צווישען די מאָנגאָלען און טאטארען פון דעם יאָהר 1260 און ער האָט פארגאָסען ביטערע טרעהרען. נאָכדעם האָט ער געגרינדעט אין ירושלים א גרויסע ישיבה, פאר תורה און חכמה. ער האָט אָבער דאָרט מעהר ניט געלעבט ווי ארום פינף יאָהר און זיין קבר איז אין חברון, ניט ווייט פון דער מערת המכפלה.

ט.

# רבי אברהם אבולאפיא

זיין נייער וועג אין קבלה. — זיין פארזוך צו באקערען דעם פאפסט צו דעם
אידישען גלויבען. — דער קאמף פון רשב"א געגען איהם. —
דער נביא פון אווילא. — רבי משה די ליאון און
דער זוהר. — שמריה האיקריטי. —
משה באטארעל.



איינער פון די ערשטע מקובלים, וועלכער האָט געלעבט אין א וועלט פון חלומות און פאנטאזיעס און וועלכער האָט אין זיך דערפיהלט א כח אויסצולייזען און זיך פראָקלאמירט אלס משיח, איז געווען — רבי אברהם בר' שמואל אבולאפיא.

אבולאפיא איז געווען אן אויסערגעוועהנליכע ערשיינונג. זיין מח איז שטענדיג געווען פול מיט הויכע געדאנקען און ערהאבענע געפיהלען, מיט סודות און פאָרשטעלונגען. ער האָט געהאט א שארפען שכל און פיעל וויסען, ער איז אָבער פון דער נאטור געווען אומרוהיג און שטענדיג געזוכט עטוואָס נייעס. אַפילו אין דער קבלה און איהרע צעהן ספירות, ווי זי איז פארשטאנען געווארען אין יענעם דור, האָט ער ניט געפונען קיין באפרידיגונג און ער האָט דארום זיך געוואָלט שאפען א נייעם וועג.

זיין אומרוהיגקייט האָט אבולאפיא ארויסגעוויזען שוין אין זיין פריהעסטער יוגענד. ער איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר 1240 אין דער שטאָדט סרגוסא און ווען ער איז נאָך געווען א קינד האָבען זיך זיינע עלטערען איבער־געצויגען קיין טאָלידא, שפאניען. ביז אכצעהן יאָהר האָט זיין פאָטער מיט

איהם געלערנט תנ״ך, משנה און גמרא. נאָכדעם איז דער פאָטער געשטאָרבען און ער איז נאָך דאָרט פאַרבליבען צוויי יאָהר און דאַן ווערט ער שוין באהערשט פון זיין אומרוהיגקייט און ווי ער דערצעהלט אליין:

— און איך בין אלט געווען צוואנציג יאָהר און א געטליכער גייסט האָט מיר אויפגעוועקט און מיר באוועגט און איך בין פון דאָרט אוועק און בין געקומען מיט א דירעקטען וועג קיין ארץ ישראל, דורך דעם ים און דורך דער יבשה, און איך האָב געהאַט בדעה צו געהן צו דעם טייך סמבטיון און איך האָב ניט געקאָנט אריבערגעהן פון עכו צוליעב דער קריעג וואָס עס האָט זיך געשטארקט צווישען ישמעאל און עשו, בין איך אוועק פון דאָרט דורך דעם לאנד יון (גריכענלאנד), וואו איך האָב געהייראט אויף מיין וועג.״ (*

ווי עס זעהט אויס, האָט שוין אבולאפיא דאַן געטראכט וועגען צוזאמענ־נעהמען די אידישע שבטים און ער האָט זיך געלאָזט זוכען די פארלאָרענע צעהן שבטים, וועלכע האָבען לויט דער לעגענדע, זיך פארקליבען פון יענער זייט סמבטיון. אויף דעם וועג קיין ארץ ישראל האָט ער געהייראט אין גריכענלאנד און באלד נאָך דער חתונה האָט ער איבערגעלאָזען זיין יונגע פרוי. אין ארץ ישראל איז דאַן אָנגעגאנגען דער קאמף צווישען די קריסטען און די מחמד׳אנער, וואָס איז באגלייט געוואָרען פון דער מלחמה צווישען די מאָנגאָלען און טאטא־רען. ערשט ווען ער האָט געמוזט זיך אומקעהרען פון ארץ ישראל און אויפגעבען זיין געדאנק וועגען די עשרת השבטים, איז ער געפאהרען קיין גריכענלאנד און גענומען מיט זיך זיין פרוי.

ער קומט דאַן קיין איטאליע און באזעצט זיך אין דער שטאָדט קאפוא, ניט ווייט פון רוים און ר׳ הלל מווירונא לערנט מיט איהם די אידישע פילאָזאָפיע. ער לערנט דעם „מורה נבוכים״ פון דעם רמב״ם עטליכע מאל, ביז ער קען איהם גוט און לערנט איהם שוין צו אנדערע. אין עטליכע יאָהר ארום קעהרט ער זיך אום קיין שפאניען און באזעצט זיך אין בארצעלאָנא. די דאָזיגע רייזעס דורך שפאניען און פאָרטוגאל קיין ארץ ישראל און פון דאָרט דורך דעם אינזעל סיציליען קיין איטאליען, האָבען זיכער בארייכערט זיין ווייסען און אויך זיין פאנ־טאזיע און ווען ער קומט צוריק קיין שפאניען פאנגט זיך אָן א נייע תקופה אין

---

*) א טהייל פון זיין לעבענסגעשיכטע דערצעהלט אבולאפיא אין זיין ספר „גן נעול״, געשריבען אין 1290 און איבערגעגעבען פון א כתב יד אין יעלינעק׳ס „בית המדרש״, אין מבוא צום דריטען טהייל. אויך די אנדערע ציטאטען וואָס מיר וועלען אָנגעבען פון זיין אויטאָביאָגראפיע זיינען גענומען פון דעם מקור.

זיין לעבן. ער דערנעהענט זיך צו דער קבלה.

— און ווען איך בין אלט געווען איין און דרייסיג יאָהר (א״ל שנה), אין דער מדינה באַרצעלאָנא, האָט מיר גאָט אויפגעוועקט פון מיין שלאָף און איך האָב געלערענט דעם „ספר יצירה״ מיט זיינע פירושים און עס איז אויף מיר געווען גאָט׳ס האנד און איך האָב גע־שריבען ספרי חכמה און וואונדערבארע ספרי נבואות און מיין גייסט האָט אויפגעלעבט. און א געטליכער גייסט האָט צו מיר דערגרייכט און א הייליגער גייסט האָט אין מיר געשוועבט און איך האָב געזעהן פיעל שרעקליכע און וואונדערליכע זעהונגען דורך א מופת און א אות און צוליב דעם האָבען זיך ארום מיר פארזאַמעלט שרעקליכע גייסטער און איך האָב געזעהן פלאַנטערנישען און פאַרשטעלונגען און מיינע געדאנקען זיינען צומישט געוואָרען, ווייל איך האָב ניט געפונען קיינעם וואָס זאָל מיר לערנען דעם וועג, אויף וועלכען איך זאָל געהן. צוליב דעם בין איך פופצעהן יאָהר געווען ווי א בלינדער וואָס טאפּט אין דער פינסטערניש און דער שטן שטעהט ביי מיין רעכטער האנד מיר ארונטערצופיהרען פון וועג.

אבולאפיא געפינט אויך ניט קיין צופרידענהייט אין דער קבלה, ווי ער האָט זי דאן געפונען. נאָך פיעל זוכענישען קומט ער צו דעם באשלוס, אז דער איינ־ציגער וועג וואס פיהרט צו דער העכסטער אנטפּלעקונג „התגלות העליונה״, צו דערגרייכען די מדרגה פון דער נבואה, איז דורך אויסרעכענען די צאָהלען און די אותיות, וואָס ווערט צוטהיילט אויף דריי אבטהיילונגען: נוטריקון, צרוף, גמטריא. אין די אותיות פון אלף בית זיינען פאראן אלע כחות דורך וועלכע די וועלט איז באשאפען געווארען און ווען א מענש וואלט געקאָנט צוזאמענ־שטעלען ווי געהעריג די צרופים פון די אותיות, וואָלט ער געקאָנט באשאפען א נייע וועלט.

ווידמעט אבולאפיא זיין גאנצען לעבען צו דער דאָזיגער חכמה פון צרופים און האָט אויך זיינע תלמידים געהייסען אזוי טהאָן. דאָס איז אָבער ניט גענוג יאום מען זאָל וויסען די צוקונפט און מען זאָל זוכה זיין צו דער נבואה. צוליב דעם דארף מען זיך דערווייטערען פון אלע פארגעניגענס פון דער וועלט. מען דארף זיך אָבזונדערען פון מענשען און קיינעם ניט אנטפּלעקען דעם סוד און אויף אזא וועג דארף מען זיך צוגרייטען צו רעדען מיט דעם באשעפער... ווען מען דער־פיהלט א גרויסע שוואכקייט און מען פיהלט אז די נשמה וועט זיך אָבטהיילען פון דעם גוף צוליב גרויס שמחה, ערשט דאמאָלס דערגרייכט מען צו דער מדרגה אין וועלכער מען איז מסוגל מקבל צו זיין די געטליכע השפעה...

אבולאפיא׳ס אויספיהרונג איז געווען אין אנקלאנג מיט זיין גלויבען. ער האָט זיך געפייניגט און ניט געוואָלט וויסען פון קיינע ערדישע פארגעניגען. צוליב דעם דאָזיגען לעבען און צוליב דעם וואָס ער האָט שטענדיג געשוועבט אין א וועלט פון חלומות, האָט ער אָנגעפאנגען גלויבען, אז גאָט האָט זיך צו איהם באוויזען. אין עלטער פון ניין און דרייסיג יאָהר קומט ער קיין ארווינא, איטאליען, און דאָרט האָט ער צום ערשטען מאָל זיך געלאָזט דערקענען אלס משיח, וואָס איז געקומען היילען די אידישע וואונדען און לערנען זיין פאָלק די אמת׳ע געטליכע השגחה. ער רופט זיך אין יענער צייט מיט פארשידענע נעמען ווי רזיאל, זכריהו, וועמעס אותיות באטרעפען צוויי הונדערט און אכט און פער־ציג ווי די אותיות פון זיין נאָמען אברהם.

אין בארצעלאָנא און אין אנדערע שטעדט האָט זיך אבולאפיא געשאפען פיעל אנהענגער און געהאט פיעל תלמידים, פון וועלכע אייניגע האָבען זיך ער־קלעהרט פאר נביאים. די דאָזיגע תלמידים זיינע האָבען איהם נאָך צוגעגעבען שטארקייט און ער באשליסט איבערצוטראָגען זיין טעטיגקייט אין דער ניט אי־דישער וועלט. אין דעם יאָהר 1280 קומט ער קיין רוים מיט דעם צוועק צו בע־איינפלוסען דעם פאפסט ניקאָלאס דעם דריטען, וועלכער איז געווען א גרויסער שונא ישראל, און איהם באקעהרען צו דעם אידישען גלויבען. ווען דער פאפסט, וואָס איז דאן ניט געווען אין שטאָדט, האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער ארויסגעגעבען א באפעהל, מען זאָל איהם ניט ארייגלאָזען אין זיין הויף, נאָר מען זאָל איהם כאפען און איהם פארברענען ביי דעם טויער פון דער שטאָדט. די שליחים פון פאפסט האָבען צוגעגרייט א שייטערהויפען, עס האָט אָבער גע־לונגען אבולאפיא׳ן זיך אויסצודרעהען און ער איז אוועק קיין סוריאנו, די שטאָדט וואו דער פאפסט האָט זיך געפונען און ווי נאָר ער איז דאָרט אָנגעקומען, האָט זיך פארשפרייט די ידיעה, אז דער פאפסט איז פלוצלונג געשטאָרבען און אבולאפיא האָט געגעבען אָנצוהערען, אז דאָס איז זיין זיעג.

די באאמטע פון שטאָדט האָבען אויף איהם געוואָרפען א חשד און מען האָט איהם געבראכט קיין רוים, וואו מען האָט ארייגעזעצט אין תפיסה און ערשט מיט א מאָנאט שפעטער איז ער באפרייט געוואָרען, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעגעבען זיין שטה פאר זיינע ריכטער און זיי האָבען אין איהר גע־פ׳נען עטוואָס אין אנקלאנג מיט דער הערשענדער רעליגיע.

ווען ער איז באפרייט געוואָרען איז ער אוועק קיין סיציליען, וואו ער האָט זיך אין דעם יאָהר 1284 ווידער ערקלעהרט פאר משיח און אָנגעגעבען דאָס יאָהר 1290 אלס דאָס יאָהר פון דער גאולה. ער האָט זיך געשאפען אליץ מעהר אנ־הענגער צווישען די מקובלים, דערפאר אָבער האָבען געגען איהם אָנגעפאנגען פיהרען א קאמף ניט בלויז די רבנים, נאָר אויך די אויפגעקלעהרטע אידען, וועל־

כע האָבען אין איהם דערזעהן א געפאהר פאר אידישקייט. מען האָט דאמאָלס פאַרבאָטען יונגע מענשען צו פאַרטיפען זיך אין קבלה און אבולאפיא און זיינע אנהענגער זיינען גע׳רודפ׳ט געווארען.

באזונדערס שטארק איז ארויסגעטראטען געגען אבולאפיא׳ן דער רשב״א, ר׳ שלמה בן אדרת (1235-1305), וועלכער האָט וועגען איהם געשריבען, אז ער פארשטעהט אפילו ניט די קבלה און איהם שטאַרק געזידעלט מיט די ערגסטע ווערטער:

— און איינער פון זיי איז געווען יענער אויסוואורף, שם רשעים ירקב (דער נאָמען פון די רשעים זאָל פארפוילט ווערען) יענער אברהם, וועלכער האָט זיך פאַרגעשטעלט אלס א נביא און א משיח אין סיציליען און האָט מיט זיינע ליגענס איבערגערעדט פיעל אידען און ווען איך וואָלט פאר איהם ניט פארשלאָסען די טיהר, א דאַנק גאָט׳ס רחמנות, וואָלט ער מיט זיינע אויסגעטראכטע און פאלשע רייד, וועלכע האָבען פאר די נאראָנים אויסגעקוקט ווי גרויסע חכמות, געווען אָנגעטהאָן פיעל שאדען.
(שו״ת הרשב״א, סימן תקמ״ח, דפוס האַנווא).

אבולאפיא האָט זיך געפּרואווט פארענטפערען און זיך ריינוואשען פון דעם נאָמען „מסית ומדיח״, מיט וועלכען ער איז געקרוינט געווארען פון דעם רשב״א. זיין ענטפער האָט ער געשריבען אָהן כעס און בלויז געוואָלט אָנווייזען אז ער איז גערעכט. זיין בריעף האָט אָבער געהאט א פארקעהרטע ווירקונג און דער רשב״א האָט נאָך מעהר פארשטארקט דעם קאמף געגען איהם. אויך אנדערע אידישע חכמים זיינען געגען איהם ארויסגעטראטען און דאָס האָט ארויסגערופען אבולאפיא׳ס געגנערשאפט צו דעם תלמוד און עס האָט געפיהרט דערצו אז ער זאָל פארלירען פיעל פון זיינע אנהענגער.

אבולאפיא האָט נאָך ארומגעוואנדערט פיעל יאָהרען און וואָס עס איז געווען זיין סוף איז אומבאקאנט. ער האָט איבערגעלאזט נאָך זיך פיעל ספרים, אין וועלכע ער זוכט ארויסצובריינגען זיין דרך אין קבלה און אויך איינינע תלמידים, וועלכע האָבען געפּרואווט געהן אין זיינע וועגען.

## דער נביא פון אווילא

אבולאפיא איז פארשוואונדען, אָבער זיינע חלומות זיינען נאָך ניט פאַר־איבער און זיינע תלמידים האָבען אויך אויף ווייטער געזוכט אויסצורעכענען דאָס

משיח יאָהר מיט דער הילף פון גמטריאות. ווי גרעץ גלויבט איז איינער פון זיינע תלמידים וואָס האָבן פאַרטגעזעצט זיין ארבייט געווען שמואל הנביא פון אילאַן, אין דער שפּאַנישער פּראָווינץ סעגאָוויא. א צווייטער איז געווען אברהם בן נסים, דער נביא פון אווילא. ביידע זיינען ארומגעפאָהרען איבער דעם לאַנד און האָבן אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די אויסלייזונג איז נאָהענט.

וועגען דעם נביא פון אווילא ווערט איבערגעגעבען, אַז ער איז געווען א גרויסער עם הארץ. עס האָט זיך אָבער צו איהם באַוויזען א מלאך פון גאָט און איהם אַנטפּלעקט הייליגע סודות. ער האָט דאַן אָנגעפאַנגען שרייבען א ספר „פליאות החכמה" און אויך א פירוש אויף יעדער וואָרט אין דעם דאָזיגען ספר. א תלמודישער געלעהרטער פון דייטשלאַנד האָט באַשטעטיגט די דאָזיגע וואונדער.

די קהלה פון אווילא האָט זיך דאַן געווענדעט צו דעם רשב"א און געפרעגט זיין מיינונג וועגען דער דאָזיגער ערשיינונג. דער רשב"א האָט זיך באַנוצט מיט דער דאָזיגער געלעגענהייט אָנצואווייזען אויף די שווינדלער וואָס באַנוצען זיך מיט דעם צוטרוי פון דעם פאָלק. דער רשב"א אַליין וואונדערט זיך וועגען דער דאָזיגער ערשיינונג, אָבער —

— מען קען ניט גלויבען אַז ער איז א נביא, אָדער אַז עס האָט מיט איהם גערעדט א מלאך פון גאָט, וואָס האָט איהם געלערענט און איהם אָנגעשריבען א ספר. דאָס איז אונמעגליך, ווייל אונזערע חכמים האָבען אונז שוין איבערגעגעבען, אַז די שכינה רוהט בלויז אויף א חכם, א רייכען מאַן אָדער א העלד און דער וואָס האָט ניט קיין חכמה און אין איין שעהנעם טאָג זאָל ער ווערען א נביא, איז ווייט פון דעם שכל... משה, דער האַר פון די נביאים, וועלכער האָט זיך באַוויזען אין א צייט ווען גאָט האָט געוויזען זיין חסד און אמת צו דעם אידישען הויז, האָבען פיעל איהם נאָכגעקוקט און א לאַנגע צייט האָט מען געצווייפעלט אין זיין נבואה, דאַרף מען אין אזאַ דור יתום ווי אונזערער, אין וועלכען עס מעהרען זיך די שווינדלער, וואָס נאַרען אָב די מענשען, אודאי ניט גלויבען אין זיי...

(שו"ת הרשב"א, סימן תקמ"ח, דפוס האנווא).

דער נביא פון אווילא האָט זיך אָבער ניט אָבגעשטעלט פון דער וואָרנונג פון דעם רשב"א און די אנדערע רבנים און ער האָט פאַרזיכערט די וואָס האָבען אין איהם געגלויבט, אַז משיח וועט קומען אין חדש תמוז פון דעם יאָהר ה' נה' (1295). עס איז געקומען דער טאָג און זיינע אנהיינגער, וועלכע האָבען זיך די גאַנצע צייט געגרייט צו מקבל זיין דעם מלך המשיח, האָבען זיך אָנגעטאָן אין ווייסען און זיך איינגעוויקעלט אין טליתים און געקומען אין שוהל אָבוואַרטען

דעם שופר פון משיח. זיי זיינען אָבער געבליבען ענטוישט און א טהייל פון זיי האָבען פלוצלונג דערזעהן אויף זייערע קליידער צלמים, וואָס האָט אויף זיי אָנגע־וואָרפען א שרעק. אנדערע גלויבען, אז דעם נביא'ס געגנער האָט דאָס אָבגע־טאָן א שפיצעל, אום צו באווייזען די נארישע גלויבער, ווי פאלש עס איז דער משיח.

פונקט ווי זיין רבי אבולאפיא איז דער נביא פון אווילא פארשוואונדען גע־וואָרען און קיינער ווייס ניט, וואָס עס איז געווען זיין סוף. פיעל פון זייערע אנהענגער האָבען פארלאָזט דעם אידישען גלויבען, פיעל זיינען ארונטער פון זינען און אריינגעפאלען אין א טיפער מרה שחורה.

## רבי משה די ליאון און דער זוהר

אין דעם דרייצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען מיר צו פארצייכענען נאָך א גרויסע ערשיינונג אין דער קבלה, און דאָס איז די ענטפלעקונג פון דעם „זוהר", דער ספר וואָס איז שפעטער געוואָרען פאר אלע מקובלים דער הויפט ספר פון וועלכען זיי האָבען געשעפט זייער באגייסטערונג.

דער זוהר איז ענטדעקט געווארען פון רבי משה בן שם טוב די־ליאון (1250—1305), וועלכער איז אליין דער פארפאסער פון אייניגע קבלה ספרים. די־ליאון איז אליין ניט געווען קיין גרויסער געלעהרטער, ווי עס איז געווען אבולאפיא, ער האָט אָבער געהאַט א גרויסען טאלאנט צום שרייבען. זיין שפראך איז געווען א זעהר אנציהענדע און ער האָט געקאָנט אויסטייטשען זאכען אויף פארשידענע אופנים.

די־ליאון האָט אָבער ניט פארנומען קיין צו גרויסען פלאץ אפילו אין דער קבלה וועלט ביז וואנען ער איז ניט ארויסגעקומען מיט זיין נייער ענטפלעקונג, אז ער האָט געפונען א ספר וואָס ר' שמעון בן יוחאי האָט אָנגעשריבען אין דער צייט ווען ער האָט זיך אויסבאהאלטען דרייצעהן יאהר אין דער הייל פאר די רוימער. אונז איז שווין אויסגעקומען צו דערמאָנען, ווי פיעל פון די מיסטיקער האָבען זיך באנוצט מיט דעם דאָזיגען מיטעל אָנצורופען פארשידענע ווערק אויף די נעמען פון די אמאָליגע גדולים און דערמיט זיי צוגעבען גרויס וויכטיגקייט. עס זיינען דארום פאראן פיעל וואס זיינען ביי דער מיינונג אז די־ליאון אליין איז דער פארפאסער פון דעם „זוהר" און אנדערע זיינען ביי דער מיינונג אז אבולא־פיא איז דער פארפאסער.

דער „זוהר" איז אינגיכען געווארען זעהר פאָפולער און פארהייליגט. גלויבענדיג אז ר' שמעון בן יוחאי האָט געלערענט תורה פון גאָט אליין, איז די

הייליגקייט פון „זוהר‟ געווען כמעט אזוי שטארק ווי פון דער תורה און ביז אין די לעצטע צייטען האבען זיך געפונען אידען, וואס האבען געגלויבט, אז זאגען „זוהר‟, אויב אפילו מען פארשטעהט ניט וואס עס איז דארט געשריבען, איז גענוג צו רייניגען די נשמה און דערנעהענטערען צו גאט.

עס איז דארום צו ערווארטען אז דער משיחישער גלויבען זאל אין אזא ספר ווי דער „זוהר‟ פארנעהמען א באזונדער אנגעזעהענעם פלאץ. עס ווערען טאקע אין דעם „זוהר‟ געמאכט פארשידענע אויסרעכענונגען, אויף וועלכע עס האבען זיך שפעטער געשטיצט די פארשידענע פאלשע משיחים, ספעציעל שבתי צבי און יעקב פרענק.

איין אויסרעכנונג פון „זוהר‟ איז געשטיצט אויף דעם שם המפורש. די אותיות „ה‟ און „ו‟ זיינען צוטהיילט געווארען ווען די אידען זיינען אוועק פון גלות. די „ה‟ צייגט אויף די ערשטע פינף טויזענד יאהר פון בריאת העולם, די „ו‟ אויף דעם זעקסטען טויזענד. ווען עס וועט קומען דאס זעקסטע טויזענד יאהר דאן איז דער אנפאנג פון דער גאולה. עס קומען נאך אבער צו זעכציג יאהר, לויט דעם חשבון וואס מען כפל'ט די „ו‟ (6) ביי דער „י‟ (10). לויט דעם חשבון איז דאס יאהר פון אויסלייזונג ה'ס, (1300). נאכדעם וועט די „ה‟ שטייגען אלע זעכציג יאהר צו א העכערער מדרגה, ביז צו דעם יאהר 1840, ווען די טויערען פון חכמה וועלען זיך עפענען און די וועלט וועט ווערען גרייט פאר דעם זיבעטען טויזענד יאהר, וואס איז אין דער בחינה פון שבת. אן אנ־דער אויסרעכנונג איז אז דאס משיח איז דאס יאהר 1306.

ווייטער ווערט אויסגערעכענט אז די צוועלף שבטים שטעלען פאר צוועלף הונדערט יאהר פון גלות, זייט דעם חורבן פון בית המקדש, דאס קומט אויס דאס יאהר 1268. נאכדעם וועט זיך אנפאנגען די פינסטערע נאכט פון אידענטום, וואס וועט אנהאלטען 66 יאהר. דאן, אין יאהר 1334, וועט משיח ערשיינען און מיט 66 יאהר שפעטער (1400) וועלען די אותיות פון גאט'ס נאמען זיך בא־ווייזען אין זייער גאנצער לויטערקייט. מיט 132 יאהר שפעטער וועלען אויפ־שטעהן די טויטע פון ארץ ישראל און מיט 144 יאהר שפעטער (1676) וועט פארקומען תחית המתים אין די אנדערע לענדער.

עס זיינען פאראן נאך אנדערע אויסרעכנונגען אין „זוהר‟ פאר דעם יאהר פון משיח'ס קומען און פאר דעם יאהר פון תחית המתים און איינער פון זיי איז דאס יאהר ת"ח (1608), וואס איז שפעטער אנגענומען געווארען פון שבתי צבי פאר דעם יאהר פון אידישער אויסלייזונג.

דער „זוהר‟ באשרייבט אויך ווי אזוי עס וועט פארקומען די אידישע אויס־לייזונג. איידער משיח וועט קומען וועלען אידען אויסשטעהן גרויסע רדיפות און אלע פעלקער וועלען קאנקורירען מיט זייערע אונטערדריקונגען אויף אידען און

„די לעצטע צרות וועלען מאכען פארגעסען די ערשטע." דער משיח וועט זיך צו־ערשט באווייזען אין גליל. די פעלקער וועלען פיהרען א מלחמה מיט איהם און ער וועט זיגען, פיעל דערפון דערמאנט די אנדערע בילדער וואס זיינען געמאלען געווארען אין די פארשידענע אנטפלעקונגען און אין די פאראויסזאגונגען פון רבי סעדיה גאון, רב האי גאון און אנדערע.

דער משיח ווערט אין „זוהר" אויך פארגעשטעלט אלס א ליידענדער און קראנקער, ווי ער ווערט פארגעשטעלט אין תלמוד און אין דער שפעטערדיגער ליטעראטור.

(מיר האבען מיט די דאזיגע שורות ניט אויסגעשעפט דאס אלעס וואס ווערט געזאגט אין „זוהר" וועגען משיח'ן און זיין איינפלוס אויף דער קבלה וועלט, אונזער צוועק איז אבער געווען בלויז צו דערמאנען איהם אויף וויפיעל עס האט צו טהאן געהאט מיט דער תקופה ביי וועלכער מיר האלטען און די נייע ווענדונג וואס ער האט געגעבען דער ענטוויקלונג פון משיחישען אידעאל).

## שמריה בן אליהו האיקריטי

אין דעם פערצעהנטען יאהרהונדערט האט זיך ערקלערט אלס משיח שמריה בן אליהו האיקריטי, פון נעגראפאנט. (קריטי און נעגראפאנט זיינען אינזלען אין גריכענלאנד — ר' שמריה'ס פאטער איז געווען א רב אין קריטי און דערפון נעמט זיך זיין נאמען האיקריטי).

האיקריטי (געבוירען ארום 1275 אין רוים) איז געווען א פארשער און אן אויסטייטשער פון תנ"ך. ער האט געזוכט צו פאראייניגען די קאראאימער מיט די אידען. זיין ליטערארישע טעטיגקייט איז אבגעשטעלט געווארען אין דעם יאהר 1330, צוליב דעם טויט פון זיין זוהן. שפעטער האט ער זיך ווידער גענומען צו זיין ליטערארישער ארבייט.

עס ווערט איבערגעגעבען, אז אין דעם יאהר 1352 האט ער זיך געלאזט קיין קאסטיליען און אנדלאזיע, וואו ער האט געוואלט צוריקברייגען די קא־ראאימער צום אידישען גלויבען. דארט האט ער זיך ערקלערט אלס משיח און זיינע אנהענגער האבען באגלייט איהם אויף דעם וועג. ער איז צוליב דעם איינגעשפארט געווארען אין תפיסה, וואו ער האט פארענדיגט זיינע לעצטע יאהרען.

## משה
## באטארעל

ווען עס איז פֿאַראיבער דאָס יאָהר 1358, וואָס איז ביי פיעל מיסטיקער געווען אויסגערעכענט אַלס דאָס יאָהר פון אידישער אויסלייזונג און משיח האָט זיך ניט באוויזען, האָט דאָס געהאט א ווירקונג אז עס זאָל פאר א צייט אבגע־שטעלט ווערען די ארבייט פון אויסרעכענען דאָס משיח יאָהר. דאָס קען אָנגע־נומען ווערען פאר אן אורזאכע ווארום אין דער צווייטער העלפט פון פערצעהנטען יאָהרהונדערט און אין דעם פופצעהנטען יאָהרהונדערט, האָבען זיך ניט באוויזען קיין משיחים.

אין דער דאָזיגער פעריאָדע קען מען פארצייכענען בלויז איין משיח און דאָס איז משה באטארעל, א אידישער געלעהרטער און בעל מקובל אין שפאניען, וועלכער האָט געלעבט אין דער צווייטער טהייל פון פערצעהנטען יאָהרהונדערט.

דאָס אידישע לעבען אין שפאניען איז אין די לעצטע צעהנדליגער יאָהר פון דעם 14טען יאָהרהונדערט, געווארען א גיהנום. דער „שווארצער פעסט" בלבול, די ברידער־קריעג איבער דער שפאנישער מלוכה, ווען יעדער צד האָט געזוכט צו באשולדיגען די אידען אין אומטרייהייט, זיינען געווען די סבות פאר רדיפות אויף אידען, וואָס זיינען געוואָרען אַלץ שטארקער, ביז צו דעם יאָהר 1492, ווען אידען זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון דעם לאנד. אויך די לאַגע פון אידען אין אנדערע לענדער איז ניט געווען בעסער. דער עלילת דם האָט געפאָדערט זיינע קרבנות און די „גאָלדנע תקופה" האָט אָנגעפאנגען צו פארשווינדען.

בוטארעל האָט געקראָגען א גרויסע אנהעננערשאפט, צוליב דעם וואס מען האָט באטראכט די אידישע רדיפות אלס די „חבלי משיח" און אויב מען האָט איהם ניט אָנגענומען פאר קיין משיח, האָט מען געוואָלט גלויבען, אז ער איז זיין אָנזאָגער. אפילו אזא פערזענליכקייט ווי ר' חסדאי קרשקש (1340—1410), וועלכער איז געווען געגען משיחישע אויסרעכנונגען, איז לויט ווי מען קען ארויס־נעהמען פון בריעף וואָס ער האָט געשריבען צו זיינע פריינד, געווען גענויגט צו גלויבען אין בוטארעל'ס משיחיזם. מעגליך, אז די טרויעריגע איבערלעבונ־גען פון דעם יאָהר 1391, ווען זיין איינציגער זוהן איז אומגעקומען אויף קידוש השם אין בארצעלאָנא, האָט געהאט אויף איהם א ווירקונג.

א לעגענדע גיט איבער, אז באטארעל האָט זיך געלאזט אריינווארפען אין א ברענענדען אויווען, פון וועלכען ער איז ארויס לעבעדיג, אום צו איבערצייגען דעם שפאנישען קעניג, אז ער האָט אן איבערמענשליכען כח.

וואָס עס איז געווארען זיין סוף, איז אומבאקאנט, זיין נאָמען איז באלד פארגעסען געווארען, הגם ער האט איבערגעלאזען אייניגע ווערק אין דער קבלה.

י.

# אשר לאמליין

די גירושים פון שפאניע און פאָרטוגאל. — די פּאָליטישע לאגע אין מזרח אין אָנפאנג פון 16טען יאָהרהונדערט. — דון יצחק אברבנאל און ווי אזוי ער האָט געוועקט די משיחישע האָפ־נונגען. — לאמליין'ס בשורה פון אידי־שער אויסלייזונג. — א משיחישע נביאה.


אָס יאָהר 1492 איז געווען דאָס יאָהר פון דריטען אידישען גלות, ווען די אידען זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון שפאניען.

דער אומגליק האָט געטראפען ניט בלויז די אידען פון שפאניען, נאָר די אידען איבער דער גאנצער וועלט, צווישען וועלכע די שפאַנישע אידען זיינען פאררעכענט געווארען אלס מיוחסים. א טייל אידישע פאַמיליעס אין שפאניען האָבען געהאט יחוס בריעף, אז זיי שטאמען אָב פון מלכות בית דוד און עס איז געווען אָנגענומען, אז זיי אלע זיינען פון דעם שבט יהודה.

די אידען אין שפאַניע האָבען ארויסגעגעבען גרויסע געלעהרטע אויף יעדען געביעט. פיעל פון זיי האָבען געהאט איינפלוס אויף דער פיהרונג פון לאנד, זיי זיינען געווען רייך און אויף זיי האָט זיך אויסגעגאָסען גאָט'ס צאָרן מעהר ווי אויף אלע אנדערע אידען. גלות, גזרות פון שמד, הונגער און קראנקהייטען, די אינקוויזיציע, דאָס אלעס האָט געפיהרט צו דער פארניכטונג פון די שפאַנישע אידען און פון די הונדערטער טויזענדער אידען, וועלכע זיינען אוועק אין גלות, איז פארבליבען אפשר א צעהנטעל. זיי האָבען זיך געשלעפּט פון לאנד צו לאנד

און אין ערגעץ האָבען זיי קיין רוה ניט געקאָנט געפינען. פון זייער גרויסען פארמעגען איז גאָרניט פארבליבען און זיי האָבען געמוזט אָנקומען צו נדבות.

צו די ארויסגעטריבענע פון שפאניען זיינען מיט זעקס יאָהר שפעטער, אין 1498, צוגעקומען די פארטריבענע פון פאָרטוגאל. אויך די אידען פון יענעם לאנד האָבען געטרונקען דעם ביטערען כוס און אויך זיי האָבען געמוזט נעהמען דעם וואנדער שטעקען אין דער האנד, נאָך הונדערטער יאָהרען פון א רוהיגען לעבען.

אויך פון דייטשלאנד זיינען אידען ארויסגעטריבען געווארען פון עטליכע שטעדט, אינ'ם לעצטען צענדליג יאָהר פון פופצענטען יאָהרהונדערט. דאָס איז שוין אָבער ניט געווען קיין נייעס פאר די אידען פון יענעם לאנד, וועלכע האָבען זיך שוין צוגעוואוינט צו די רדיפות. אין איטאליען איז אין דער צייט איינגעפיהרט געווארען צום ערשטען מאָל די גהעטא אין דער שטאָדט וועניציא.

אָט אזוי האָט זיך געפלאָנטערט די קייט פון אידישע צרות, צו וועלכער עס זיינען צוגעקומען אלץ מעהר רינגען. האָפנונגען פאר א רוהיגען לעבען אין דעם אָדער אין יענעם לאנד זיינען צושטערט געווארען. טרויער און יאוש האָט געהערשט אין דער אידישער מחנה און פאר דער צוקונפט האָט מען שוין גע־קאָנט זעהן — די פלאמען פון דער אינקוויזיציע, וועגען וועלכער מען האָט שוין געהערט גאנץ אָפטען.

אין אזעלכע שווערע צייטען פון „קידוש השם" האָט ווידער געמוזט אויפ־פלאמען די שטענדיגע אידישע האָפנונגען פאר אן אויסלייזונג. די אלע שווערע צרות זיינען באטראכט געווארען אלס די „חבלי משיח", וואָס מוזען קומען פאר יענעם טאָג, איידער דאָס אידישע פאָלק וועט קריגען זיין זעלבסטשטענדיגקייט אין דעם לאנד פון זיין פארגאנגענהייט און צוקונפט און די גאנצע וועלט וועט דערזעהן די ליכט פון גערעכטיגקייט. עס איז דארום קלאָהר ווארום גראדע אין דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט האָט זיך געשטארקט דאָס משיחישע גלויבען און עס זיינען אויפגעשטאנען אייניגע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען געגלויבט, אַז זיי האָבען דעם כח צו פיהרען דאָס פאָלק צו זיין אויסלייזונג.

די פארטריבענע פון שפאניען וועלכע האָבען זיך פארשפרייט אין פארשידענע לענדער האָבען דאָרט איינגעפלאנצט די קבלה, וואס איז נאָך אין יענע לענדער געווען פרעמד. אין איטאליען איז דאָס געטהאָן געוואָרען דורך דער אברבנאל פאמיליע. אין צפון אפריקא איז די קבלה געבראכט געווארען דורך רבי אברהם זאקוטא, רבי אברהם הלוי און אנדערע. אין מזרח האָט ר' יוסף טאיטאצאק, געעפענט א ישיבה אין סאלאָניקי, וואו די לעהרע פון קבלה האָט פארנומען אן אנגעזעהענעם פלאץ און צו איהם האָבען זיך געצויגען די תלמידים פון קבלה

יזן צום סוף איז אויך אין ארץ ישראל געשאפען געווארען א צענטער פאר דער קבלה אין דער הייליגער שטאָדט צפת דורך ר' שלמה אלקוביץ, ר' יצחק לוריא (דער אר"י), ר' משה קורדובירו, ר' חיים ויטאל און אנדערע.

אין די אלע צענטערען פון דער קבלה האָט מען זיך פארנומען מיט אויסרע־כענען דעם טאָג פון דער אויסלייזונג און די מקובלים פון צפת האָבען אפילו געמאכט פארזוכען ארונטערצוברייגען דעם אויסלייזער מיט גוואלד, ווייל זיי האָבען שוין מעהר ניט געקאָנט צוזעהן די אידישע צרות. די דאָזיגע משיחישע אויסרעכנונגען און די דאָזיגע מיסטישע אנטפלעקונגען, וואָס האָבען זיך פאר־שפרייט צווישען דעם פאָלק האָבען געגעבען האָפנונג און טרייסט און פארטריבען אין א געוויסער מאָס די שאָטענס פון צווייפעל.

די פארטריבענע אידען האָבען אויפגעכאפט יעדער וואָרט פון אויסלייזונג און אין דעם געזעהן די איינציגע טרייסט פאר זייערע שווערע איבערלעבונגען. אויך די אידען, וועלכע האָבען געמוזט אָננעמען א פרעמדען גלויבען און געמוזט זיך אויסהיטען מיט זייער אידישקייט, די „אנוסים" אין ספרד און אין פאָר־טוגאל, האָבען ארויסגעקוקט אויף דער אויסלייזונג, ווען זיי וועלען צוריק קענען אומקעהרען אין דער עפענטליכקייט צו דעם גלויבען פון זייערע עלטערען.

אויך די פאָליטישע לאַגע אין מזרח האָט געגעבען סמנים, פון וועלכע מען האָט געקאָנט באווייזען, אז עס איז ניט ווייט דער טאָג פון אידישער אויסלייזונג. עס איז געווען די צייט ווען די הערשאפט פון טערקיי (ישמעאל) האָט זיך אויסגע־ברייטערט ביז נאָהענט צו די גרענעצען פון דייטשלאנד אין איין זייט און ביז צו די גרענעצען פון פערסיע אין דער צווייטער זייט. פון מצרים ביז מאראָקא האָט מען אנערקענט די הערשאפט פון סולטאן, וועלכע האָט זיך אויך אויסגע־שפרייט איבער דעם ים התיכון. ישמעאל'ס כח האָט זיך אָנגעפאנגען פיהלען זעהר שטארק אין די מלוכות פון אדום און אויך אין איטאליען האָט מען געמוזט אנערקענען די שטארקע האנד פון דער הערשאפט פון ישמעאל.

פון אלע צייטען אָן, האָבען אידען געגלויבט אז א מלחמה צווישען אדום און ישמעאל וועט פיהרען צו דער אידישער אויסלייזונג. ניט מעהר, די אידען וואָס האָבען געלעבט אונטער דער הערשאפט פון ישמעאל האָבען ערווארטעט, אז זי זאָל געבראָכען ווערען פון אדום'ן און ווידער די אידען, וואָס האָבען געהאט אויסצושטעהן רדיפות און ענוים אין די קריסטליכע לענדער, האָבען געווארט אז ישמעאל זאָל זיך שטארקען און פארניכטען אדום'ן.

האָבען די אידען אין די קריסטליכע לענדער געווארט, אז רוים זאָל פאלען און געשטיצט זיך אויף א ווארט אין תלמוד, „אָמר רבי יהושע בן לוי אמר רבי עתידים מחריבי בית שני שתפול ביד פרס" (יומא י') — רבי יהושע בן לוי

האָט געזאגט אין נאָמען פון רבי, אין דער צוקונפט וועלען די וואָס האָבען פאַר־ניכטעט דעם צווייטען בית המקדש, אריינפאלען אין די הענד פון פּרס. — ביי די אידען איז דאַן געווען אָנגענומען, אז פּרס איז טערקיי און דער אברבנאל זאָגט דאָס אין זיין „ישועות משיחו״ „וכבר אמרו רבים שהפרסיים הם היום טורקאש״ — און פיעל האָבען שוין געזאגט, אז די פערסיער זיינען היינט טערקען.

אפילו די ענטדעקונג פון דעם נייעם לאַנד דורך קאָלאָמבוס׳ן אין דעם יאָהר 1492, איז באטראכט געוואָרען פאר א סמן פון דער גאולה. מען האָט געגלויבט, אַז דאָס וועט פיהרען אויפצוזוכען די צעהן פארלאָרענע שבטים, וועלכע מוזען זיך אויפזוכען ערב דער אידישער אויסלייזונג. בכלל איז דאַן באנייט געוואָרען דער אינטערעס אין די פארלאָרענע שבטים, אפשר דערפאר, וואָס מען האָט גע־האָפט צו געפינען ערגעץ וואו אידען, וועלכע ליידען ניט אזויפיעל פון קיין רדיפות, ווי עס האָבען דאַן געליטען די אידען כמעט איבער דער גאַנצער וועלט.

אָט אזוי האָבען זיך געצויגען פעדים פון האָפנונגען אין יענע שווערע טעג און אזוי האָבען זיי ניט געלאָזט אויסלעשען דעם גלויבען אין א בעסערער צו־קונפט. וואָס שטארקער עס זיינען געוואָרען די רדיפות, אלס מעהר זיינען גע־וואָרען די פונקען פון האָפנונגען. דאָס אידישע פאָלק האָט זיך ניט אונטערגע־געבען אין די ערגסטע צייטען.

איינער פון די וואָס האָבען פיעל בייגעשטייערט צו פארשטארקען די משי־חישע האָפנונגען איז געווען דון יצחק בן דוד יהודה אברבנאל (1437—1508), וועלכער איז געווען א קלאָהרער דיינקער און איינער פון די אנגעזעהענסטע אידען אין שפּאַניען, וואָס איז אוועק אין גלות צוזאמען מיט זיינע ברידער.

דון יצחק האָט צוגעזעהן די צרות פון זיינע ברידער און ווי די האָפנונג פאר אויסלייזונג ווערט אָבגעשוואכט. צוליב די גרויסע צרות האָבען די אידען געטראכט „עס זיינען פארטריקענט געוואָרען אונזערע ביינער, עס איז פארלאָ־רען געגאנגען אונזער האָפנונג סיי פון ספרים און סיי פון שרייבער, דער גע־זאלבטער דורך יעקב׳ס גאָט איז געשטאָרבען, אָדער ער איז צובראכען געוואָרען, אָדער איז געפאנגען געוואָרען און זיין זון וועט מעהר ניט שיינען״... מיט די דאָזיגע ווערטער באשרייבט אברבנאל אליין (אין דער הקדמה צו זיין ספר „ישועות משיחו״), די שטימונג וואָס האָט דאַן געהערשט צווישען די פארטרי־בענע פון שפּאַניען און האָט איהם באאיינפלוסט צו טאָן עטוואס וואָס זאָל שטארקען זייער האָפנונג.

אברבנאל האָט פארפאסט דריי ספרים, מיט דעם צוועק צו שטארקען דעם נאַציאָנאלען גלויבען. איין ספר „מעיני הישועה״ (די קוואלען פון האָפנונג) א פירוש אויף דניאל, אין וועלכען ער האָט געוואלט באווייזען, אז די אידישע

האָפנונג איז ניט פארלאָרען געגאַנגען און אז דער מלך המשיח וועט קומען, אויב אפילו ער וועט פארזאמען; א צווייטען ספר „ישועות משיחו" (די הילף פון זיין געזאלבטען), א זאמלונג פון אלע אגדות און מאמרים אין תלמוד און אין מדרשים וועגען משיח'ן און א דריטען ספר „משמיע ישועה" (דער אָנזאָגער פון הילף), א זאמלונג פון אלע נביאישע פאָראויסזאָגונגען וועגען משיח'ן. אין די אלע ספרים איז פאראן פיעל התלהבות און גלויבען און זיי האָבען זיכער גע־קאָנט האָבען א שטארקע ווירקונג אויף די נידערגעשלאָגענע אידען, צו דערמונ־טערען זייער גייסט און צוריק אריינברייגגען א פונק פון גלויבען.

ניט בלויז זוכט ער צו באווייזען, אז דער משיחישער גלויבען איז איינער פון די פרינציפען פון אידישקייט, נאָר ער פיהרט אויך א שטארקען קאמף געגען די וואס האָבען געוואלט באזייטיגען דעם דאָזיגען פרינציפ. באזונדערס טרעט ער ארויס געגען ר' יוסף אלבו, וועלכער האָט געלעבט אין אָנפאנג פון פופצעהנ־טען יאָהרהונדערט און זיין „ספר העיקרים." אלבו האָט אין דעם דאָזיגען ספר אָנגעוויזען, אז צו גלויבען אין משיח'ן איז ניט קיין מוז פאר אידישקייט. אברבנאל רופט דערפאר זיין ספר „ספר העוקרים" — דער בוך פון אויסוואָרצלער.

אברבנאל האָט אויסגערעכענט אז דאָס משיח יאָהר וועט אויסקומען אין דעם יאָהר ה'רס'ג (1503) און אז עס וועט נעהמען פיער שמטות, אכט און צוואנציג יאָהר, ביז וואנען רוים וועט פאלען און דאן וועט די גאולה זיין פאָל־קאָם. די פאָלשטענדיגע אויסלייזונג וועט אזוי ארום אויסקומען אין דעם יאָהר 1531 אָדער 1532. אין אן אנדער פלאץ ווייזט ער אָן, אז די אויסלייזונג וועט זיך אָנפאנגען אין דעם יאָהר 1501.

אברבנאל זוכט צו פארענטפערען דאָס וואָס ר' הלל האָט געזאגט, אז אידען האָבען שוין מעהר ניט קיין משיח, ווייל מען האָט איהם שוין אויפגעגעסען אין די טעג פון יחזקיהו. איין תירוץ איז, אז משיח קען שוין מעהר ניט קומען דורך די פארדינסטען פון דעם פאָלק, ווייל די דאָזיגע אלע זכיות זיינען שוין אויסגע־ניצט געווארען אין די צייטען פון יחזקיהו און דער צווייטער תירוץ איז, אז הלל האָט געמיינט, אז דער נאָמען פון אויסלייזער וועט ניט זיין משיח, ווייל ער וועט ניט זיין קיין געזאלבטער. גאָט אליין וועט זיין דער אידישער מלך און דער אויסלייזער וועט זיין דער נשיא.

וועגען דעם וואָס ר' עקיבא האָט געגלויבט, אז בר כבבא איז געווען דער משיח און אז די פארלאָרענע צעהן שבטים וועלען זיך מעהר ניט אומקעהרען, זאָגט אברבנאל, אז ר' עקיבא האָט געקאָנט א טעות מאכען, גלויבענדיג אז די גאולה ווערט צוגעאיילט און ווידער קען זיין, אז ער האָט גערופען בר כבבא'ן משיח, צוליב דעם וואס דורך איהם זיינען די רוימער באשטראפט געווארען

פּינקט ווי כרש איז געראָפּען געוואָרען משיח, אָבער ניט צוליב דעם וואָס ער האָט געגלויבט, אז ער איז טאַקע דער אמת'ער אויסלייזער. וועגען די צעהן שבטים, דיינקט ער, אז ר' עקיבא האָט געמיינט יענעם טהייל פון די שבטים וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אומגעקעהרט קיין יהודה און אין נאָהענטע געגענדען, אָבער די וואָס האָבען זיך יאָ אומגעקעהרט און זיינען ווידער פּארטריבען געוואָרען מיט די אנדערע טהיילען פון פאָלק, וועלען זיך יא אומקעהרען קיין ארץ ישראל.

אזוי האָט אברבנאל געזוכט צו פארענטפערען די אלע ספקות וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם וועג פון זיינע פאָראויסזאגונגען פאר א שנעלער אידישער אויסלייזונג, זיינע ווערטער האָבען דארום געהאט א שטארקע ווירקונג און זיי האָבען אפשר ערמוטיגט די ערשיינונג פון אן אָנזאָגער פון דער אויסלייזונג—אשר לאמליין.

* * * *

ווער עס איז געווען דער דאָזיגער אָנזאָגער פון משיח, איז ניט באקאנט. מען ווייסט בלויז, אז ער איז געווען א דייטשער איד, דער ערשטער אשכנזי'שער איד, וואָס האָט געזאָלט שפּילען די ראָל פון משיח און אז ער האָט זיך באוויזען אין דעם יאָהר 1502 אין איסטריע, ניט ווייט פון ווענעציא.

עס איז כמעט ווי זיכער אז לאמליין איז געווען בעאיינפלוסט פון אברבנאל'ן, וועמעס שריפטען זיינען צום ערשטען מאָל ערשינען אין ווענעציא אין די יאָהרען 1496-97. אויך דאָס וואָס אברבנאל האָט געזאגט, אז דער אויסלייזער וועט ערשיינען אין א קריסטליכען לאנד, אין מערב, האָט מעגליך ערמוטיגט לאמ־ליין'ען אין זיין משיחישער שליחות.

לאמליין האָט זיך געווענדעט צו די אידען מיט א בשורה. אז עס איז נאָ־הענט דער טאָג פון אידישער אויסלייזונג און ווען אידען וועלען טהאָן תשובה און צדקה, וועט נעהמען בלויז זעקס חדשים ביז משיח וועט קומען. דאמאָלס וועלען זיך באווייזען דער „עמוד האש" און דער „עמוד הענן" און זיי וועלען בא־גלייטען די אידען אויף דעם וועג צו דעם הייליגען לאנד פּונקט ווי אין די צייטען פון יציאת מצרים. א סמן פאר די משיח טעג האָט ער אויך געגעבען, אז דאן וועלען אָנפאנגען איינפאלען די קריסטליכע קירכעס.

די דאָזיגע נבואות האָבען גלייך געקראָגען אנהענגער. דאָס פאָלק וואָס האָט געליטען צרות און גרושים, די אידען וואָס האָבען געמוזט זיך אויסבאהאלטען מיט זייער גלויבען, האָבען געוואָלט האָפען, אז זייער הילף איז נאָהענט.

ר' דוד גאַנז דער כראָניקער פון יענע צייטען דערצעהלט:

— רבי לאמליין האָט אָנגעזאָגט די בשורה פון משיח אין דעם יאָהר רס' און אין אלע גלות לענדער האָט מען איהם געגלויבט. אויך

צווישען ניט אידען האָט זיך די דאָזיגע בשורה פארשפרייט און עס זיינען געווען פיעל וואָס האָבען זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. מיין זיידע זעליגמאן גאנז ז"ל האָט צואוואָרפען דעם אויווען אין וועלכען ער האָט געבאקען מצות פון יאָהר צו יאָהר, ווייל ער איז געווען זיכער אז אין דעם קומענדען יאָהר וועט ער באקען מצות אין ארץ ישראל. און איך האָב געהערט פון מיין אלטען לעהרער רבי אליעזר טריוואש פון פראנקפורט, אז דאָס איז ניט געווען קיין פוסטער ענין און אז לאמליין האָט באוויזען א צייכען און א מופת און ער האָט געזאָגט, אז אפשר האָבען אונזערע זינד גורם געווען און האָבען איהם אָבגע־געהאלטען."

(צמח דוד, אלף הששי).

און נאָך א היסטאָריקער וואָס האָט געלעבט נאָהענט צו יענער צייט, ר' יוסף הכהן, גיט איבער פאָלגענדעס וועגען לאמליינ'ען:

— און אין יענע צייטען איז אין איסטריע, לעבען ווענעציא, אויפגעשטאנען א איד פון דייטשלאנד, וועמעס נאָמען עס איז גע־ווען לאמליין, א נארישער נביא, א משוגענער און א מענש מיט פאנ־טאזיעס און עס האָבען זיך ארום איהם פארזאמעלט אידען און זיי האָבען געזאָגט, אז ער איז א נביא און גאָט האָט איהם געשיקט פאר א האר איבער זיין פאָלק ישראל און ער וועט צוזאמעננעהמען די צושפרייטע פון יהודה פון די פיער עקען פון דער וועלט. אויך צווי־שען די געלעהרטע זיינען געווען פיעל וואָס האָבען אין איהם געגלויבט און זיי האָבען גוזר געווען תעניתים און אָנגעטאָן זעק און תשובה געטאָן, ווייל זיי האָבען געזאָגט: — אונזער הילף איז נאָהענט און גאָט וועט זי אין איהר צייט צואיילען."

(עמק הבכא זייט 109).

דאָס דאָזיגע יאָהר איז באקאנט אין דער געשיכטע אלס „דאָס תשובה יאָהר." פיעל מענשען, אידען און ניט אידען, האָבען געוואָרפען זייער ארבייט און זיי האָבען געוואָרט פאר דעם גרויסען פארכטיגען טאָג. רבי אברהם פריצול גיט איבער, אז לאמליין האָט דורך זיינע תלמידים פארשפרייט דעם גלויבען אין דעם באלדיגען קומען פון משיח צווישען דעם רוב אידען וואס האָבען געוואוינט אין גלות אדום, אין די קריסטליכע לענדער, און זיי האָבען ארויסגעקוקט אויף זיין באלדיגען ערשיינען.

די דאָזיגע האָפנונגען זיינען אָבער צושטערט געוואָרען ווען לאמליין איז

געשטאָרבען (אַנדערע באַהויפּטען, אז ער איז ערמאָרדעט געוואָרען). עס איז דאַן געקומען די ענטוישונג און פיעל אידען האָבען זיך צוליעב דעם גע'שמד'ט. דון יצחק אברבנאל האָט געמוזט צוזעהן די ביטערע רעזולטאַטען צו וועלכע זיינע משיחישע פאַראויסזאָגונגען האָבען געפיהרט.

די ענטוישונג איז אָבער ניט געווען בכח אויסצואוואָרצלען דעם טיפען גלויבען ביי דעם פאָלק, אז דער אויסלייזער מוז זיך דאָך באַווייזען אין די דאָזיגע שווערע צייטען. באַזונדערס איז אין דעם דאָזיגען גלויבען געווען פיעל טרייסט און האָפנונגען פאַר די אנוסים, וועלכע האָבען געפיהלט, אז בלויז דורך אַן איבערנאַטירליכער קראַפט קען קומען זייער הילף און זיי ראַטעווען פון די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע, וועלכע זיינען שוין געווען צוגעגרייט פאַר זיי.

## אַ משיחישע נביאה

אין דעם גייסטיגען אידישען לעבען האָט די פרוי פאַרנומען א זעהר קליינעם אָרט. צווישען די נביאים געפינען מיר בלויז צוויי פרויען, מרים און דבורה. אין דער צייט פון תלמוד זיינען אויך געווען וועניג פרויען וועלכע זיינען באַקאַנט מיט זייער גרויסען וויסען. אין יענע צייטען האָט מען גאָרניט געקוקט מיט אַזויפיעל סימפּאַטיע אויף דער ערציהונג פון א פרוי. ר' אליעזר האָט אפילו זיך ערלויבט צו זאגען „כל המלמד בתו תורה (כאילו) לומדה תיפלות" (סוטה כ') — ווער עס לערנט זיין טאָכטער תורה איז גלייך ווי ער לערנט זי נאַרישקייטען. אויך אין מיטעלאַלטער זיינען באַקאַנט בלויז א קליינע צאָהל פרויען וואָס האָבען געהאט א שם מיט זייערע ידיעות ווי למשל, די שוועסטער פון ר' יצחק בן מנחם הגדול, וועלכער האָט געלעבט אין איין צייט מיט רש"י'ן. זי איז אויף אַזויפיעל באַטראַכט געוואָרען אלס אויטאָריטעט אין דער תלמודישער לעהרע, אז רש"י זעלבסט האָט זיך צו איהר געווענדעט אין פאַרשידענע וויכטיגע ענינים. רש"י'ס אַן אייניקעל, מרים, איז אויך געווען א פרוי מיט טיפען וויסען אין דער רבנישער ליטעראַטור, אז די תלמודיסטען פון איהר צייט פלעגען צו איהר קומען הערען איהר מיינונג אין פאַרשידענע ענינים.

אין די פאַרשידענע משיחישע באַוועגונגען האָבען מיר ביז יעצט ניט אָנגעטראָפען קיין פרויען, וועלכע זאָלען שפּילען וויכטיגע ראָלען. שפּעטער איז שוין ביי שבתי צבי'ן יאָ געווען א פרוי, וועלכע האָט אָנגעזאָגט אז ער איז דער משיח און ביי פראַנק'ן האָט זיין טאָכטער שוין גאָר געשפּילט א וויכטיגע ראָלע. אויך אין דער חסידישער באַוועגונג האָט די פרוי פאַרנומען א וויכטיגען פּלאַץ, ווי דעם בעל שם'ס טאָכטער און די „לודמירער מויד", וועלכע איז אליין

געווען א חסידישער רבי.

אין דעם אָנפאנג פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט באווייזט זיך די ערשטע פרוי, וועלכע איז געוואָרען די אָנזאָגערין פון דעם מלך המשיח. דאָס איז געווען א יונגע פופצעהן יעהריגע מיידעל פון די אנוסים אין דעם געגענד פון הערערא. ווען עס האָט אויף איהר גערוהט דער משיחישער גייסט האָט זי געזעהן ווייטע זעהונגען און נאָכדעם איז זי ארויסגעקומען אין די גאסען און ניט קיקענדיג אויף דער סכנה וואָס עס האָט אויף איהר געלויערט, האָט זי דערצעהלט וואָס זי האָט געזעהן און דערמיט געשטארקט דעם גלויבען ביי איהרע אומגליקליכע ברידער.

די דאָזיגע מיידעל האָט דערצעהלט, אז עס האָט זיך צו איהר באוויזען דער מלך המשיח און ער האָט זי אַרויפגעבראכט אויף דעם הימעל און די האָט דאָרט געזעהן ווי די אלע וואָס זיינען אומגעקומען על קדוש השם, זיצען אין גאָלדענע שטוהלען. זי האָט אויך געזאָגט, אז עס איז ניט ווייט דער טאג, ווען משיח וועט זיך באווייזען און ארויסנעהמען דאָס אידישע פאָלק פון גלות און דאָס ברייגנען אין דעם הייליגען לאנד.

פיעל אנוסים אין הערערא און פון אנדערע געגענדען האָבען איהר געגלויבט און זיי פלעגען קומען צו איהר הערען פון איהר מויל די משיחישע נבואה. צווישען זיי זיינען אויך געווען אזעלכע, אויף וועמען די אינקוויזיציע האָט שוין געוואָרפען א חשד, אז זיי זיינען פארבאהאלטענע אידען און האָט זיי נאָכגעקוקט אויף יעדען טריט און שריט, זיי האָבען אָבער מעהר ניט געקאָנט באהערשען זייערע געפיהלען און בענקענישען פאר אן אויסלייזונג און געשטעלט זייער לעבען אין סכנה.

דער סוף איז געווען, אז די דאָזיגע נביאה, וועמעס נאָמען עס איז אומבאקאנט, צוזאמען מיט נאָך דרייסיג (אין אנדערע מקורות ווערט אָנגעגעבען די צאָהל אלס אכט און דרייסיג) אנוסים, זיינען אריינגעפאלען אין די הענד פון דער אינקוויזיציע און זיינען פארברענט געווארען אויף קדוש השם.

און דאָס פייער פון דער אינקוויזיציע האָט אויך אָנגעצונדען דעם פייער פון משיחישער בענקעניש אין די הערצער פון די פארטריבענע און גע'רודפ'טע און די הייליגע פונקען האָבען זיך ווידער געזאמעלט און בלויז מיט דרייסיג יאָהר שפעטער איז אויפגעשטאנען די גרויסע משיחישע באוועגונג, וועמעס העלדען עס זיינען געווען — דוד הראובני און שלמה מולכו.

יא

# דוד הראובני

**זיינע רייזעס איבער די מזרח לענדער. — די פּאָליטישע לאַגע און די באַ־ציהונג פון דעם פּאַפּסט. — הראובני'ס אָנקומען קיין רוים און די אויפנאַמע וואָס ער האָט געקראַגען פון פּאַפּסט. — זיין באזוך ביי דעם קעניג אין פּאָרטוגאַל. — די האָפנונג וואָס ער האָט ארויסגערופען ביי די אנוסים. — ווארום ער פארלאָרען דעם חן ביי דעם קעניג. — וואָס הראובני האָט געזאָגט וועגען זיין שליחות.**


ין די טעג ווען די אינקוויזיציע האָט געבושעוועט אין שפּאַניען צו פאַר־ניכטען די פארבליבענע פון אידענטום, וועלכע האָבען געזוכט שוץ אונטער דער מאסקע פון א פרעמדען גלויבען; אין די טעג ווען אויך אין פּאָרטוגאַל האָט מען געשלעפּט אידען מיט גוואלד צו דעם „טבילה בעקען" און ווען מען האָט זיי נאָכדעם געכאפּט אָפּהיטען אידישקייט זייןען די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע צוגעגרייט געווארען אין מיטען פון די שטעדט — אין יענע טעג האָט זיך פּלוצלונג באוויזען א מערקווירדיגע פערזענ־ליכקייט, וועלכער קיינער האָט ניט געוואוסט ווער זי איז און וואָס זי וויל, וועלכע האָט אָבער אָנגעצונדען א פייערעל פון נייע האָפנונגען, וואָס האָט זיך אַלץ מעהר צוברענט און צופלאַקערט, ארומגענומען אַלץ גרעסערע קרייזען און געטראָגען מיט זיך א מיסטעריעזען גלויבען.

די דאָזיגע וואונדערבארע פּערזענליכקייט איז געוועזן — דוד הראובני. געבוירען איז ראובני אין דעם יאָהר 1490 אין דער מדינה כאיבאר, אין

צפון ערב, וואָס איז באקאנט אלס העדזשאס. (אין זיין ספר הזכרונות רופט ראובני אָן זיין געבורטס פלאץ מדבר חבור, ר' אברהם כהנא איז דארום ביי דער מיינונג, אז עס איז א טעות פון דעם איבערשרייבער און עס דארף זיין מדבר תבור, ווייל כאיבאר שרייבט זיך ניט אין העברעאיש חבור). ער האָט דער־צעהלט, אז ער איז דער זוהן פון דעם קעניג שלמה און זיין ברודער יוסף איז דער קעניג איבער דריי הונדערט טויזענד מאן, וועלכע שטאמען אָב פון די שבטים ראובן, גד און דעם האלבען שבט מנשה, זיין ברודער און די דרייסיג זקנים, האָ־בען איהם געשיקט צו די מלכים פון אייראָפּא און באזונדערס צו דעם פּאפּסט אין רוים, אז ער זאָל קריגען פון זיי געוועהר צו באקעמפען די מוסולמאנישע שבטים וועלכע טהוען אָן צרות די אידען און ארויסצוטרייבען די טערקען פון ארץ ישראל.

אין די געגענדען פון כאיבאר האָבען זיך אידען געפונען נאָך אין די צייטען פון מחמד און מעגליך אז זיי זיינען אויך געווען אין דעם זעכצעהנטען יאָהר־הונדערט, אבער אז דאָס זיינען געווען די שבטים ראובן גד און דער האלבער שבט מנשה, איז ראובני געווען דער ערשטער דאָס צו דערצעהלען.

ראובני'ס אויסזעהן האָט אויך געמאכט א שטארקען איינדרוק. ער איז געווען א קלייניקער, א מאָגערער, זיין טונקעלער געזיכט איז געווען אָבגעצעהרט, דאָך האָט ער פארמאָגט א שטארקען כאראקטער און קיין זאך האָט איהם ניט אָבגעשראָקען. ער פלעגט פאסטען פיעל תעניתים און עס האָט געטראפען אז ער האָט געפאסט זעקס מעת לעת אָהן אויפהער. ער האָט גערעדט לשון קדש, וואָס איז אָבער געווען אומפארשטענדליך. (ר' אברהם פריצול, ארחות עולם פ"ט — פריצול האָט פארענדיגט דעם „ארחות עולם" אין דעם יאָהר 1524, אין דעם זעלבען יאָהר וואָס הראובני איז געקומען קיין רוים).

אין דעצעמבער 1522 האָט הראובני פארלאזט כאיבאר און האָט אָנגעפאנ־גען ארומוואנדערען איבער די מזרח לענדער. עטליכע מאָנאטען צייט האָט ער פארבראכט אין כוש די מדינה פון שבא (אביסיניען). ווען ער איז געווען צווי־שען די אראבישע און אביסינישע שבטים, האָט ער זיך פארשטעלט פאר א מחמד'אנער, ער האָט געטראגען טערקישע קליידער און דערצעהלט אז ער איז א הייליגער און ער קומט פון מעקא, די שטאָדט וואָס איז פארהייליגט ביי אלע מחמד'אנער. ער האָט אויך דערצעהלט, אז ער איז מחמד'ס אן אור אייניקעל. פון דאָרט איז ער געקומען קיין מצרים, וואו ער איז נאָך אלץ געווען פארשטעלט און ווען ער האָט זיך געטראָפען מיט מחמד'אנער האָט ער זיי געזאגט: „איך בין אייער האר, דער זוהן פון דעם נביא."

אין מצרים האָט ער זיך שוין אויך געטראפען מיט אידען און איז איינגע־

שטאנען אין הויז פון רבי אברהם קאסטרו זצ״ל, וועלכער איז געווען דער פינאנץ מיניסטער פון דעם סולטאן סאלים דער ערשטער, וואס האט באזיעגט מצרים צום סוף פון דעם פופצעהנטען יאהר הונדערט. דארט האט ער דערצעהלט די אידען וועגען די פארבליבענע פון די צעהן שבטים און אויך געגעבען אנצוהערען יועגען זיין מיסיע, ווי עס ווייזט אבער אויס, האבען זיינע ווערטער ניט אי־בערגעלאזען קיין שטארקע ווירקונג און ער האט באשלאסען אבצופאהרען קיין ארץ ישראל.

די ערשטע שטאדט וואס ער האט באזוכט אין ארץ ישראל איז געווען עזה. פון דארט איז ער געקומען קיין ירושלים און נאכדעם קיין חברון. פון חברון איז ער ווידער אמאל געקומען קיין ירושלים. אין חברון האט ער תפלה געטאן ביי די קברים פון די אבות אין דער מערת המכפלה, ווייל אויך דארט האט ער נאך געטראגען אויף זיך די מוסולמאנישע מאסקע און אזוי ארום האט מען איהם צוגעלאזען צו די הייליגע פלעצער, וואו א איד האט זיין פוס ניט געטארט איועקשטעלען. ער דערצעהלט דארום אויך, אז אין ירושלים זיינען זיינע פיס געשטאנען אויף דעם פלאץ וואו ער איז אמאל געווען דער בית המקדש אין דעם מוסולמאנישען מאשעי. אין ארץ ישראל האט ער פארבראכט דריי מאנאטען. ער האט געזאגט, אז ער גרייט זיך אבפאהרען קיין רוים, אבער וועגען זיין מיסיע האט ער ניט געוואלט דערצעהלען און געזאגט, אז דאס איז דערווייל א סוד און ער האפט, אז עס וועט דערפון ארויסקומען א טובה פאר דעם כלל ישראל.

ער האט אויך אנגעזאגט די אידען איידער ער איז אבגעפאהרען, אז זיי זאלען זיך דערווייטערען פון אומזיסטיגער שנאה און זיי זאלען תשובה טהאן און דורך דעם וועט דערנעהענט ווערען די גאולה, ווייל אזוי האבען געזאגט די זקנים.

פון ארץ ישראל איז הראובני ווידער אבגעפאהרען קיין אלעקסאנדריא, וואו ער האט פארבראכט עטליכע חדשים און ווי עס ווייזט אויס, האבען די מחמד'אנער דעם מאל זיך שוין דערוואוסט אז ער נארט זיי און זיי האבען געטראגען אויף איהם א כעס און ער האט געמוזט זיך אויסהיטען, אז עס זאל מיט איהם ניט געשעהן קיין שלעכטס. ער האט דארום ראש השנה זיך פארשלאסען אין שוהל און פארזאגט אז מען זאל פאר קיינעם ניט עפענען די טיהר.

אין אלעקסאנדריא האט הראובני זיך אויפגעזעצט אויף א שיף, וועלכע האט איהם געבראכט קיין ווענעציא, וועלכע איז דאן געווען די גרעסטע האפען שטאדט אין אייראפא. נאך איידער די שיף איז אנגעקומען קיין ווענעציא האבען זיך די דארטיגע אידען געגרייט צו געבען דעם דאזיגען מיסטעריעזען שליח א גרויסען קבלת פנים. זיין נאמען איז שוין דאן געווען באקאנט צווישען

די אידען און מען האָט וועגען איהם דערצעהלט גאַנצע וואונדער. די אידען זיינען אויך געווען נייגעריג צו הערען עטוואס פון די פאַרלאָרענע שבטים, וועלכע הראובני, האָט לויט די פאַרשפּרייטע קלאַנגען, געפונען אין די מדבריות, וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען אויף זיין וועג.

ווען הראובני איז אָנגעקומען קיין ווענעציא איז ער ניט געגאַנגען גלייך צו די אידען, נאָר ער איז אוועק אין הויז פון דעם קאַפּיטאַן פון דער שיף, וואָס האָט איהם געבראַכט. דאָרט האָט ער געפאַסט זעקס טעג און זעקס נעכט, קיין ברויט ניט געגעסען און קיין וואַסער ניט געטרונקען. ער האָט בלויז אַרונטער־געשיקט זיין משרת יוסף אין שטאָדט, ער זאָל פאַרהאַנדלען מיט די אידען, זיי זאָלען איהם געבען אַ שיף קיין רוים. די אידישע פיהרער זיינען דאַן געקומען צו איהם און האָבען זיך אָנגעפאַנגען נאָכפרעגען אויף זיין שליחות און ער האָט זיי געענטפערט: „איך געה צו דעם פּאַפּסט און איך קען מעהר גאָר ניט זאָ־גען, אויסער אַז איך טהו דאָס אום עס זאָל אַרויסקומען אַ טובה פאַר אידען און אויב איהר ווילט מיט מיר טהאָן דעם חסד צוליב גאָט, צוליעב די זקנים און אַלע אידען, זאָלט איהר מיט מיר מיטשיקען צוויי מענשען און איהר וועט זוכה זיין צו דער מצוה און זיי וועלען אייך צוריקברענגען אַ גוטע בשורה.״ צוויי פון די פיהרער פון דער אידיטשער קהלה אין ווענעציא, רבי משה דער מאהלער און רבי מצליח האָבען זיך אין איהם פאַראינטערעסירט און זיי האָבען פאַר איהם געשאַפען די שיף, מיט וועלכער ער איז ראש חדש אדר, ר״פד׳ (1524) אָבגעפאָהרען קיין רוים, וואוהין ער איז אָנגעקומען ערב פורים.

* * * *

די נייע וועלטען וואָס זיינען ענטדעקט געווארען אין יענע יאָהרען, האָבען געמאַכט דעם עולם צו גלויבען, אין פאַרשידענע קלאַנגען. אַזוי האָבען די קריס־טען זיך דאַמאָלס אַרומגעטראָגען מיט דער האָפנונג, אַז עס וועט נאָך געפונען ווערען די קעניגרייך פון דעם הייליגען יוחנן (יאָהאַן) פון וואַנען עס איז אַרויס־געקומען דער נייער טעסטאַמענט. אידען האָבען אַרויסגעקוקט, אַז עס זאָל צו זיי קומען אַ ידיעה פון די צעהן שבטים, וועלכע געפינען זיך פון יענער זייט סמבטיון, דער טייך וואָס וואַרפט שטיינער אַ גאַנצע וואָך און רוהט בלויז שבת; אַז עס וועלען זיך אויך אויפזוכען די בני משה, וועלכע זיינען גרויסע העלדען און היטען אָב די אידישע תורה.

מיר האָבען שוין אויך דערמאָהנט (אין פריהעריגען קאַפּיטעל) אַז טערקיי האָט דאַן אויסגעשפּרייט איהר הערשאַפט און די אייראָפּעאישע פעלקער זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט צו זעהן איהר מפלה און זיי האָבען דאַרום זיך צוגעהערט, ווען אימיצער איז געקומען און דערצעהלט, אַז עס איז פאַראַן אַ

שטארק פאָלק, וואָס וויל פיהרען א קאמף מיט טערקיי, נאָר עס נויטיגט זיך אין דעם נייעם געוועהר וואס איז שוין דאן געווען אין אייראָפּא.

דער פאפסט אין רוים איז דאן געווען קלעמענט דער זיבטער, וועלכער איז ניט געווען קיין פאנאטיקער און דערצו א מענש מיט פארשטאנד. ער האָט זיך אָבער געפונען אין א שווערער לאגע צוליב דער פּאָליטישער לאגע. פון איין זייט האָט זיך געשטארקט די רעפאָרם באוועגונג וואס איז אָנגעפיהרט געווארען פון לוטער'ן און זיינע אנהענגער און האָט אלץ מעהר און מעהר ענגער געמאכט דעם פאפסט און פון דער צווייטער זייט האָט דער קעניג קארלוס דער 5טער געזוכט צו באהערשען איטאליען. דער קעניג קארלוס האָט געהערשט איבער שפאניען און דייטשלאנד און אויף אלע שפאנישע קאָלאָניעס אין אמעריקא און אין אנדערע טהיילען פון דער וועלט, ער איז געווען דער שטארקסטער הערשער אין אייראָפּא און האָט אויך געהאט שטארקען חשק צו באהערשען איטאליען. נעגען איהם איז ארויסגעטראָטען דער פראנצויזישער קעניג פראנץ דער ערשטער, וועלכער האָט פארכאפּט א טהייל פון איטאליען און זיך באפעסטיגט אין מילאן און אומגעגענד. ער האָט חשק געהאט צו שליסען א בונד מיט דער וועגעציער רעפּובליק און מיט דעם פאפסט אין רוים, געגען דעם קעניג קארלוס. ווען דער לעצטער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער, דער פרומער קאטוליק, דאָס איינציקעל פון פערנאנדא און איזאבעלא, וועלכער האָט ווי זיי אָנגעצונדען דאָס פייער פון דער אינקוויזיציע, פאר אלע וואס האָבען ניט געוואָלט אָננעהמען דעם קאטוילישען גלויבען, פארגעסען זיין גאנצע פרומקייט און געלאָזט וויסען דעם פאפסט, אז אויב ער וועט ניט זיין מיט איהם, וועט ער ערלויבען צו פאר־שפרייטען אין לאנד די רעפאָרם פון לוטער'ן. דער פאפסט האָט זיך דארום געפונען אין א שווערער לאגע און ער האָט זיך אָנגעפאנגען צוהערען צו פארשי־דענע זאכען וואָס מען האָט איהם דערצעהלט.

עס דארף אויך דערמאָנט ווערען, אז אין די פראָווינצען וואו קלעמענט דער 7טער האָט געהערשט און וואו עס האָבען זיך באזעצט פיעל אידען פון די פארטריבענע פון שפאניען, האָבען זיי געגאָסען פיעל רעכט, וואָס דער פויפסט האָט זיי געגעבען. זיי האָבען ניט געמוזט געהן אין די קריסטליכע קירכען הערען די דרשות פון די גלחים; האָבען ניט געמוזט טראגען קיין באזונדערע קליידער, אז מען זאָל דערקענען, אז זיי זיינען אידען און פאר דעם געריכט זיינען זיי געווען גלייך מיט די קריסטליכע בירגער. דער פאפסט האָט באשיצט די אידען און האָט ארויסגעגעבען א חרם אויף יעדען איינעם וואס וועט זיי טהאָן שלעכטס.

די דאָזיגע אלע אומשטענדען זיינען אויסגענוצט געוואָרען פון הראובני,

וועלכער האָט פאַרשטאַנען די פּאָליטיק און געוואוסט ווי אַזוי אָנצופירען זיין טעטיגקייט. ער האָט אויך געוואוסט ווי אַזוי צו מאַכען אַן איינדרוק סיי אויף אידען און סיי אויף ניט אידען. אויסער זיין אויסזעהן, וואס האָט פאַר איהם אַרויסגערופען גרויס דרך ארץ האָט ער געוואוסט ווי זיך אַרומצורינגלען מיט סודות.

הראובני האָט אויך דערצעהלט, אַז ער ווייס ניט פון דעם תלמוד און אַנדערע ספרים, אויסער דעם תנ"ך. דאָס האָט ער געטהאָן אום צו מאַכען דעם איינדרוק, אַז ער איז אַ זוהן פון די שבטים, וועלכע זיינען פאַרטריבען געוואָרען פון ארץ ישראל נאָך פאַר דעם ערשטען חורבן און ער ווייס דארום ניט פון דעם תלמוד. פון זיין טאָג־בוך זעהט מען אָבער, אַז ניט בלויז האָט ער געוואוסט וועגען דעם תלמוד, נאָר אַז ער איז אויך געווען באַקאַנט מיט דער קבלה, וועלכע איז אַלט געווען בלויז אַ פּאָר הונדערט יאָהר.

קיין רוים איז הראובני אָנגעקומען מיט גרויס פּאָמפּ און אָט ווי ער אַליין באַשרייבט דאָס אין זיין טאָג־בוך:

> — איך דוד דער זוהן פון דעם קעניג שלמה זצ"ל, פון דער מדבר כאיבאר, בין אָנגעקומען אין די טויערען פון רוים, פופצעהן טאָג אין אדר און עס איז צו מיר געקומען אַ ניט איד פון ווענעציא און האָט מיט מיר גערעדט אַראַביש און איך האָב זיך מיט איהם געקריעגט. איך בין געגאַנגען אין דעם הויף פון פּאַפּסט רייטענדיג אויף אַ ווייסען פערד און מיין באַדינער פאָראויס און אויך אידען זיינען מיט מיר געקומען. אַזוי רייטענדיג אויף דעם פערד בין איך געקומען צו דעם פּאַפּסט'ס הויז. נאָכדעם בין איך אריינגעקומען צו דעם קאַרדינאַל דזיוליא און עס זיינען געקומען אַלע קאַרדינאַלען און באַטראַכטעט מיר זעהן."

עס האָט גענומען בלויז עטליכע טעג און הראובני איז אויפגענומען געוואָרען פון דעם פּאַפּסט און האָט איהם איבערגעגעבען זיינע דאָקומענטען און מיט איהם געהאַט אַ לענגערען געשפּרעך, אין וועלכען הראובני האָט איהם געזאָגט, אַז דער קעניג יוסף און זיינע זקנים האָבען איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל איבערגעבען דעם פּאַפּסט, ער זאָל מאַכען שלום צווישען דעם קעניג און פראַנצויזישען קעניג פון וועלכען עס וועט איהם (דעם פּאַפּסט) אַרויסקומען אַ טובה. ער האָט אויך געבעטען דעם פּאַפּסט ער זאָל איהם געבען בריעף צו די דאָזיגע צוויי מלכים, אַז זיי זאָלען איהם אַרויסהעלפען.

דער פּאַפּסט האָט דערויף געענטפערט, אַז עס איז ניט אין זיינע מעגליכ־

קייטען צו מאַכען שלום צווישען די מלכים און האָט איהם געראַטען, אַז ער זאָל זיך ווענדען צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאל, וועמעס לאַנד עס איז נעהענטער צו זיין לאַנד און פון דאָרט איז מען געוואוינט צו פאָהרען אהין און האָט איהם אויך פארשפּראָכען צו געבען א בריעף צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאל.

דער פּאַפּסט האָט זיך אויך פאראינטערעסירט וואו הראובני, וועמען ער האָט גערופען דער אידישער אמבאַסאדאָר, שטעהט איין און פארזאָגט די קארדי־נאַלען, אַז מען זאָל איהם צוטהיילען גרוים כבוד און מען זאָל זעהן, אַז ער זאָל ניט האָבען קיין אונאַנגענעמליכקייטען.

וואָס פאַר דאָקומענטען הראובני האָט איבערגעגעבען דעם פּאַפּסט איז ניט באַקאַנט. זיי האָבען, ווי מען קען זיך משער זיין, באַדאַרפט באַשטעטיגען ווער ער איז. די דאָקומענטען האָט דער פּאַפּסט אָבגעשיקט צו דעם קעניג פון פּאָר־טוגאל און געוואַרט פאַר זיין ענטפער און דער אידישער אמבאַסאדאָר איז דער־ווייל פארבליבען אין רוים.

הראובני האָט זיך טאַקע אויפגעפיהרט ווי אַן אמבאַסאדאָר. עס איז געווען שווער צו איהם צוקומען. אָפּט מאָל זיינען איהם געקומען באַזוכען אָנגעזעהענע פּערזאָנען און קארדינאַלען און ער האָט זיי ניט אויפגענומען. ער איז ארומגע־פאָהרען איבער דער שטאָדט אויף אַן אייזעל און פאַר איהם זיינען געלאָפען צעהן אידען און ארום צוויי הונדערט ניט אידען. די אידען פון רוים האָבען זיך גאָר געפיהלט אין א געהויבענער שטימונג און די ניט־אידען האָבען אָנגעפאַנגען זיך רעכענען מיט זיי און האָבען פאַר זיי געהאַט מעהר דרך ארץ, נאָכדעם ווי זייער אמבאַסאדאָר איז אויפגענומען געוואָרען פון פּאַפּסט.

עס האָט גענומען אכט מאָנאַטען צייט ביז עס איז געקומען אַן ענטפער און דאַן האָט הראובני געהאַט א צווייטען געשפּרעך מיט דעם פּאַפּסט, וועלכער האָט איהם דעם מאָל אויפגענומען מיט גרוים כבוד און קיינער איז ניט געווען ווען זיי האָבען גערעדט, אויסער דער איבערזעצער ר' דניאל פון פּיסא, וועלכער איז געווען א רייכער איד און א מקובל און האָט באַגלייט הראובני'ן אויף אלע זיינע שליחות'ן און איהם פאַרהיט פון די פאַרשידענע מסירות, וואָס זיינען אייף איהם געמאַכט געוואָרען.

און מוסרים זיינען געווען עטליכע און גראַדע אידען און זיי האָבען געטאָן אלעס צו שטערען הראובני'ן. זיי האָבען אפילו אָנגעפיהרט רכילות צווישען איהם און ר' דניאל'ן און זיי זיינען צוויי טעג געווען ברגז און ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך צוזאַמענגערעדט איז ארויסגעקומען דער אמת און הראובני האָט דאַן געזאָגט צו ר' דניאל'ן: „איך בין געקומען פון מזרח קיין מערב צוליב גאָט, צוליב די אידען און צוליב ירושלים די הייליגע שטאָדט און מעהר צוליב גאָרניט

און איך האָב צווישען די אידען אין דעם געגענד געטראָפען אייך א גוטען, א אָרענדליכען און גאָטס־פאָרכטיגען און עס איז פאר אייך צוגעפּאסט די דאָזיגע מצוה און איהר וועט שאפען א גוטען נאָמען פאר אייך און פאר אייערע קינדער."

ר' דניאל האָט איהם דאן געזאָגט, אז ער זאָל זיך ניט שרעקען, אז ער וועט זיין מיט איהם, ביז וואנען ער וועט ארויסקריגען אלע נויטיגע דאָקומענטען פון דעם פּאפּסט. עס האָט גענומען בלויז עטליכע טעג און די דאָזיגע דאָקומענטען זיינען אָנגעקומען און דער פּאפּסט האָט ווידער אמאָל געשיקט רופען הראובני'ן און האָט איהם געגעבען א בריעף צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאל און איהם געזאָגט, אז ער האָט וועגען איהם געשריבען אין די אלע לענדער דורך וועלכע ער דארף דורכפאָהרען, אז מען זאָל פאר איהם טהאָן אלעס מעגליכעס כדי אזוי גרינגער צו מאַכען זיין וועג.

נאָך דעם דאָזיגען באזוך ביי דעם פּאפּסט האָט הראובני פארענדיגט זיין ארבייט אין רוים און איז געווען גרייט אָבצופאָהרען קיין פּאָרטוגאל, וואו ער האָט ערווארטעט צו קריגען די אמת'ע הילף פאר זיין פּלאן, צו פאַרפיהרען א מלחמה מיט דעם טערק, ער האָט זיך אָבער אנגעשלאָגען אויף א נייע שוועריגקייט. ווען דער פּאָרטוגעזישער אמבאסאדאָר אין רוים דון מיגואל דא־סילווא (הראובני רופט איהם דון מיקיל) האָט איהם ניט געוואלט געבען די ערלויבניש, מיט וועלכע ער וואָלט געקאָנט ארייננפאהרען קיין פּאָרטוגאל. הראובני האָט דערפון געהאט פיעל יסורים און ער האָט געגלויבט, אז דאָס איז אויך די ארבייט פון זיינע שונאים. דון מיגואל האָט איהם אבגעלייגט פון איין מאָל אויף דעם צווייטען און איינמאל איז הראובני געווארען שטארק אין כעס און האָט זיך גענכאפּט צו זיין שווערד, ר' דניאל האָט איהם אָבער אבגעהאלטען און ניט דערלאָזט איהם, אז ער זאָל שלאָגען דעם אמבאסאדאָר.

ווען דער פּאפּסט האָט זיך דערוואוסט, אז דון מיגואל מאכט שוועריגקייטען פאר הראובני'ן, וואָס איז געווען אומגעזעצליך, ווייל ער האָט דאָך מיט זיך געהאט בריעף פון דעם פּאפּסט צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאל, האָט ער געלאזט וויסען דון מיגואל'ן, אז ער זאָל איהם געבען די ערלויבניש, דער לעצטער האָט אָבער זיך ניט צוגעהערט אפילו צו די רייד פון דעם פּאפּסט און ער האָט געזאָגט הראובני'ן, אז ער קען פאָהרען זיין וועג און אז ער וועט איהם צושיקען די ערלויבניש קיין פּיסא. הראובני האָט שוין מעהר ניט געוואלט פארבלייבען אין רוים און פּופּצעהן טאָג אין אדר, ר"פּה', פּונקט מיט א יאָהר שפּעטער ווי ער איז אָנגעקומען קיין רוים, האָט ער פארלאָזען די שטאָדט און די אידען האָבען איהם באגלייט מיט דרייסיג פערד, פאר מיינף מייל.

אויף דעם וועג האָט זיך הראובני אָבגעשטעלט אין עטליכע שטעדט אין איטאַליען, וואו עס זיינען געווען אידישע קהלות און אומעדום איז ער אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס כבוד און די אידען זיינען געקומען צו איהם ער זאָל פאַר־גלייכען די סכסוכים, וואָס זיי האָבען געהאַט צווישען זיך. ער איז דאַן אָנגעקומען קיין פּיסאַ, וואו ער איז איינגעשטאַנען אין דער הויז פון דעם צדיק און נגיד רבי יחיאל, וואו ער איז פאַרבליבען זיבען חדשים.

דון מיגואל האָט זיין ווארט ניט געהאַלטען און איהם ניט צוגעשיקט די ער־לויבניש קיין פּיסאַ. ער האָט געשיקט א שליח קיין רוים און יענער האָט איהם געבראַכט אַן ענטפער פון דעם אַמבּאַסאַדאָר, אַז דער קעניג פון פּאָרטוגאַל וויל ניט אַז ער זאָל אהינצו קומען דעם יאָהר און דאָס איז ניט געווען אמת — און הראובני שרייבט וועגען דעם:

— דאָס איז געווען שקר וכזב, ווייל דער קעניג האָט איהם גאָר־ניט געשריבען וועגען דעם און איך האָב פון דעם געהאַט גרויס צער און איך בין געווען אין טרויער אין הויז פון ר' יחיאל פון פּיסאַ... און עס זיינען מיר געקומען זעהן הויכע בעאַמטע. איך האָב גע־פאַסט זעקס מאָל זעקס טעג און נעכט, קיין ברויט האָב איך ניט געגעסען און קיין וואַסער האָב איך ניט געטרונקען. איך האָב אויך געפאַסט פערציג טעג, דריי טעג און דריי נעכט..."

אין דער זעלבער צייט וואָס הראובני האָט געהאַט יסורים וואָס זיין אַרבּייט איז געשטערט געוואָרען, האָט ער אָבער געקראָגען מוטה פון דער גרויסער אויפ־נאַהמע, וואָס ער האָט געקראָגען פון אידען און ניט אידען אין פּיסאַ. מען האָט איהם צוגעטהיילט די גרעסטע פאַרגעניגען און מען האָט אויף איהם גע־קוקט ווי אויף דעם פאַרטרעטער פון דעם אידישען פאָלק, וואָס ברענגט מיט זיך ערלייזונג און נחמה.

די באַריהמטע פרוי ווינוויינדא אבּרבּנאל, די פרוי פון רבי שמואל אבּרבּנאל און די שנור פון דון יצחק (וועלכער האָט זיך באַשעפטיגט מיט משיחישע אויס־רעכנונגען) פון ניאַפּאָל, האָט צוגעשיקט הראובני'ן א שעהנע זיידענע פאָהן, אויף וועלכער עס זיינען געווען אנגעשריבען די עשרת הדברות. זי האָט איהם אויך געשיקט עטליכע מאָל געלד און הראובני באַשרייבט, ווי גרויס עס איז געווען איהר ליעבע צו ארץ ישראל.

אין א צייט אַרום האָט דער קעניג פון פּאָרטוגאַל צוגענומען דעם אמ־באַסאַדאָר דון מיגואל פון רוים און אויף זיין פּלאַץ געשיקט דון מאַרטין. דער נייער אַמבּאַסאַדאָר האָט באַלד צוגעשיקט א בריעף צו הראובני'ן, אַז דער קעניג

פון פּאָרטוגאַל האָט וועגען איהם געהערט און אז ער איז צופרידען איהם אויפ־צונעהמען און ער זאָל זיך דאָרום באַלד צוגרייטען אין וועג אריין און נעהמען די שיף וואָס וואַרט פאַר איהם.

הראובני האָט זיך בּאַראַטען מיט ר׳ דניאל׳ן און זיי האָבען באַשלאָסען, אז מען זאָל שיקען אַ שליח קיין רוים, וועלכער זאָל בּריינגען נייע דאָקומענטען פון דעם פּאַפּסט און אויך אַ שריפטליכע ערלויבּניש פון אמבּאַסאַדאָר, אום עס זאָל פאַרמיידען שטערונגען אויף דעם וועג און ווען דער שליח איז געקומען און האָט געבּראַכט די אַלע דאָקומענטען, האָט הראובני זיך געלאָזט אין וועג.

רבּי יחיאל און אנדערע אנגעזעהענע אידישע פיהרער האָבּען איהם באַגלייט קיין ליוואָרנאָ, וואו ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער שיף, וואָס האָט איהם באַדאַרפט פיהרען קיין פּאָרטוגאַל, וואו ער האָט ערוואַרטעט אז דער געשפּרעך מיט דעם קעניג, וועט איהם געבּען די מעגליכקייט צו אָנפיהרען מיט דער אידי־שער אַרמעע פאַר דער באַפרייאונג פון דעם אידישען לאַנד פון די הענד פון ישמעאל.

* * * *

די גאַנצע צייט פון דער רייזע איז הראובני געווען שטאַרק צופרידען און ווען מען האָט איהם פאַרהאַלטען אין קאָדיץ, האָט דאָס אויף איהם אויך ניט אנגעוואָרפען קיין שרעק, ווייל ער איז געווען זיכער, אז ווען ער וועט באַווייזען די בּריעף וואָס ער פיהרט מיט זיך פון דעם פּאַפּסט צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל, וועט שוין מיט איהם ניט געשעהן קיין שלעכטס און אזוי איז טאַקע געווען. ער איז דאַן אנגעקומען קיין טאַווירא, בּיי דעם פּאָרטוגעזישען גרענעץ, וואו ער האָט איבּערגעגעבּען די באַאַמטע דעם בּריעף פון פּאַפּסט און דעם בּריעף וואָס דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט געשיקט וועגען זיין קומען אין לאַנד און ער איז דאָרט געבּליבּען וואַרטען, בּיז וואַנען דער קעניג וועט איהם איינלאַדען צו זיך.

אין טאַווירא האָט הראובני אויך געקראָגען אַ גרויסאַרטיגע אויפנאַהמע און אַ גרויסער עולם פון מענער און פרויען האָט איהם באַגלייט פון דער שיף אין שטאָדט אריין. ער איז געפאָהרען אויף דעם אייזעל און זיי אַלע זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. ער איז דאָרט איינגעשטאַנען אין דער הויז פון אַן אנוס, וואָס האָט איהם צוגעטהיילט גרויס כבוד און אויך אַלע אנדערע איינוואוינער האָבּען פאַר איהם געהאַט גרויס דרך ארץ.

צום סוף פון פערציג טעג, איז צוריקגעקומען דער שליח וואָס הראובני האָט געשיקט צו דעם קעניג און ער האָט מיט זיך געבּראַכט צוויי בּריעף, איינעם צו הראובני׳ן, אז ער זאָל קומען צו דעם קעניג און די צווייטע צו די באַאַמטע פון די פאַרשידענע שטעדט, אז מען זאָל איהם אומעדום אויפנעהמען ווי געהעריג.

דער גרויסער כבוד וואס איז צוגעטהיילט געווארען הראובני'ן האט ארויס־גערופען האפנונג ביי די אנוסים אין פארטוגאל און וואו ער איז געקומען האבען זיי איהם ארומגערינגעלט און איהם געבראכט מתנות. ער האט גלייך דערפיהלט די סכנה וואס עס איז אין דעם פאראן פאר די אנוסים, ווענן מען האט נאכגע־געקוקט אויף יעדען טריט און שריט און ער האט זיי געזאגט:

— איך בין ניט געקומען צו אייך מיט קיין אות און מופת און ניט לויט דעם דרך פון דער קבלה, איך בין א מלחמה מענש פון מיין יוגענד אן און בין דאס ביז יעצט און איך בין געקומען נאך דעם קע־ניג'ס הילף און פאר אייער הילף און מיר וועלען זעהן, ווי אזוי עס וועט זיין דער וועג אויף וועלכען גאט וועט מיר פיהרען קיין ארץ ישראל.״

דער קעניג פון פארטוגאל, יאהאן דער דריטער, האט צוערשט אויפגענומען הראובני'ן מיט גרויס כבוד און זיך צוגעהערט צו אלע זיינע רייד וועגען דער אידישער מלוכה פון דריי הונדערט טויזענד מענשען, וואו זיין ברודער יוסף איז דער הערשער און ער איז דער אנפיהרער פון דער ארמעע.

הראובני האט דערצעהלט, אז די דאזיגע אידען זיינען פון זייער יוגענד אן ערצויגען אויף מלחמה, וואס זיי פיהרען מיט א שווערד און בויגען און ניט מיט קיין ביקסען און פארך און אז זיי ווילען געהן קיין ירושלים און אבנעהמען גאנץ ארץ ישראל פון די טערקען און ער איז געקומען זוכען ספעציאליסטען, וואס קענען לערנען זיין פאלק אנצוגעהן מיט דעם געוועהר.

ער האט ווייטער דערצעהלט, אז זיין ברודער'ס מלוכה באשטעהט פון די שבטים ראובן גד און דער האלבער שבט מנשה, עס זיינען אבער אין אביסיניען פאראן נאך ניין און א האלב אידישע שבטים און זיי האבען מלכים. די נאך־הענטסטע זיינען די שבטים שמעון און בנימין, וועלכע זיינען לעבען דעם טייך נילוס און זיי האבען א גוט לאנד. זייער קעניג איז ברוך דער זוהן פון דעם קעניג יפת וועלכער האט פיער זיהן. זייער צאהל איז אויך דריי הונדערט טויזענד און צווישען דער מלוכה פון זיין ברודער יוסף און יענע שבטים הערשען זעהר גוטע באציהונגען און איינער העלפט ארויס דעם צווייטען און זיי זיינען אויך גרייט צו געהן קעמפען פאר ירושלים.

דער קעניג האט איהם דאן פארשפראכען יעדע הילף און איהם צוגעזאגט צו געבען אכט שיפען און אויך געוועהר, ער האט איהם בלויז געבעטען, ער זאל ייך ניט לאזען קושען די הענד, ווי מען טהוט דאס צו א קעניג.

עס האט אבער גענומען א שטיקעל צייט און די באציהונג פון דעם קעניג

צו הראובני'ן האָט זיך געביטען און דאָס איז געקומען צוליב צוויי אורזאכען. ערשטענס האָט דער קעניג דאמאָלס געהאט פאר זיין בעל יועץ דון מיגואל דע סילוויא, וועלכער איז פריהער געווען דער אמבאסאדאָר אין רוים און געזוכט צו שטערען הראובני'ס שליחות. ער האָט וועגען איהם דערצעהלט פארשידענע זאַכען דעם קעניג און אריינגעווארפען א צווייפעל, אויב ער איז טאקע א פאר־טרעטער פון א שטארקער מלוכה.

דעם קעניג'ס צאָרן איז אויך ארויסגערופען געווארען צוליב דעם, וואָס די אנוסים האָבען געלייגט צופיעל האָפנונגען אויף הראובני'ן, אין וועמען זיי האָ־בען געזעהן זייער אויסלייזער. יאָהאן דער דריטער האָט די גאנצע צייט גע־שטרעבט איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין זיין לאַנד און וואַרפען אין איהרע כלאמען די אנוסים וואָס מען וועט כאַפען אָבּהיטען אידישע מנהגים. אין דער צייט ווען הראובני איז געקומען קיין פּאָרטוגאל איז שוין ביי איהם געווען פאר־טיג דער פּלאַן וועגען דער איקוויזיציע, ווען ער האָט אָבער דערזעהן פאר זיך א פארטרעטער פון א אידישער מלוכה, מיט וועמען ער האָט געהאלטען ביי שלי־סען א בונד האָט ער שוין ניט געקאָנט דורכפיהרען דעם פּלאַן — און דאָס איז ווירקליך געווען איינע פון הראובני'ס פארדינסטען, וואָס ער האָט פאר א צייט אבגעהאלטען די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאל.

דער קעניג האָט אָבער דערזעהן, אז הראובני האָט ארויסגערופען ביי די אנוסים גאנץ אנדערע געפיהלען. דאָ איז נאָך צוגעקומען די געשיכטע פון שלמה מולכו, וועלכער האָט זיך מגייר געווען (מעהר וועגען דעם אין קומענדען קאַ־פיטעל). ער האָט געגלויבט, אז הראובני האָט איהם דערצו צוגערעדט און ער האָט אָנגעפאנגען חרטה האָבען אויף דעם גאנצען ענין.

ווען הראובני האָט דאַן געהאט נאָך א געשפּרעך מיט דעם קעניג האָט דער קעניג צו איהם געזאגט: „איך בין צופרידען וואָס דו ביזט מיר געקומען העל־פען, דו מאכסט אָבער חרב מיין הערשאפט, ווייל די קריסטען זאָגען וועגען דיר אז דו האָסט געמאכט פון די אנוסים צוריק אידען און ווער עס קומט צו דיר, מענער פרויען און קינדער קושען דיינע הענד און איך האָב געהערט ווי אזוי די אנוסים דאַווענען מיט דיר, לייענען דיינע ספרים טאָג און נאכט און אז דו האָסט פאר זיי געמאכט א שוהל..."

הראובני האָט דערויף געענטפערט: „איך בין געקומען צו דיר פון מזרח קיין מערב און מיין מיהר איז אָפען פאר אלע מענשען, קריסטען און אנוסים און איך ווייס ניט. ווער עס זיינען די קריסטען און ווער די אנוסים און איך קען אנדערש ניט... און דו הערסט זיך צו צו די רייד פון די מוסרים, וואָס דער־צעהלען דיר פאלשע זאכען און דו גלויבסט זיי."

הראובני האָט זיך געהאַלטען זעהר שטאָלץ און אין זיינע רייד צו דעם קעניג האָט ער איהם געמאַכט צו פיהלען, אז ער איז א פאַרטרעטער פון א גרויסער מלוכה און אז ער איז גאָר איהם געקומען העלפען, דאָס האָט שוין אָבער מעה נים געהאָלפען, אז דער קעניג זאָל ווידער זיך צו איהם באַציהען ווי אין אָנפאַנג.

די קעניגין האָט דאָס קלאָהר געמאַכט צו הראובני'ן, ווען ער האָט זי גע־פרעגט, וואָרום דער קעניג האָט פּלוצלונג געענדערט זיין מיינונג? — זי האָט איהם געזאָגט, אז דאָס איז דערפאַר וואָס ער האָט מגייר געווען מולכו'ן און דערפאַר וואָס ער האלט אָב באַראַטונגען מיט די אנוסים, וואָס זיינען געגען דעם קעניג.

אין דער זעלבער צייט האָבען די אנוסים זיך אָנגעפאַנגען פיהלען שטאַרקער און אייניגע פון זיי וועלכע זיינען אנטלאָפען פון דער תפיסה איבער דער גרע־נעץ, האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק און ארויסגענומען זייערע פרויען און טעכטער פון דער תפיסה. דאָס האָט ארויסגערופען דעם צאָרן פון די שונאי ישראל אין זיי האָבען אָנגעפאַנגען פאָדערען פון דעם קעניג יאָהאַן, אז ער זאָל סוף כל סוף איינפיהרען די אינקוויזיציע.

הראובני האָט דאַן געקראָגען א באַפעהל, אז ער זאָל פאַרלאָזען דאָס לאַנד ניט שפּעטער ווי אין צוויי מאָנאַטען. ער איז שוין דאַן געווען אין פּאָרטוגאל א יאָהר צייט. ער האָט אָבער אבגעצויגען די נסיעה פאַר פיער חדשים, מיט דער האָפנונג, אז דער קעניג וועט נאָך ענדערען זיין מיינונג. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען און ער איז געווען געצוואונגען צו נעהמען די שיף און צוריק פאָהרען קיין איטאַליען.

הראובני דערצעהלט אויך, אז איידער ער האָט פאַרלאָזען דאָס לאַנד, האָט איהם געשיקט רופען דעם קעניג'ס א ברודער, וועלכער איז געווען א קאַרדינאַל און האָט איהם אָנגעבאָטען, אז ער וועט איהם געבען א הויכען אמט, אויב ער וועט אָננעהמען זיין גלויבען. הראובני האָט איהם דערויף געענטפערט: „עס פּאַסט ניט פאַר מלכים, ווייל איך בין דער זוהן פון א קעניג, וואָס שטאַמט אָב פון דוד בן ישי און מיינע עלטערען האָבען אזא זאַך ניט געטהאָן. איך בין ניט דערויף געקומען פון מיין לאַנד, איך בין געקומען טהאָן א גוטע זאַך און ווי אזוי וואגסטו צו רעדען צו מיר אזעלכע ווערטער?"

די שיף מיט וועלכער הראובני האָט פאַרלאָזט פּאָרטוגאל איז פאַרשטויסען געוואָרען פון א שטורם צו די ברעגען פון שפּאַניען און ער איז דאָרט ארעסטירט געוואָרען פון די באַאמטע פון דער אינקוויזיציע און ער איז שיעור ניט אומגע־קומען אין איהרע פלאַמען. דער קעניג קאַרל האָט אָבער באַפעהלען מען זאָל איהם באַפרייען און מען זאל איהם לאָזען דורכפאָהרען דאָס לאַנד.

דערמיט ענדיגט זיך הראובני׳ס טאגבוך און די ידיעות וועגען דעם, וואס איז מיט איהם שפעטער געשעהן זיינען שוין איינגעהילט אין געהיימנים. עס אז באקאנט אז ער איז שפעטער געווען אין אוויניאן, די פראווינץ וואו דער פאפסט האט געהערשט און נאכדעם איז ער ווידער געווען אין רוים. מיט עטליכע יאהר שפעטער טרעפען מיט איהר צוזאמען מיט מולכו׳ן אין ווענע־ציא, וואו ער האט געוואלט בעאיינפלוסען די דארטיגע רעפובליק, צו שליסען א בונד מיט דער אידישער מלוכה און אין 1532 ווערט ער ארעסטירט מיט מולכו׳ן אין רעגענסבורג און זיין לעבען איז פארענדיגט געווארען אין דער תפיסה. (וועגען דעם צוועק פון זיין באזוך אין רעגענסבורג וועלען מיר נאך דערמאנען אין קומענדען קאפיטעל).

* * * *

(מיר ווילען דא אויפמערקזאם מאכען וועגען א פאר דאטומס. לויט גרעץ׳ן און שאול פנחס רבינאוויץ, אין „מוצאי גולה“, קומט אויס, אז הראובני איז געקומען קיין רוים אין אדר ר׳פד׳ (1524) און האט דארט פארבראכט אכט מאנאטען. קיין פארטוגאל איז ער געקומען אין נאוועמבער פון זעלבען יאהר און פארלאזט פעברואר 1526. הראובני אליין באהויפטעט אבער אז ער איז געווען אין רוים א יאהר צייט און נאכדעם איז ער ארומגעפאהרען איבער איטאליען און אזוי ארום האט ער ערשט געקאנט אנקומען אין פאר־טוגאל אין נאוועמבער 1525. (שפ׳ר זאגט נאוועמבער רפ׳ה 1525 — דאס איז אונמעגליך, ווייל נאוועמבער רפ׳ה, איז געווען 1924, אזוי אז עס האט געמוזט זיין רפ׳ו). זייענדיג דארט א יאהר מיט פיער מאנאט איז ער אב־געפאהרען פון דארט ערשט אין פריהלינג 1527 — אזוי ווערט אויך אנגע־געבען אין הראובני׳ס טאג־בוך).

* * * *

וואס איז געווען הראובני — א שווינדלער אדער א מענש מיט מאדנע פארשטעלונגען ? וואס האט ער באצוועקט און וועמען האט ער געוואלט העלפען ?

איין זאך איז זיכער, אז קיין משיח האט ער ניט געוואלט זיין. ווען מען האט איהם וועגען דעם געפרעגט האט ער געענטפערט :

— חס ושלום ! איך זינדיג געגען גאט מעהר ווי יעדער איינער פון אייך און איך ברייננג אום פיעל מענשען... איך בין ניט קיין חכם און קיין מקובל, ניט קיין נביא און ניט קיין זוהן פון קיין

נביא, נאָר א פיהרער פון דער ארמעע און דער זוהן פון דעם מלך שלמה, פון די קינדער פון דוד בן ישי.

ווען ער האָט געהאלטען ביים פארלאָזען רוים און די אנוסים זיינען געקומען זיך געזעגענען מיט איהם, האָט ער זיי געזאגט:

— פארלאָזט זיך אויף גאָט און איהר וועט זוכה זיין זעהן ווי ירושלים וועט אויפגעבויעט ווערען. איך בין אָבער דעם מאָל ניט געקומען אייך נעמען קיין ירושלים, ווייל מיר האָבען דאָרט גרויסע מלחמות... דעם מאָל בין איך בלויז געקומען זאָגען, אז די ישועה איז נאָהענט.

דאָס צייגט, אז הראובני האָט ניט געזוכט צו פארפיהרען אימיצען, ער האָט אויך ניט געזוכט קיין פערזענליכע הנאה. מען קען זיך משער זיין, אז ער האָט געוואָלט העלפען די אנוסים און אז ער האָט געגלויבט, אז א מלחמה מיט טערקיי קען ברייננגען גוטס פאר אידען און ער האָט געזוכט ברייננגען צו א מלחמה צווישען פאָרטוגאל און טערקיי. ער איז געווען אויסגערעכענט אין זיינע שריט און ניט אויפגעגעבען זיינע האָפנונגען, ווען ער האָט געליטען מפּלות. ער האָט פארשטאַנען, אז דער אמת'ער משיח איז ער ניט, ווייל ער האָט פארגאָסען צופיעל בלוט — און משיח זוכט דאָך שלום.

יב.

# שלמה מולכו

ווי אזוי דער יונגער אנוס איז צוריק געוואָרען א איד. — זיין ערשטע באגעגעניש מיט הראובני. — זיינע חלומות און זעהונגען. — דער „מגיד" וואָס האָט מיט איהם געלערענט „סתרי תורה". — זיינע דרשות אין סאלאניקי. — דער „ספר המפואר" און זיינע משי־חישע אויסרעכנונגען. — זיין רייזע צום פאפסט און די תפלה ביי די טויערען פון רוים. — די זעהונגען וואָס זיין „רבי" האָט איהם געוויזען. — ווי אזוי דער פאפסט האָט איהם אויפגענומען. — זיין צווייטע באגעגעניש מיט הראובני'ן. — דער קאמף וואָס זיינע געגנער האָבען געפיהרט געגען איהם. — מולכו און הראובני פאָהרען קיין רעגענסבורג. — דער יונגער אנוס איז מקדש השם. — הראובני'ס סוף.



יד הראובני'ס באזוך אין פאָרטוגאל האָט איבערגעלאָזט א באזונדער שטארקע ווירקונג אויף דעם יונגען אנוס שלמה מולכו (דיוגו פירעס) אין ליסאבאָן, וועלכער האָט אין איהם דערזעהן דעם „מלאך הגואל", וועלכער איז געשיקט געווארען צו ברענגען א בשורה פון טרייסט צו די נידערגעשלאָגענע און אונטערדריקטע אנוסים.

דיוגו פּערים איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר 1500 לערך, עטליכע יאָהר נאָך דער גזירה פון שמד, וואָס איז ארויסגעגעבען געווארען פון דעם קעניג עמנואל. ער איז ערצויגען געוואָרען אין דעם גייסט פון דער השכלה,

ווי עס האָט געפּאַסט פאַר די רייכערע קלאַסען אין לאַנד. די רוסישע שפּראַך איז דאַן געווען די הערשענדע שפּראַך צווישען דער אינטעליגענץ און דער יונגער פּירעס האָט זי באַזיצען געננוי. ווען ער איז נאָך געווען א יונגערמאַן פון צוויי און צוואַנציג יאָהר האָט ער שוין געהאַט א וויכטיגען פּאָליטישען אַמט און איז געווען דער אָפיציאַל (סעקרעטאַר) פון דעם העכסטען גערי‌כט אין דעם מלוכה הויף.

עס איז קיין צווייפעל ניט, אז נאָך אין זיין יוגענד האָט זיין פאָטער, אָדער אימיצער אנדערש פון די אנוסים, מיט איהם געלערענט די אידישע תורה און די העברעאישע שפּראַך, ווי אויך תלמוד און קבלה. אזוי גיך ווי דער יונגער פּירעס איז צוריק געוואָרען א איד, זעהען מיר ווי ער שרייבט אויסגעצייכענט העברעאיש און ער צייגט ארויס גרויס בקיאות אין תלמוד, מדרשים און קבלה ספרים און עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען, אז ער האָט דאָס אלעס זיך אויסגעלערענט אין א קורצער צייט.

ווען הראובני איז געקומען קיין ליסאַבאָן איז פּירעס געווען פון די ערש־טע זיך צו באַקענען מיט איהם און אונטער זיין איינפלוס האָט ער באַשלאָסען צו ווערען א איד. הראובני האָט איהם דערצו ניט צוגערעדט, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין גורל און אויך פאַר דעם לעבען פון דעם יונגען ענער־גישען אנוס. פּירעס האָט זיך אָבער פאַר גאָרניט אָבגעשטעלט און ער האָט זיך מגייר געווען, לויט דעם אידישען דין.

וועגען דעם ווי אזוי דיזגו פּירעס, וועלכער רופט זיך פון יעצט אָן שלמה מולכו, איז געוואָרען א איד דערוויסען מיר זיך פון זיין אייגענער ערצעהלונג און אויך דערפון וואָס הראובני האָט געשריבען אין זיין טאָג בוך.

הראובני דערצעהלט וועגען דעם:

— און עס איז צו מיר געקומען דער דאָזיגער אָפיציאַל (שלמה מולכו) וועלכער האָט זיך מל געווען אין געהיים און ער באַהאַלט זיך אויס אין דער דירה פון די אנוסים און ער האָט מיט מיר גערעדט וועגען דעם און איך בין אויף איהם געווען אין כעס און איך האָב צו איהם גע־זאָגט: זעה וואָס דו האָסט אונז אָבגעטהאָן, געה דיר קיין ירושלים, טאָ־מער וועט דער קעניג דיר הייסען פאַרברענען און ער האָט מיר פאַרלאָזט. דער דאָזיגער אָפיציאַל איז צו מיר געקומען פריהער (איידער ער איז צו־ריק געוואָרען א איד) און ער האָט מיר דערצעהלט, ווי אזוי עס האָט זיך איהם גע'חלומ'ט, אז ער איז זיך מל. ער האָט מיר געבעטען א טובה, אז איך זאָל איהם מל זיין און איך בין אויף איהם געווען אין כעס און צו איהם געזאָגט, אז עס קען דערפון ארויסקומען אן אומגליק פאַר איהם

און פאר אונז, ווייל אויב מען וועט זיך דערפון דערוויסען, וועט מען זאגען, אז איך האב דאס געטהאן... היט זיך דו זאלסט עס ניט טהאן... ווייל דו און איך און אלע אנוסים וועלען זיין אין א גרויסער סכנה. איז ער אוועקגעגאנגען פון מיר און האט דאס געטהאן... און ער איז אנגעזעהן ביי דעם קעניג און דער קעניג און אלע שרים האבען געזאגט, אז איך האב געבראכט דערצו, אז ער זאל זיך מל זיין, הגם איך האב דאס ניט געטהאן..."

שלמה מולכו אין זיין בריעף אין זיין ספר „חית קנה", דערצעהלט אויך ווי אזוי ער איז צוריק געווארען א איד און דאס שטימט מיט הראובני'ס ערצעהלונג:

— — — ווען עס איז אנגעקומען דער העלדישער מאן, דער חסיד מוהר"ר דוד הראובני אין דעם הויף פון דעם קעניג פון פארטוגאל, האב איך געזעהען אין חלום שרעקליכע משונה'דיגע זעהונגען, וואס האבען מיר זעהר איבערגעשראקען און עס וועט נעהמען פיעל צייט זיי איבערדערצעהלען, ווען עס וועט מיר געגעבען ווערען ערלויבניש זיי ארויסצוגעבען. דער עיקר דערפון איז געווען, אז מען האט זיך מיר געהייסען מל זיין. יעדען טאג בין איך געגאנגען צו מוהר"ר דוד און האב איהם דערצעהלט וואס איך האב געזעהן אין חלום, ווייל איך האב גערדיינקט, אז צוליב איהם האט מען דאס מיר געוויזען. ער האט אבער פאר מיר פארבארגען און געזאגט: — איך וויים גארניט וועגען דעם אלעם, ווייל ווער בין איך, אז צוליב מיר זאל מען דיר ווייזען די אלע שרעקליכע זעהונגען. — האב איך ביי זיך געטראכט, אפשר וויל ער מיר גארניט זאגען, ביז וואנען איך וועל זיך ניט מל זיין, בין איך אוועקגעגאנגען. יענע נאכט האב איך זיך מל געווען און קיינער איז מיט מיר ניט געווען און גאט האט מיר געהאלפען און מיר אויסגעהיילט, הגם איך האב געהאט א גרויסען וועהטאג און איך האב גע'חלש'ט, ווייל דאס בלוט האט געפליסען ווי א שטארקער קוואל. און דער געטרייער דאקטאר (גאט) האט מיר געהיילט אין אן אומגלויבליך קורצער צייט. ווען איך בין אויפגעשטאנען פון מיין בעט בין איך געגאנגען צו מוהר"ר דוד און איך האב איהם געזאגט: זאל מיין האר מיט מיר רעדען אפען, ווייל איך בין שוין א איד, איז ער אויף מיר אין כעס געווארען און געשריען: — וואס האסטו געטהאן וואס דו האסט אריינגעבראכט מיר און דיר אין א גרויסער סכנה, ווייל אויב דער קעניג וועט זיך דערוויסען, וועט ער זאגען, אז איך האב דיר איבערגערעדט און דו האסט דאס געטהאן אהן מיין

וויסען און איך האָב אפילו דערפון ניט געטראכט.״

ווערענדיג א איד האָט מולכו אָנגעפאנגען זעהן פארשידענע זעהונגען, וועלכע זיינען צו איהם אנטפלעקט געוואָרען אין דעם חלום פון דער נאכט און אויך ווען ער איז געווען וואך. זייענדיג אָבגעשוואכט פון דעם פיל בלוט וואָס ער האָט פארלאָרען ביים ווערען א איד און זייענדיג אונטער דעם איינפלוס פון דער קבלה, וועלכע האָט צו יענער צייט שוין געהאַט איהר צענטער אין צפת און עס זיינען געמאכט געוואָרען „פראקטישע״ פארזוכען ארונטער־צובריינגען משיח׳ן מיט גוואלד, זיינען די דאָזיגע חלומות און זעהונגען געווען דורכגעוועבט מיט טיפען מיסטיציזם, אין וועלכע עס האָט זיך אפגעשפיגעלט די טרויעריגע ווירקליכקייט פון די אנוסים און מולכו׳ס טיפע שטרעבונג זיי צו העלפען.

אין איינעם פון זיינע חלומות האָט ער געזעהן:

—אן אלטען מאַן מיט א לאנגער באָרד, זיין אויסזעהן בלאס. האָט ער געזאגט צו מיר, קום מיט מיר אין איינער פון די ירושלים׳ער חורבות, בין איך מיט איהם געגאנגען דאָרט און דערווייל האָט זיך מיר אויסגע־וויזען, אז איך בין שוין אין וועג א לאנגע צייט און דריי בוימער קומען ארויס פון איין וואָרצעל און זייערע צווייגען זיינען צושפרייט אין יעדער זייט, אויף די צווייגען האָב איך געזעהען פיעל ווייסע טויבען, צווישען זיי אנדערע טויבען פון א טונקעל געלען קאָליר און זייער צאָהל איז מעהר פון די ווייסע און מען קען זעהן, אז זיי זיינען ניט געווען אזוי פריהער, נאָר זיי זיינען געווען ווייס און זיי האָבען זיך געענדערט. צוויר־שען די טויבען זיינען אויך געווען שווארצע און זייער צאָהל איז געווען ווענינער פון די ווייסע. לעבען די ווייסע טויבען איז געווען א גרויס פעלד און אין פעלד איז דורכגעגאנגען א גרויסער טייך און פון יענער זייט טייך איז געווען א גרויס פאָלק, מלחמה מענשען, פערד רייטער מיט געוועהר, שווערדען , שפיזען און פייערדיגע קוילען און דאָס דאָזיגע חיל האָט געוואלט פארניכטען די בוימער...

עס איז ניט שווער צו פארשטעהן, אז אין די ווייסע טויבען האָט מולכו געזעהן די אידען, וועלכע האָבען אויף זיך גענומען גלות און ענוים און ניט געוואָלט אויפגעבען זייער גלויבען; די געלע טויבען זיינען די אנוסים, וועלכע האָבען זיך פארשטעלט פאר ניט אידען און די שווארצע טויבען, זיינען די אידען, וועלכע האָבען זיך אינגאנצען אבגעזאגט פון אידישקייט און באמת אָנגענומען דעם פרעמדען גלויבען. די צאָהל פון די אמת׳ע אידען איז גרויס, די צאָהל פון די אנוסים איז אָבער נאָך גרעסער און די צאָהל פון די משומדים

איז ווענינגער פון די גלויביגע. דאָס מלחמה פאָלק וויל פארניכטען די בוימער, אויף וועמעס צווייגען עס האַלטען זיך אויף די אידען.

דער חלום ווערט פאָרטגעזעצט און מולכו זעהט, ווי דאָס חיל שלאָגט די שווארצע טויבען און אויך די געלע און זיי פאלען אויף דער ערד און פויגעל קומען און עסען זייערע קערפּער. זיי האָבען אויך געוואָלט שלאָגען די ווייסע טויבען. עס זיינען דאן צוגעקומען עטליכע מענשען און זיי האָבען זיך גענומען בויען א מחיצה פון פאָרך און ברעטער. דאָס מלחמה פאָלק האָט אויך אטאקירט די מחיצה און זיי האָבען געשלאָגען עטליכע פון די מענשען, וואָס האָבען זי געבויעט. דערווייל האָט איהם אויך געטראָפען א קויל און ער איז אוועקגעפאלען אויף דער ערד און ביים פאלען האָט ער געטראכט, אז די פויגעל וועלען אויך אויפעסען זיין קערפּער און ער וועט ניט געבראכט ווערען צו קבר ישראל. — באלד האָט ער אָבער געזעהן שרעקליכע זעהונגען און ער האָט געטראָכט, אז עס איז אמת וואָס מען האָט געזאָגט, ווען ער האָט נאָך געלעבט — אז נאָך דעם טויט זעהט ערשט דער מענש דעם גרויסען אמת. דערווייל האָט ער געזעהן, אז איינינע פון די ווייסע טויבען זיינען פארוואנדעלט געווארען אין געלע און די געלע זיינען פארוואנדעלט געווארען אין ווייסע. עס האָט זיך באוויזען א פרוי, וועמעס נאָמען עס איז איהם ניט ערלויבט ארויסצוגעבען און זי האָט פאר איהם תפלה געטהאָן, אז ער זאָל אויסגעהיילט ווערען. און עס האָט זיך ווידער באוויזען דער אלטער מאַן אָנגעטאָן אין ווייסען און —

— ער איז געפאלען אויף מיר און האָט ארויפגעטהאָן זיין מויל אויף מיין מויל, זיינע אויגען אויף מיינע אויגען און זיינע הענד אויף מיינע הענד און ער האָט צו מיר געזאגט: — האָסטו פארשטאנען ווער עס זיינען די דאָזיגע טויבען און וואָס עס באדייטעט די פארשידענארטיגקייט פון זייערע קאָלירען און ווער עס זיינען די וואָס שלאָגען זיי און טויטען זיי? — האָב איך געזאגט: — מיין האר! דיין קנעכט האָט ניט פארשטאנען די דאָזיגע זאך ביז יעצט, איך האָב אָבער רחמנות געהאט אויף די דאָזיגע טויבען און מיין הארץ האָט אויף זיי געוועהטאָגט... האָט ער געזאגט צו מיר: — הויב אויף דיינע אויגען און זעה די דאָזיגע אלע חיילות און דו וועסט פארשטעהן זייער סוף און דו וועסט אויך ווויסען, ווער עס זיינען די טויבען און ער האָט א בלאָז געטאָן אויף די דאָזיגע גוים און זיי זיינען געווארען א הויפען פאָרך... ער האָט אויך א בלאָז געטהאָן אויף די טויבען, וועמעס קאָליר עס האָט זיך געענדערט און זיי זיינען אלע ווייס געוואָרען און איינע איז ניט געווען אנ־

דערשער פון דער צווייטער און דער טייך האָט געהאַט מעהר וואסער ווי אין אָנפאנג און עס האָבען געשפּראַצט בוימער איןביידע זייטען פון טייך מיט פארשידענע פרוכטען... איך האָב דאן געזאגט צו דעם מאן: — אויב איך האָב געפונען חן אין זיינע אויגען, זאָל מיין האר, אויפ־קלעהרען זיין קנעכט, וואָס עס זיינען די דאָזיגע מופתים און נסים. — האָט ער צו מיר געזאגט: — דו קענסט יעצט ניט וויסען די דאָזיגע זאכען, זיי וועלען אָבער ניט זיין פארבאָרגען פון דיר. — האָב איך זיך פארנויגט פאר איהם און געזאגט: — זאָל מיין האר רעדען צו זיין קנעכט, כדי איך זאָל זיין זיכער צו וויסען, וואס עס מיינען די דאָזיגע אלע זאכען — און ער האָט מיר געבענשט. — האָב איך זיך אויפגע־כאפּט פון דער דאָזיגער זעהונג און איך האָב גאָרניט פארשטאַנען און נאָכדעם האָב איך נאָך אמאָל געזעהען דעם אלטען מאַן און ער האָט מיר אלעס געגעבען צו פארשטעהן, איך האָב אָבער נאָך ניט קיין ערלויבניש צו פארעפענטליכען וואָס ער האָט מיר געזאָגט...

דאָס איז בלויז איינע פון די פיעלע זעהונגען וואָס מולכו האָט געזעהן מיט זיין רייכער פאַנטאַזיע. ער איז אויך געוועזן דער ערשטער פון די מקובלים, וועלכער האָט דערצעהלט, אז עס האָט זיך צו איהם באוויזען א „מגיד" פון הימעל, וואָס האָט מיט איהם געלערענט די פארבאָרגענישען פון דער תורה (סתרי תורה) און האָט איהם געפיהרט אויף דעם ריכטיגען וועג און דער דאָזיגער „מגיד" האָט איהם געהייסען פארלאָזען פּאָרטוגאל און אוועקפאָהרען קיין טערקיי.

דוד הראובני, וועלכער האָט זיך געשראָקען, אז מען זאָל איהם באשולדי־גען, אַז ער האָט געבראַכט מולכו'ן צוריק צום אידענטום האָט אויף איהם אויך געוווירקט ער זאָל פארלאָזען דאָס לאַנד און האָט איהם געהייסען אוועק־פאָהרען קיין ירושלים. ווי עס זעהט אויס, איז פאַר אנוסים ניט געוועזן שווער דאן ארויסצופאָהרען פון לאַנד און אזוי ארום איז מולכו אריבער די גרענעץ פון פּאָרטוגאל. דאָס איז געוועזן אין יאהר רפ"ו (1526), ווען הראובני האָט געוואַרט, אז דער קעניג יאָהאַן דער דריטער זאָל איהם געבען שיפען און געוועהר, צו פיהרען זיין מלחמה מיט טערקיי פאר דער באפרייאונג פון ארץ ישראל.

* * * *

אין טערקיי האָט דער דאָזיגער גר, וועלכער איז געוואָרען א באגייסטער־טער איד און א באגייסטערטער מקובל, ארויסגערופען גרויס באוואונדערונג. ער האָט דערצעהלט, אז ער איז א שליח פון דוד הראובני, וועמעס נאָמען

עס האָט שוין צו יענער צייט אויך דערגרייכט צו די אידען אין טערקיי און עס האָבען זיך געשטאַרקט די משיחישע האָפנונגען. באַזונדערס גרויס איז געווען מולכו'ס ווירקונג מיט זיין איינדרוקספולען אויסזעהן און מיט זיינע התלהבות'דיגע דרשות.

אין סאַלאָניקי האָט ער פאַרבראַכט א צייט אין בית המדרש פון דעם חסיד ר' יוסף טאַיטאַצאַק, וואָס איז געווען א ישיבה פאַר קבלה און דער תורה פון סוד. ר' יוסף האָט געגלויבט אין פרישות. פערציג יאָהר איז ער ניט געשלאָפען אין קיין בעט, אויסער פון שבת צו שבת און אויך ער איז באַגייסטערט געוואָרען פון דעם יונגען גר און מקובל.

מולכו איז אויך אַרומגעפאָהרען איבער פאַרשידענע שטעדט און געהאַלטען דרשות, מיט וועלכע ער האָט געפאַנגען די הערצער פון זיינע צוהערער. אין אַדריאַנאָפּאָל האָט ער זיך צום ערשטען מאָל געטראָפען מיט ר' יוסף קאַרו, דער ,,בית יוסף'', וועלכער האָט זיך ביז צו יענער צייט בלויז אָבגעגעבען מיט דער תורה פון נגלה, אַרבייטענדיג אויף זיין ,,בית יוסף'', פאַר וועלכען ער האָט אָװעקגעגעבען צוואַנציג יאָהר צייט, אָנפאַנגענדיג אין יאָהר רפ"ב און נאָכדעם נאָך צוועלף יאָהר אויף דער הגהה. ר' יוסף קאַרו איז אויך בעאיינפלוסט געוואָרען פון מולכו'ן אויף אַזויפיעל, אַז אויך ער האָט זיך אָנגעפאַנגען אָבגעבען מיט קבלה און שפּעטער האָט ער אויך געהאַט א ,,מגיד'', וואָס האָט איהם אַנטפּלעקט די פאַרבאָרגענישען פון דער תורה און די צירופים פון די אותיות און איהם אויך געזאָגט, וואָס עס וועט געשעהן אין דער צוקונפט.

מולכו'ס ווירקונג אויף דעם ,,בית יוסף'' איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך געוואָלט פאַרגלייכען צו איהם מיט אַלעס און באַזונדערס האָט ער געוואָלט זוכה זיין צו מקדש זיין גאָט'ס נאָמען ווי עס האָט דאָס שפּעטער געטאָן מולכו. זיין ,,מגיד'' האָט דאָס איהם טאַקע פאַרשפּראָכען:—ואזכך לאיתוקדא בארעא דישראל,, לקדשא שמי בפרהסיא... תזכה לקדשא שמי ברבים כד שלמה בחירי זכה דאתקרי מולכו וסליק לרעוא על מדבחי'' (,,מגיד מישרים'' ס"ה) — און דו וועסט זוכה זיין צו פאַרברענט ווערען אין ארץ ישראל, צו מקדש זיין מיין נאָמען אין דער עפענטליכקייט... דו וועסט זוכה זיין צו מקדש השם זיין ברבים, ווי עס האָט זוכה געווען שלמה מיין אויסדערוועהלטער, וועלכער רופט זיך מולכו און ער איז באַוויליגט געוואָרען אויף מיין מזבח.'' — קאַרו רופט אויך מולכו'ן ,,מיין פריינד'' און ער קומט נאָכדעם קיין צפת צו לעבען צווישען די מקובלים.

פון סאַלאָניקי איז מולכו אַוועק קיין צפת, דער דאַמאָלסדיגער הויפּט

צענטער פון דער קבלה, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ געוויסע צייט, דאָרט האָט ער אויך אַרויסגערופן באַגייסטערונג מיט זיין מסירות נפש פאַר דער תורה און מיט זיין טיפן וויסן אין קבלה, גיט קוקנדיג דאַרויף וואָס ער איז געבוירן און ערצויגן געוואָרן אַלס ניט איד.

די באַריהמטע מקובלים האָבן זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט און זיי האָבן געוואָלט פון איהם הערן און זיי האָבן זיך צו איהם ווענגן דעם געווענדעט, כדי צו ערפילן זייער בקשה האָט ער אָנגעשריבן זיין חבור „ספר המפואר", וואָס איז געווען אַ זאַמלונג פון דרשות וואָס ער האָט געהאַלטען אין פאַרשידענע צייטען איבער פאַרשידענע ענינים. אין דעם דאָזיגן ספר מאַכט ער אויך אַ פאַרזוך אויסצורעכענען דאָס יאָהר פון דער אידישער אויס־לייזונג.

* * * *

דער „ספר המפואר" איז אַ קבלה ספר, זיין שפּראַך איז אָבער אַ לייכטע און פאַרשטענדליך אפילו פאַר מענשען, וואָס האָבן ניט קיין ידיעה אין דער דאָזיגער לעהרע. די יסודות פון דעם ספר זיינען: דער שטענדיגער וכוח צווישען גאָט און דער כנסת ישראל; דער שטענדיגער קאַמף צווישען מיכאל'ן און סמאל'ן, צווישען דעם שר של אדום און דעם אידישען פאָלק און די משיחישע אויסרעכנונג.

מולכו דערמאָנט אין דעם דאָזיגן ספר וועגען אַ משיח בן אפרים (בן יוסף) וועלכער וועט אויפשטעהן און שטאַרבען און נאָכדעם וועט משיח בן דוד איהם לעבעדיג מאַכען און וועט זיין נשמה ברייינגען צו מעהר פאָל־קאָמענהייט, ווי זי איז געווען איידער ער איז געשטאָרבען און דערמיט וועט זיך אַרויסצייגען די גרויסקייט פון משיח בן דוד, וואָס ניט בלויז קען ער מיט אַ בלאָז פון זיינע ליפּן טויטען די שלעכטע, נאָר ער קען אויך לעבעדיג מאַכען די צדיקים.

די מענשען פון משיח'ס דור וועלען זיין צדיקים, צוליב די צרות וואָס זיי וועלען האָבען אויסצושטעהן און וואָס עס וועט זיי לייטערן און דער־הויבען צו אַ העכערער מדרגה.

לויט מולכו'ס מיינונג איז איוב מיט זיינע יסורים אַ משל פאַר דער דעם אידישען פאָלק, און דאָס וואָס עס ווערט דערמאָנט אין תלמוד, אז איוב איז בלויז געווען אַ משל, מיינט, אז ער איז טאַקע געווען, נאָר אז ער איז אַ ביישפּיעל פאַר דעם לעבען פון אידישען פאָלק. ער געפינט אויך אויס דורך אַ גמטריא אז איוב באַטרעפט ניינצעהן און ישראל אין מספר קטן, איז אויך

ניינצעהן. זיינע דריי חברים זיינען אדום, ישמעאל און עמון. אליפז התימני איז אדום וואָס איז א זוהן פון עשו; בלדד השוחי איז ישמעאל און צופר הנעמתי איז עמון. אליהו איז אליהו הנביא. די דאָזיגע דריי פעל־קער וואָס ווערען פאָרגעשטעלט אלס איוב׳ס חברים, וועלען אין דער צייט ווען עס וועט קומען די אידישע אויסלייזונג זיך געפינען אין א שטאָדט מיט דעם נאָמען תימן און דאָרט וועלען זיי אונטערדריקט ווערען פון משיח בן אפרים (ספר המפואר, י״ז א׳).

אזוי ווי אליהו קומט פלוצלונג צו איוב׳ן, אזוי וועט אליהו הנביא זיך פלוצלונג באווייזען אין די טויערען פון רוים — און דאָ ווערט געמאכט אן אויסרעכענונג לויט צירופים פון אותיות, לויט וועלכער עס קומט אויס אז משיח וועט קומען אין דעם יאָהר ה׳ש (1540) און מולכו באמערקט, אז „דאָס איז אויך דער חשבון פון דניאל, איך האָב אָבער ניט קיין ערלויבניש צו אויפדעקען דאָס וואָס איז פארבעהאלטען, אונזער הילף איז אָבער נאָהענט און וועט זיך באווייזען פאַר אלעמען נאָך אין אונזערע צייטען און דער וואָס פארשטעהט וועט וויסען דעם חשבון״ (ספר המפואר כא׳ א׳).

אין דעם גאנצען ספר פיהלט זיך די שטאַרקע ליבע צו דעם אידישען פאָלק, דער אייפער פון אמת לכבוד דער תורה און דעם פאָלק, וואָס איז ווייט פון פאנאטישען רעליגיעזען קאמף. אין דעם דאָזיגען ספר און אויך אין זיינע בריעף, צייגט זיך אויך ארוים מולכו׳ס באקאנטשאפט מיט דער פאָליטיק און מיט דער געשיכטע פון די פארשידענע פעלקער, מיט וועמעס רעגירונגען ער איז שפעטער געקומען אין פארבינדונג, מיט דער האָפנונג צו ברייננגען די אויסלייזונג פון דעם אידישען פאָלק.

*　　*　　*　　*

ווען דוד הראובני האָט פארלאָזט פּאָרטוגאל, האָט שוין דער קעניג יאָהאַן דער דריטער מעהר ניט געהאט קיין אורזאכע אָבצוהאלטען די איינ־פיהרונג פון דער אינקוויזיציע און ער האָט דאן אָנגעפאנגען מאכען אלע פאָר־בערייטונגען פאר דעם דאָזיגען בלוטיגען געריכט. נאָך איידער דאָס איז געזעצליך איינגעפיהרט געוואָרען זיינען אין איין שטאָדט געכאפט געוואָרען פינף אנוסים און דער שטאָדטישער בישאָף האָט ניט וואַרטענדיג פאר דעם באפעהל פון דער העכערער מאכט אליין דורכגעפיהרט דעם משפט און די פינף אנוסים זיינען פארברענט געוואָרען אויף דעם שייטערהויפען. דער המון אין גאס האָט צוגעזעהן די פלאַמען אין וועלכע די פינף אנוסים זיינען

אומגעקומען און זיי האָבן געטאנצט פון גרויס שמחה. די דאָזיגע פאסירונג האָט געווירקט אויף דעם קעניג און זיינע יועצים און זיי האָבן באשלאָסען זיך צו ווענדען צו דעם פּאַפּסט אין רוים, אז ער זאָל געבען זיין הסכמה אויף איינפיהרען די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאל, אויף דעם זעלבען אופן ווי אין שפּאניע.

יאָהאן דער דריטער און זיין פאָטער האָבען אָבער געגעבען א נדר, אז זיי וועלען ניט רודף'ן די אנוסים און מען האָט באדארפט יעצט פּועל'ן ביים פּאַפּסט דעם דאָזיגען נדר צו מבטל זיין און דער פּאַפּסט קלעמענט דער זיבע־טער, וועלכער איז געווען פריינדליך צו אידען, האָט דאָס ניט געוואָלט טהאָן. ווען עס האָבען זיך אָבער געשטארקט אויף איהם די בקשות פון קעניג און ער האָט שוין געהאלטען ביי נאָכגעבען, האָט זיך באוויזען א געהיימער כח, וואָס איז פון די אנוסים באטראכט געוואָרען אלס א נס און איהם אָבגעהאלטען פון טאָן דאָס און אזוי ארום האָט נאָך גענומען עטליכע יאָהר, ביז עס איז אין פּאָרטוגאל אָפיציעל איינגעפיהרט געוואָרען די בלוטיגע אינקוויזיציע. די דאָזיגע געהיימע קראפט האָט זיך באוויזען אין דעם פּערזאָן פון דעם יונגען גר — שלמה מולכו.

נאָכדעם ווי מולכו האָט פארבראכט א פּאָר יאָהר אין סאלאָניקי און האָט באזוכט ארץ ישראל, וואו ער האָט אין זיך ארייגענומען דעם הייליגען גייסט פון צפת און וואו ער איז נאָך מעהר אוועקגעטראָגען געוואָרען פון דעם טיפען גלויבען אין דער אידישער אויסלייזונג, האָט ער באשלאָסען צוריקצוקומען קיין אייראָפּא און זיך אוועקשטעלען פאר מלכים, ווען ער האָט געזוכט „אויפצוקלעהרען די תורה פון אונזער גאָט.‟*) ער האָט אויך געוואָלט איבער־צייגען דעם פּאַפּסט און זיינע קארדינאלען, אז דער אידישער שטערן שיינט ווידער אויף און צוליב דעם דארף ער זיך ווענדען צו די וואָס גלויבען אין איהם, אז זיי זאָלען אויפהערען רודף'ן די אידען און זיי צווינגען צו פאר־לאָזען זייער גלויבען.

האָט זיך מולכו געלאזט „אין דער שטאָדט וועלכע וועט אין דער צו־קונפט זיין וויסט און איהר ערד, ברענענדע סמאָלע‟ און ער איז אָנגעקומען

---

*) די דאָזיגע ציטאַטע און אלע אנדערע איינגעשלאָסענע ציטאַטען אין דעם קאַפּיטעל, ווי אויך מולכו'ס תפלה און זיין חלום, זיינען גענומען פון מולכו'ס בריעף אין „דברי הימים למלכי צרפת ומלכי בית אוטומאן‟, פון ר' יוסף הכהן, אמסטערדאמער אויסגאבע, זייטען צא'—צה.'

אין דער שטאָדט אנקאנא אין דעם יאָהר רצ״א (ענדע 1530 אָדער אָנפאַנג 1531). מולכו צייגט אן אויף דעם יאָהר מיט די ווערטער ,,כי שמעתי אמרים״ (א׳מ׳ר׳י׳ם באטרעפט 291 — רצ״א).

ווען ער איז אָנגעקומען קיין אנקאנא האָט מען איהם באלד פאר׳מסר׳ט פאר דעם בישאָף פון דער שטאָדט. די מסירה איז געקומען פון אידען און אין מולכו׳ס שפּראך ,,סבבוני עדת מרעים והלשינו עלי לפני ההגמון באמרם איך שכנתי עם אהלי קדר״ — עס האָט מיר ארומגערינגעלט אַן עדה פון שלעכטע מענשען און האָבען מיר פאר׳מסר׳ט פאר דעם בישאָף, זאָגענדיג אז איך האָב געוואוינט אין טערקיי.

מען קען זיך פארשטעלען, אז די דאָזיגע ,,שלעכטע עדה״ זיינען געווען אידען, וועלכע האָבען זיך געשראָקען אז מולכו׳ס שליחות וועט ברייינגען צרות צו די אנוסים אין איטאליען, שפּאניען און פּאָרטוגאל, צוליב דעם וואָס מיט זיין גרויס התלהבות קען ער נאָך צוציהען א גרויס אנהענגערשאפט, וואָס זאָל ארויסרופען דעם צאָרן פון די רעגירונגען און זיי האָבען דארום געזוכט צו שטערען זיין ארבייט. זייער מסירה איז געווען אז ער איז פון די נייע קריס־טען, וואָס איז צוריק געוואָרען א איד, אָדער אז ער קומט פון טערקיי און מען דארף איהם דארום פארדעכטיגען אלס א שפּיאָן.

ווען מולכו איז פאָרגעבראכט געווארען פאר דעם בישאָף אין דער באַ־גלייטונג פון פיעל אידען פון אנקאנא און אויך אידען פון טערקיי, וועלכע האָבען באגלייט מולכו׳ן אויף זיין וועג, האָט דער בישאָף פון איהם געפאדערט, אז ער זאָל איהם דערצעהלען דעם גאנצען אמת. מולכו האָט אפילו ניט גע־מאכט קיין פארזוך עטוואָס צו לייקענען פון איהם און ער האָט איהם גע־זאָגט, אז ער איז א געוועזענער אנוס פון פּאָרטוגאל און אז ער איז צוריק געוואָרען א איד, ווייל ער האָט זיך איבערצייגט ,,אז גאָט איז דער איינציגער אמת׳דיגער גאָט און זיין תורה איז אמת און קיין אנדערער איז ניטאָ.״ דער בישאָף האָט איהם באפרייט, ווייל עס איז געווען דער באפעהל פון דעם פּאפּסט מיט דער הסכמה פון זיינע קארדינאלען, אז מען זאָל לאָזען די אנוסים פון שפּאניע און פּאָרטוגאל וואוינען אין די לענדער פון זיין הערשאפט און דינען זייער גאָט אומגעשטערט. דער בישאָף האָט איהם בלויז פארזאָגט ,,ער זאָל ניט האלטען קיין רעדעס פאר קריסטען נעגען זייער גלויבען.״

מולכו האָט דאָס פארשפּראָכען, ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט באהער־שען און האָט געהאלטען רעדעס אין שוהלען אין אנקאנא און פיעל קריסטען, צווישען זיי אָנגעזעהענע פּערזענליכקייטען און גלחים, זיינען איהם געקומען

הערען. איין מאָל האָט ער אין מיטען מאַרק אָבגעהאַלטען א וכוח מיט א בישאָף און דאָס האָט געפיהרט דערצו, אז ער האָט געמוזט פאַרלאָזען די שטאָדט.

ער איז דאַן געקומען קיין ארוויגא און דער הערשער פון דער דאָזיגער קליינער קעניגרייך איז געווען פּאַראינטערעסירט אז די אנוסים זאָלען זיך באזעצען אין דער שטאָדט פּעזארא, צוליב געשעפטס ענינים און ער האָט זיי דארום פאַרשפּראָכען, אז זיי וועלען האָבען רעליגיעזע פרייהייטען. דאָרט האָט מולכו געקאָנט לעבען רוהיג, ער האָט אָבער געשטרעבט אויפצוטהאָן גרויסע זאַכען, ער האָט געוואָלט קומען קיין רוים, דאָרטען אָנזאָגען די בשורה, אַז עס קומט דער סוף פון אידישע צרות און ער האָט בלויז געוואַרט, אַז עס זאָל זיך צו איהם באווייזען זיין „רבי.“

אין א צייט ארום האָט אויף איהם גערוהט דער געטליכער גייסט און ער איז אַליין, אָהן קיין באגלייטער, אָבגעפאָהרען קיין רוים. אויף דעם פינפטען טאָג פון זיין רייזע האָט ער פון וויטען דערזעהן די שטאָדט, וועלכע ער האָט באטראכט פאר דעם פּלאַץ פון דער סטרא אחרא, און דאָס האָט אויף איהם געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק און ער האָט אויסגעבראָכען אין א ביטערען געוויין און תפלה געטהאָן:

— גאָט פון אלע הערשאפטען, ביז וואנען וועסטו ניט דער־באַרימען זיך אויף ירושלים און אויף די שטעדט פון יהודה, איבער די אַלע צרות וואָס עס האָבען אונז אָנגעטהאָן די הערשער פון דער דאָזיגער שטאָדט, צו מאַטערען אונז און אונז צושפּרייטען צווישען די פעלקער...

...עס זאָל זיך עפענען דער הייליגער שטיין, דער איינציגער שטיין וואָס דו האָסט געגעבען דיינע הייליגע כהנים, זיי אָנצו טהאָן מיט גערעכטיגקייט און הילף און צו מאכען שפּראָצען די שטאַרקייט פון דיין משיח. זיי מוחל די זינד פון דיין לאַנד און די זינד פון דיינע קינדער, וואָס דו האָסט פאַרטריבען צווישען די פעלקער...

און אזוי פאַרגיסענדיג טרעהרען אויף די אידישע צרות פון אלע דורות, וואָס זיינען אין דער מינוט פאַרבייגעלאָפען זיינע אויגען, איז ער אוועק־געפאַלען אָהן כחות. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און געדאַווענט מנחה און ווען ער איז געקומען צו דער ברכה „גואל ישראל“, האָט ער דערהערט די

שטימע פון זיין רבי און אזוי איז געווען ביי אנדערע ברכות פון דער שמונה עשרה. די פּסוקים וואס דער רבי האָט איהם געזאגט זיינען געווען טרייסט און ערמוטיגונג פאר דעם משיח אָנזאָגער.

ווען מולכו האָט פארענדיגט זיין תפלה איז ער אריינגעקומען אין שטאָדט און האָט זיך אָבגעשטעלט אין א ניט אידישער אכסניה, וואו ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס א ריטער און דערצעהלט אז „ער האָט אין דער שטאָדט א געליבטע, וועמען ער ליעבט שוין יאָהרען לאנג און קען זי ניט פארגעסען, איהרע עלטערען באהאלטען זי אָבער אויס און ער קען מיט איהר ניט רעדען, ביידען ווען ער וועט זיך פאָרשטעלען פאר אן ארימאן.“ ער האָט דאן איבערגעלאָזען אויף דער אכסניה זיין פערד און זיינע רייכע קליידער און ער האָט זיך אָנגעטאָן מיט אלטע, צוריסענע קליידער און אויסקוקענדיג פארשווארצט און קראנק האָט ער זיך געלאָזט איבער די גאסען פון שטאָדט, ביז ער איז צוגעקומען צו דעם בריק איבער דעם טייך טיבער, נאָהענט צו דעם וואטיקאן. דאָרט האָט ער זיך אוועקגעזעצט צווישען די אָרימע און קראנקע און ער איז דאָרט אָבגעזעסען דרייסיג טעג, קיין גוטע שטיקעל ברויט האָט ער ניט געגעסען און קיין פלייש און ווייז איז ניט געקומען אין זיין מויל.

אין אזא צושטאנד, ווי דער מלך המשיח האָט באדארפט אויסקוקען איידער ער וועט זיך באווייזען צו אויסלייזען, האָט מולכו זיך געוואלט לייטערען און הייליגען אום ער זאָל זוכה זיין, אז דורך איהם זאָל קומען די הילף פאר זיינע ליידענדע ברידער, וועמעס וועהטאָגען ער האָט געוועהטאגט און וועמעס צרות ער האָט געטראגען.

צום סוף פון דרייסיג טעג, אין האַלבער נאכט איז ער אריינגעפאלען אין א טיפען שלאָף און עס האָט זיך צו איהם באוויזען דער אלטער, וועמען ער האָט שוין איינמאָל געזעהן, נאָכדעם ווי ער איז געוואָרען א איד און דער אלטער האָט צו איהם געזאגט, אַז דעם מאָל איז ער איהם געקומען אויפקלעהרען, וואָס עס וועט געשעהן מיט די פעלקער אין דער צוקונפט און ער האָט איהם ווידער גענומען אין איינער פון די ירושלים׳ער חורבות. פון דאָרט האָט ער איהם אוועקגעטראָגען צו א פּלאַץ פון צוויי הויכע בערג אין דעם אויסדערוועהלטען לאנד, צווישען דעם בארג ציון און ירושלים און צווישען צפת און דמשק און ער האָט איהם אוועקגעשטעלט אויף דעם שפּיץ פון דעם בארג אין דער רעכטער זייט. פון דאָרט האָט ער געקוקט אויף דעם בארג אין דער לינקער זייט און ער האָט געזעהן א מאן אָנגעטאן אין ווייסען, אין וועמעס האנד עס איז געווען א וואָגשאָל און לעבען איהם א גרויסער מאן אָנגעטאָן אין נאָך ווייסערע קליידער. ביידע בערג זיינען זיך צוזאמענגעקומען

און דער גרויסער מאַן איז געבליבן הייגגען צווישען דעם הימעל און דער ערד און זיינע פיס האָבען אָנגעשפּאַרט אויף מולכו'ס קאָפּ. דער אַלטער האָט דאַן געזאָגט צו מולכו'ן: — עפען אויף דיין מויל און פרעג איהם, וואָס עס וועט געשעהן מיט דעם פאָלק, פון וועלכען איך האָב דיר ארויסגענומען.—מולכו האָט זיך געשראָקען צו רעדען צו דעם מאַן, יענער האָט איהם אָבער צוגעגעבען מוטה און מולכו האָט געפרעגט: — זאָל מיין האַר דערצעהלען זיין קנעכט, וואָס עס וועט געשעהן מיט דעם פאָלק צווישען וועלכען איך בין געווען אויף דעם בריק. — דער מאַן האָט דאַן געגעבען א בוך צו דעם אַלטען, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען אַלע נבואות וועגען דער צוקונפט און ווען דער אַלטער האָט דאָס דורכגעלעזען, האָט ער איהם געהייסען דערצעהלען דעם „אינגעל" (מולכו'ן) אַלעס וואָס ער האָט געלעזען.

דער אַלטער האָט איהם דאַן צוריקגענומען צו דעם פּלאַץ פון וואַנען זיי זיינען אוועקגעגאַנגען און ער האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט אויף דעם בריק און האָט געזעהן —

— א גרויסע חיה, מיט פאַרשידענע קאָלירען, וועלכע האָט אויסגעזעהן ווי א פויגעל וואָס פליהט איבער דער ערד און זי קומט ארויף פון דעם ים המלח און זי האָט געריהט אויף דער פּעס־טונג, וועלכע געפינט זיך לעבען דעם טייך.

מולכו האָט געפרעגט דעם אַלטען וואָס דאָס איז און ער האָט געענט־פערט:

— דאָס איז די מוטער פון די גרויסע פיש וועלכע וואוינען אין די טיפעניש פון די ימים און איהר נאָמען איז כ ר ו ם. וועל־כע טהוט אָן צרות די מענשען. זי קריגט איהר כח פון א יעדער באַשעפעניש און ווען זי פליהט עפענען זיך די פענסטער פון הימעל און עס פאַלען שטאַרקע רעגענס אין די אַלע פּלעצער, איבער וועלכען זי פליהט. ווען ניט דער בונד וואָס גאָט האָט געשלאָסען מיט אַלע באַשעפענישען, ווען זיי האָבען געזינדיגט, וואָלט די וועלט פאַרניכטעט געוואָרען.

מולכו האָט ווידער געזעהן א געשטאַלט פון א קלענערען פויגעל, וועמעס קאָלירען עס זיינען געווען לויטער און ער איז געווען פיל שעהנער און ער איז ארויפגעקומען פון דעם גרויסען ים און האָט געריהט העכער פון דער גרויסער חיה — און דער אַלטער האָט צו איהם געזאָגט: —

— דאָס איז א פעלד חיה, וואָס רוהט צווישען די וואונדער־בארע שטיינער, וועלכע זיינען אריינגעטהאָן אין אָבגרונד, פון וואנען עס קומען ארויס רעגענס פון ברכה און לעבען און אלדאָס גוטס... זי איז שטענדיג געגען דעם פויגעל וואָס קומט ארויף פון ים המלח, צו צוברעכען איהר כח... און ווען גאָט משפט, ווערט די דערנידעריגט און די דערהויבען. אויב ער משפט מיט דין ווערט די קליינע דערנידעריגט און אויב ער משפט מיט רחמים ווערט די גרויסע דערנידעריגט...

דער אלטער האָט איהם דאן אויפגעקלעהרט דעם חלום וואָס ער האָט געזעהן : —

זאָלסט וויסען, מיין זוהן, אז דער גרויסער פויגעל וואָס דו האָסט געזעהן צייגט אויף א ערדציטערניש און א מבול. דער מבול וועט זיין אין דעם דאָזיגען לאנד (רוים) און אין נאָך א לאנד און די ערדציטערניש אין דיין געבורטסלאנד (פאָרטוגאל)... זאָלסטו ניט פארבלייבען אויף דעם דאָזיגען פלאץ און ווען דער מבול וועט פאָראיבער זאָלסטו זיך אומקעהרען. אין יענע טעג וועט זיין די ערדציטערניש אין פאָרטוגאל. ווען דער מבול וועט זיין אין רוים, וועט ער אויך זיין אין צפון. די בליצען וואָס זיינען ארונטערגע־קומען פון דעם הימעל, וועלכע האָט אָבגעטהיילט צווישען דיר און די פויגעל צייגען, אז נאָך דעם מבול וועלען זיך באווייזען צוויי גרויסע שטערן, איינער אויף דער פעסטונג, וואו עס זיינען געוועזען די פויגעל און דער צווייטער אויף דעם גרויסען פלאץ, וואָס געפינט זיך צווישען די שפיצען פון די שטיינער... יעדער איינער וועט וועגען זיי נבואות זאָגען. דער שטערן וואָס זעהט זיך אויף דעם פלאץ צייגט, אז דאָרט וועט הערשען א שטארקער געוויין אויף דעם פאלץ און אין די שטעדט און מערב טערקיי. דער צווייטער שטערן צייגט, אז דאָס וועט ניט זיין פאר שטענדיג, נאָר אז די אידען וועלען האָבען ערפאָלג און אין פריהמאָרגען וועט קומען דאָס געזאנג...

דער אלטער האָט אויך געזאָגט מולכו'ן, אז דאָס וואָס ער האָט זיך געשראָקען צייגט, אז די „פושעים פון דיין פאָלק" וועלען איהם אומ־בריינגען, ער זאָל זיך אָבער ניט שרעקען, ווייל זיי וועלען איהם ניט ביי־קומען און ווען „ער וועט אלט ווערען דרייסיג יאָהר, וועט ער דערגרייכען די

הויכע מדרגות״... „דאן וועלען זיך ענדיגען די „נשמות פון גוף״ און קיין רשעים וועלען מעהר ניט זיין״... „און אין יענעם טאָג וועט רוהען אויף דעם מלך המשיח דער הייליגער גייסט, צו הערשען אויף דעם גרויסען פאָלק... נאָכדעם וועלען אויפשטעהן די מתים פון דער וועלט״...

ווען דער אַלטער האָט געענדיגט רעדען, האָט זיך מולכו אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף און אויסגעשפּרייט זיינע הענד צו דעם הימעל און געדאַנקט גאָט, וואָס מען האָט איהם געלאָזט וויסען אזעלכע זאכען, וואָס עס איז זיכער ניט געווען אין זיין זכות.

זייענדיג מיד פון זיינע תעניתים און סגופים און איבעררּאַשט פון זיינע זעהונגען, האָט מולכו זיך אומגעקעהרט אין דער פריה אין דער אכסניה, וואו ער האָט זיך אויסגערוהט, נאָכדעם האָט ער איבערגעטהאָן זיינע קליידער און זיך ארויסגעלאָזט אין גאַס זוכען אידען און באַלד איז ער געבראַכט געוואָרען צו דעם רב שבתי. וויסענדיג אז ער האָט שונאים האָט ער זיך פאָרשטעלט און ערקלעהרט, אז „ער איז דער קנעכט פון שלמה׳ן, וועלכער האָט איהם געשיקט וועגען זיינע ענינים און אליין איז ער געבליבען אין פּעזארא.״

עס האָט ניט גענומען לאַנג און די פאָרטרעטער פון דער אינקוויזיציע האָבען איהם דערקענט אלס אַן אָנוס, וואָס איז צוריק געווארען א איד און וועלכער רעדט אָן די נייע קריסטען, אז זיי זאָלען זיך אומקעהרען צו זייער גלויבען און ער איז אַרעסטירט געווארען. מולכו׳ן האָבען שוין אָבער גע־קאָנט דער פּאַפּסט קלעמענט דער זיבעטער און זיינע קאַרדינאַלען, פאַר וועמען ער האָט דערצעהלט זיינע נבואות וועגען דעם מבול און זיי האָבען איהם גע־גלויבט און ער איז באַפרייט געוואָרען. דער פּאַפּסט, וועלכער האָט דורכ־געמאַכט שווערע צייטען, ניט קענענדיג באַפרייען איטאַליען פון דעם עול פון דייטשלאַנד און וועלכער איז געווען אַן אָרענטליכער מענש, האָט געטראָפען אין דעם פאַר׳חלום׳טען מולכו, א מענש וועמען ער האָט ארומגעזוכט שוין א לאַנגע צייט. אויך ער האָט אָנגעפאַנגען זעהן זעהונגען און אויסרעכענען די געשעהענישען פון דער צייט. דער פּאַפּסט האָט געגעבען מולכו׳ן א פּארזוי־כערונג, אז עס וועט מיט איהם ניט געשעהן קיין שלעכטס. מולכו האָט אויך געזעהן דעם פאַרטרעטער פון דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל אין דעם וואַטיקאַן, נעטא בראַס און ער האָט דורך איהם איבערגעגעבען א בריעף צו דעם קעניג יאָהאַן דעם דריטען, אז ער זאָל זיך גרייטען צו א שלעכטען טאָג און אז אינ־גיכען וועט אין ליסאַבאָן און אין גאַנץ פּאָרטוגאַל אויסברעכען אַן ערדצי־טערניש.

זייענדיג זיכער געגען זיינע שונאים, איז ר׳ שלמה מולכו פּלוצלונג גע־

קומען אין דער שוהל פון רוים און געהאלטען א דרשה און אזוי האָט ער אויך געהאַלטען דרשות יעדען שבת, דעם גאַנצען זומער. זיינע רעדעס האָבען אי־בערגעלאָזען א טיפען איינדרוק אויף יעדען איינעם וואָס האָט זיי געהערט, ניט נאָר אויף אידען, נאָר אויך אויף ניט אידען, וועלכע זיינען פון זיי באַ־גייסטערט געוואָרען. ער האָט אזוי ארום זיך געשאַפען פיעל אנהענגער, ווייל די ליבע צו אידען האָט ארויסגעדרונגען פון יעדען וואָרט. ער האָט אליין אָנגעפאַנגען גלויבען, אז ער האָט אין זיך א פונק פון נבואה און אז זיינע ווערטער וועלען מקוים ווערען.

פון רוים איז מולכו אָבגעפאהרען קיין ווענעציא איבערוואַרטען דעם מבול, ווי זיין „רבי" האָט איהם געהייסען אין חלום און אויך צוגרייטען צום דרוק זיינע דרשות און בריעף. דאָרט האָט ער זיך צום צווייטען מאָל געטראָפען מיט דוד הראובני, וועמען ער האָט ניט געזעהן, זינט ער האָט פארלאָזען פּאָרטוגאַל. די צוויי מענשען, וועלכע האָבען געהאַט איין מיסיע, האָבען זיך אָנגעקוקט מיט באַוואונדערונג, וועלענדיג אויפדעקען איינער אין דעם צווייטען פארבעהאַלטענע סודות. הראובני האָט נאָכדעם ווי ער האָט פאר־לאָזען פּאָרטוגאַל אין ענטוישטער, ארומגעוואַנדערט איבער פארשידענע לענדער און נאָך אליין געזוכט צו ברייננגען צו א מלחמה אין טערקיי. ער האָט דאָן געזוכט צו בעאיינפלוסען די ווענעציער רעפּובליק צו אזא מלחמה און מען האָט זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט. אין ווענעציא האָט ער זיך געפונען אין א רייכען פּאַלאַץ און די סענאַטאָרען האָבען אָנגעפרעגט זיין מיינונג וועגען די מלחמות אין די מזרח לענדער.

מולכו איז שוין צו יענער צייט ניט געווען אזוי באַגייסטערט פון הראובני'ן און ער שרייבט וועגען דעם: — ווען איך האָב איהם געזעהן, האָב איך געגלויבט, אז ער וועט מיר לערנען פארשטאַנד, עס איז אָבער געווען פארקעהרט און ער האָט מיר געפרעגט און איך גלויב דאָס ניט, ווייל ער איז א גרויסער חכם און דאָס וואָס ער זאָגט, אז ער קען ניט קיין תורה און פארמאָגט ניט קיין חכמה, איז בלויז אום אָבצונאַרען מענשען. — ער האָט פארשטאַנען, אז אויב הראובני קומט פון די עשרת השבטים, וואָלט ער ניט באַדאַרפט האָבען קיין ידיעה אין תלמוד און מדרשים און אודאי ניט אין קבלה און ווען ער האָט אזעלכע ידיעות יא פארמאגט, האָט דאָס ביי מולכו'ן ארויסגערופען א צווייפעל, פון וועלכען ער האָט זיך ניט געקאָנט באַפרייען.

דאמאָלס וויל שוין מולכו מעהר ניט פיגורירען אַלס הראובני'ס א פאר־טרעטער, ווי ער האָט זיך פריהער פאָרגעשטעלט און אין דעם בריעף (אין

„חית קנה“) שרייבט ער: — און איך האָב פאַרשפּרייט א קלאַנג אין זייערע מחנות, אז מהר״ר דוד האָט מיר געשיקט אין א געהיימער שליחות קיין טערקיי. יעצט וועל איך דערצעהלען דעם אמת פאר דעם באשעפער פון הימעל און ערד, אז ניט דורך דעם וואָרט פון א בשר ודם (דוד הראובני) האָב איך זיך מל געווען און בין געפאָהרען, נאָר לויט דעם וואָרט פון אונזער גאָט. — דאָס קען אויפגעקלערט ווערען אויף פארשידענע אופנים, אז מולכו האָט זיך שוין מעהר ניט געוואָלט יחוס׳ן מיט הראובני׳ן, נאָכדעם ווי ער אַליין איז שוין געווען פּאָפּולער און האָט צו זיך געשאַפען צוטרוי אין רוים און צווישען אידען אין פארשידענע לענדער און אז מולכו האָט שוין דאמאָלס מעהר ניט געהאט קיין צוטרוי צו הראובני׳ן און ניט געגלויבט אין זיין שליחות. ער רייסט אָבער ניט איבער די באציהונגען און ער איז „שטענדיג פאר איהם ווי א תלמיד פאר זיין רבי׳ן.“

מולכו׳ן איז אָבער ניט געווען באשערט צו לעבען רוהיג אין ווענעציא. עכ האָבען זיך געפונען אידען וואָס האָבען זיך געשראָקען, אז די דאָזיגע משיחישע באוועגונג זאָל ברייננגען שלעכטס אנשטאָט גוטס. זיי האָבען מורא געהאט, אז דאָס זאָל נאָך פארערגערען די לאַגע פון די אנוסים, וועלכע זיינען בעאיינפלוסט געוואָרען פון די דאָזיגע משיחים און געהאָפט אויף דער גאולה. די דאָזיגע אויסגערעכענטע אידען האָבען געקוקט זעהר שלעכט אויף די מעשים פון הראובני׳ן און מולכו׳ן.

א שטאַרקען קאַמף געגען מולכו׳ן האָט אויך אָנגעפאַנגען דר. יעקב מאַנטין, פון די פארטריבענע פון שפּאַניען, וועלכער האָט זיך געשאַפען א גרויסען נאָמען אין דער מעדיצינישער וועלט און האָט אויך באהערשט פיעל שפראַכען, רוימיש, איטאַליעניש און אַראַביש און האָט איבערזעצט פיעל מעדיצינישע און פילאָסאָפישע ווערק פון העברעאיש און אַראַביש אויף רוימיש. לויט ווי מולכו שרייבט אין זיין בריעף (אין דברי הימים פון ר׳ יוסף הכהן) האָט מאַנטין אויף איהם געטראָגען א פערזענליכען כעס. ווען מולכו איז געווען אין ווענעציא האָט מאַנטין געהאט א סכסוך מיט א צווייטען דאָקטאָר און מולכו האָט געוואָלט מאַכען א פשרה צווישען זיי. מאַנטינען איז אָבער ניט געפעהלען געוואָרען זיין פשרה און זייט דאן האָט ער אָנגעפאַנגען רודף׳ן מולכו׳ן. די רדיפות זיינען געגאַנגען אזוי ווייט, ווי צו פאַר׳מסר׳ן מולכו׳ן, אז ער איז א כשוף מאַכער, פאַר וועלכען מען האָט דאמאָלס אין ווענעציא פאַראורטהיילט צו פארברענט ווערען. מען האָט איהם אויך איינגעגעבען גיפט, דורך אידען, פון וועלכען ער איז שטאַרק קראַנק געוואָרען און גע־האַלטען ביים שטאַרבען. ווען ער איז געזונד געוואָרען האָט ער פארלאָזט

װענעציא און זיך אומגעקעהרט קיין רוים.

*    *    *    *

אלע געשעהענישען װאס מולכו האט פאראויסגעזאגט זיינען פארווירקליכט געווארען. די „פושעים פון זיין פאלק" האבען געזוכט איהם אומצובריינגען, אין רוים איז געווען א שטארקער מבול, פיעל הייזער זיינען פארניכטעט געווארען, טויזענדער מענשען זיינען באגראבען געווארען אין זייערע הייזער און די אידישע איינוואוינער פון רוים האבען ניט געליטען פון דעם מבול און בלויז איין אלטע פרוי איז דערטרונקען געווארען; אויך איז בעלגיען „אין דעם לאנד פון צפון" איז געווען א מבול און אין ליסאבאן און אין אנדערע שטעדט אין פארטוגאל איז געווען א ערדציטערניש, אין װעלכער עס זיינען אומגעקומען פיעל מענשען. דער שטערן װעלכען מולכו האט געזעהן אין זיין חלום, האט זיך אויך באוויזען אין רוים.

נאך דער פארפלייצונג האט זיך מולכו אומגעקעהרט קיין רוים און איז דארט אויפגענומען געווארען מיט גרויס כבוד, אלס א הייליגער מענש. דאס גאנצע פאלק, קליין און גרויס, האבען יעצט געגלויבט אין זיינע נבואות. דער פאפסט קלעמענט דער זיבטער האט איהם צוגעטהיילט גרויס כבוד און איהם געלויבט פאר זיינע קארדינאלען. דער פארטוגעזישער אמבאסאדאר אין וואטיקאן נעטא בראס, האט צו איהם געזאגט: — ווען דער קעניג וואלט פאר דיין אבפאהרען פון פארטוגאל געוואוסט דיין חכמה, וואלט ער דיר געווען געלאזט זיך אויספיהרען, אין וועלכע גלויבען דו וואלסט געוואלט."

אין דער זעלבער צייט האט דער אמבאסאדאר געקראגען א באפעהל פון דעם קעניג יאהאן דעם דריטען, אז ער זאל אויסווירקען אן ערלויבניש ביי דעם פאפסט, צו גרינדען די אינקוויזיציע אין פארטוגאל. דא איז געקומען מולכו'ס ווירקונג. דער קארדינאל לארענצא פוטצי, וועמען עס איז איבערגעגעבען געווארען צו באהאנדלען די פראגע, איז פונקט ווי דער פאפסט געווען באגייסטערט פון מולכו'ן און איז געווען אונטער זיין איינפלוס. עס איז דארום פארשטענדליך, ווארום ער האט געשריבען צו דעם קעניג יאהאן דעם דריטען, אז „דער הייליגער פאטער און זיינע קארדינאלען ווייסען, אז ניט צוליב צו שטארקער ליבע צו זייער גלויבען, האבען די מלכים פון שפאניען און פארטוגאל ארויסגעטריבען די אידען פון זייערע לענדער, נאר ווייל זיי האבען געווארפען א אויג אויף דעם אידישען פארמעגען און זייער רייכקייט — זאל דארום דער קעניג פון פארטוגאל צו רוהע לאזען די אנוסים און זיי לאזען דינען זייער גאט און בלויז באשטראפען די אידען, וועלכע האבען פרייוויליג אנגענומען דעם נייעם גלויבען און

יעצט ווילען זיי צוריק ווערען אידען.

דער פּאָרטוגעזישער אמבּאַסאַדאָר האָט געזעהן, אַז אַלע זיינע באַמיהונ־גען זיינען אַרויסגעוואָרפען און ער האָט געלאָזט וויסען דעם קעניג, אַז כל זמן מולכו וועט זיין אין רוים איז ניט פאַראַן קיין האָפנונג צו קריגען אַן ערלויבניש פאַר דער אינקוויזיציע. ער האָט אויך געבעטען דאָס האַלטען בסוד, ווייל ווען די אנוסים וועלען זיך דערוויסען וועלען זיי שיקען כאַבּאַר דעם פּאַפּסט און עס וועט שוין מעהר קיינמאָל ניט זיין קיין מעגליכקייט צו גרינדען די אינקוויזיציע אין פּאָרטוגאַל.

מולכו'ס שונאים האָבען אָבער ניט גערוהט און זיי האָבען איהם געזוכט אומצוברייננגען. ר' יעקב מאַנטין איז געקומען קיין רוים און האָט צו זיך צוגעצויגען אַ גאַנצע גרופּע מענשען און אָנגעפאַנגען זיין קאַמף געגען מולכו'ן. צוערשט איז ער אַוועק צו דעם פּאָרטוגעזישען אמבּאַסאַדאָר און מיט איהם געוואָלט איינ'טענה'ן, אַז עס טאָר ניט דערלאָזען, אַז דער וואָס איז אַמאָל געווען אַן אָפיציאַל (סעקרעטער) אין קעניג'ס הויף און איז צוריק געוואָרען אַ איד, זאָל האָבען אַזאַ שטאַרקע ווירקונג אויף דעם פּאַפּסט. דער אמבּאַסאַ־דאָר האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט צו דער מסירה. ער האָט זיך דאַן גע־ווענדעט צו די רעליגיאָנס ריכטער און געבראַכט עדות פון פּאָרטוגאַל, אַז מולכו איז געווען אַ קריסט און איז געוואָרען אַ איד. ער האָט אויך פאַר־מסר'ט, אַז מולכו האַלט רעדעס געגען דער קאַטוילישער רעליגיע. די ריכטער האָבען דאָס שוין ניט געקאָנט פאַרביילאַזען אַזוי גרינג און זיי האָבען גע־שיקט רופען מולכו'ן, וועלכער האָט זיי געוויזען די ערלויבניש פון דעם פּאַפּסט, אַז ער מעג אָפּהיטען דעם אידישען גלויבען און עס איז איהם אויך ערלויבט צו האַלטען עפענטליכע רעדעס. די ריכטער האָבען זיך דאַן גע־ווענדעט מיט צאָרן צו דעם פּאַפּסט, אַז אויב ער אַליין טהוט זאַכען געגען דעם געזעץ, וואָרום האָט ער זיי געמאַכט פאַר ריכטער? — דער פּאַפּסט האָט זיי אָבער געענטפערט: — „איך וויים דאָס אויך. שווייגט, ווייל איך האָב מיט איהם אַ געהיימע זאַך. דער דין איז טאַקע ניט אַזוי, עס איז אָבער די פאָדערונג פון מאָמענט."

מאַנטין האָט גענומען זוכען אַנדערע מיטלען ווי אַזוי אומצוברייננגען מולכו'ן, ביז וואַנען ער האָט געקראָגען דעם בריעף וואָס מולכו האָט געשרי־בען צו ר' יוסף טאַיטאַצאַק, אין וועלכער ער רעדט וועגען רוים די „קרתא דמחייבתא" (די שולדיגע שטאָדט). ער האָט איבערזעצט דעם בריעף און זי איבערגעגעבען צו די רעליגיאָנס ריכטער. דעם מאָל האָט שוין דער פּאַפּסט אויך ניט געקאָנט העלפען און עס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דער

אורטהייל, אז מולכו זאָל פאַרבּרענט ווערען. מען האָט אויך פאַרבּרענט א מאַן און געלאָזט וויסען דעם פּאַפּסט, אז דער אורטהייל איבּער מולכו׳ן איז דורכגעפיהרט געוואָרען.

אין דער זעלבּער צייט איז מולכו געווען בּיי דעם פּאַפּסט אין הויז און יענער האָט וועגען דעם געלאָזט וויסען די ריכטער און זיי געהייסען פאַר־שרייבּען, אז דער פאַרבּרענטער האָט זיך פאַרזינדיגט און עס זאָל ניט הייסען, אַז ער איז פאַרבּרענט געוואָרען דורך א טעות אויף דעם פּלאַץ פון מולכו׳ן, ווייל דער עולם וועט מיינען, אז מולכו איז פאַרבּרענט געוואָרען און אז מען וועט איהם זעהן שפּעטער א לעבּעדיגען, קען דערפון אַרויסקומען א גאַנצער פּלאָנטער. מען קען זיך פאָרשטעלען, אַז דער פּאַפּסט האָט דאָ אונטער־געשטעלט אַן אַנדער מאַן צו פאַרבּרענען אום צו ראַטעווען זיין פריינד מולכו פון די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע.

מולכו האָט דאַן געפיהלט, אַז ער קען מעהר ניט פאַרבּרייבּען אין רוים און אַז ער טאָר מעהר ניט שטעלען זיך צו דעם נסיון און ער האָט פאַרלאָזט רוים (אדר רצ״א—1531) און עס איז ניט באַקאַנט, וואוהין ער איז פון דאָרט אוועקגעפאָהרען. דער פּאַפּסט האָט איהם געגעבּען א פערד און מענשען צו בּאַגלייטען איהם.

דאָס אַלעס האָט מולכו דערצעהלט אין זיין בּריעף צו די מקוּבּלים אין ארץ ישראל און אין סאַלאָניקי און ער פאַרענדיגט מיט דער האָפנונג „פאַר דער צייט וואָס גאָט האָט מיר פאַרשפּראָרכען צו טהאָן מיט מיר וואונ־דער... און אז אלעס וועט קומען אין צייט בּיז גאָט וועט בּאַווייזען זיין כח צו זיין פאָלק״...



מולכו׳ס אונטערשריפט

עס איז כדאי צו בּאַמערקען דאָ, אַז נאָך די אַלע יסורים וואָס מולכו

האָט געהאט אויסצושטעהן פון די וואָס האָבען איהם גע'רודף'ט, האָט ער זיי ניט געזידעלט שון שרייבענדיג וועגען מאַנטין'ס קומען קיין רוים איהם צו פאַר'מסר'ן, רופט ער איהם אָן „החכם המובהק.‟ ווען ער דערצעהלט וועגען זיינע צרות באַמערקט ער אויך „עס איז שווער אויסצודערצעהלען אלעס, ווייל א גאַנצער בוך וועט ניט זיין גענוג און מען דאַרף אויך פאַרשטעלען די שאַנד פון מיין פאָלק, ניט ארויסצוברייינגען זייער שאַנד אין דער עפענטליכקייט, וועגען די אלע אומווירדיגקייטען וואָס זיי האָבען מיר געטהאָן‟...

די דאָזיגע האַנדלונג וואַרפט א שטיקעל ליכט אויף דער עהרליכקייט פון דעם דאָזיגען יונגען גר און זיין שטאַרקע ליבע צו אידען.

*　　*　　*　　*

ווען מולכו האָט פאַרלאָזט רוים, איז די לאַגע פון די אנוסים געוואָרען פיעל ערגער. דערווייל איז געשטאָרבען דער קאַרדינאַל לאָרענצא פוטצי און עס איז געלונגען דעם נייעם פּאָרטוגעזישען אמבאַסאַדאָר ארויסצוקריגען אן ערלויבניש פאַר דער אינקוויזיציע. עס האָט ניט גענומען לאַנג, און אין דריי שטעדט, ליסאַבאָן, איוואָרא און קאָאימבראַ, זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען די בלוטיגע געריכטען, אויף דעם שטייגער פון דער אינקוויזיציע וואָס טאָרקוועמאַדאָ האָט געגרינדעט אין שפּאַניע.

ווען די אינקוויזיציע האָט אָנגעפאַנגען בושעווען אין פּאָרטוגאַל האָבען די אנוסים געוואָלט זיך צולויפען פון לאַנד, יאָהאַן דער דריטער האָט אָבער ארויסגעגעבען א באַפעהל, וואָס האָט פאַרבאָטען די אנוסים צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד. ווען אייניגע האָבען געמאַכט א פאַרזוך צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד, זיינען זיי געכאַפּט געוואָרען ביי די שיפען און זיינען געשלעפּט געוואָרען צו די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע. אייניגע אנוסים האָט זיך דאָך איינגעגעבען צו אַנטלויפען פון פּאָרטוגאַל און זיי זיינען געקומען קיין רוים, וואו זיי האָבען זיך באַקלאָגט פאַר דעם פאַפּסט אויף דער אכזריות פון די גלחים און די רעגירונגס באַאמטע. זיי האָבען אָנגעוויזען, אז מען האָט ביי איהם ארויסגעקראָגען די ערלויבניש פאַר דער אינקוויזיציע דורך פאַלשקייטען און אז ניט קוקענדיג דערויף, וואס די אנוסים האָבען דיזעלבע רעכט, וואָס די אלטע קריסטען, דאָך פאַרבאָט מען זיי פאַרלאָזען דאָס לאַנד. קלעמענט דער זיבעטער האָט שוין אָנגעפאַנגען חרטה האָבען דערויף, וואָס ער האָט זיך געלאָזט פאַרפיהרען פון די אידישע שונאים און מיט א צייט שפּעטער איז טאַקע געלונגען אויסצואווירקען ביי איהם צוריקציהען די ערלויבניש פאַר דער אינקוויזיציע און די לאַגע פון די אנוסים איז פאַר א שטיקעל צייט לייכטער גע־

וואָרען. מען קען זיך משער זיין, אז אויך דאָ האָט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע די השפּעה וואָס מולכו האָט געהאַט אויף דעם פּאפּסט.

אין דער צייט האָבען זיך ווידער צוזאמענגעטראָפען מולכו און הראובני. דער לעצטער האָט געמוזט פארלאָזען ווענעציא, וואו זיין השפּעה האָט זיך אויסגעלאָזט. זיי האָבען באשלאָסען צו קומען קיין רעגענסבורג, וואו עס האָבען זיך פארזאמעלט די פירשטען פון דייטשלאנד אונטער דער פיהרערשאפט פון קעניג קארל דער 5טער, וואָס האָט געהערשט איבער שפּאניע און דייטשלאנד. ווי עס זעהט אויס, האָט מולכו פארלאָזענדיג רוים געהאַלטען דרשות אין פארשידענע שטעדט און אויף דעם וועג אָנגעטראָפען הראובני'ן. קיין רעגענסבורג זיינען זיי אריינגעפאהרען מיט א אידישער פאָהן, אויף וועלכע עס זיינען געווען אָנגעשריבען די אותיות „מ'כ'ב'י'" (מי כמכה באלים י'י). וואָס זיי האָבען געוואָלט רעדען מיט דעם קעניג איז אומבאקאנט — צי האָבען זיי געוואָלט איהם דערצעהלען די שווערע לאגע פון די אנוסים און בעטען רחמנות פאר זיי? אָדער פאָרלייגען איהם, אז מיט דער הילף פון די אנוסים אין שפּאניע און פּאָרטוגאל און די שטארקע אידען פון דער מדינה כאיבאר, זאָל ער אָנפאַנגען א מלחמה מיט טערקיי? — דאָס אלעס איז א סוד וואָס זיי האָבען מיט זיך מיטגענומען אין קבר. אין רעגענסבורג האָבען זיי זיך באגעגענט מיט דעם אידישען שתדלן ר' יוסילמאן רויזענהיים, וועלכער איז דאָרט געקומען אויס'פּועל'ן טובות פאר אידען און ער דערצעהלט אין זיינע זכרונות, אז ער האָט זיך געטראָפען מיט מולכו'ן, וועלכער האָט געוואָלט צורעדען דעם קעניג, אַז ער זאָל לאָזען אלע אידען מלחמה האלטען מיט טערקיי. ר' יוסילמאן האָט ניט געוואָלט זיין פארמישט אין דער אוואנטורע און נאָכדעם ווי ער האָט געשריבען א בריעף צו מולכו'ן און איהם געווארענט, אז ער זאָל ניט אַרויסרופען דעם צאָרן פון קעניג, האָט ער פארלאָזט די שטאָדט.

ר' מנשה בן ישראל און ר' דוד גאנז אין „צמח דוד" גלויבען, אז הראובני און מולכו האָבען געוואָלט איבעררעדען דעם קעניג קארל און אויך דעם קעניג פון פראנקרייך, אז זיי זאָלען אָננעהמען דעם אידישען גלויבען. דאָס איז אָבער זעהר שווער זיך פארשטעלען און עס איז אין ערגעץ ניט דערמאָנט, אז זיי האָבען זיך געטראָפען מיט דעם פראנצויזישען קעניג.

מולכו און הראובני האָבען געקראָגען די ערלויבניש צו זעהן דעם קעניג קארל. וואס זיי האָבען מיט איהם גערעדט איז אומבאקאנט, עס איז בלויז געהייסען שליסען אין קייטען און זיי מיטגענומען קיין מאנטוא. זייער פאָהן באוואוסט, אַז אין דעם געשפּרעך איז דער קעניג אין כעס געוואָרען און זיי איז פארבליבען אין רעגענסבורג. אין מאנטוא האָט דער קעניג צוזאמענגע־

רופען די ריכטער פון דער אינקוויזיציע און זיי האָבען פּאַראורטהיילט מולכו'ן צו פאַרברענט ווערען. דאָס איז ניט געווען געזעצליך, ווייל מולכו, דיוּנו פירעס, איז געווען אַ פּאָרטוגעזישער בירגער און ער האָט באַדאַרפט געוועזן איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פון יאָהאַן דעם דריטען. מען דאַרף אָבער נעמען אין אָמבאַטראַכט, אַז קאַרל דער 5טער האָט געוואָלט אָנטהאָן יסורים דעם פּאַפּסט, קלעמענט דער זיבטער, וועלכער איז געווען מולכו'ס פריינד און ער האָט הערפאַר זיך ניט גערעכענט צופיעל מיט דעם געזעץ.

אַזוי איז פאַרווירקליכט געוואָרען מולכו'ס שטאַרקע שטרעבונג אומצו־קומען אויף קדוש השם. וועגען זיין טויט ווערט איבערגעגעבען פאָלגענדעס:

— איין טאָג האָט מען ארויפגעטהאָן אַ צוים אויף זיין מויל (אום ער זאָל ניט קענען מיט זיינע ווערטער באגייסטערען דעם עולם) און מען האָט איהם ארויסגעפיהרט אין דרויסען און דאָס פייער האָט געברענט. האָט איינער פון דעם קעניג'ס שרים גע־זאָגט: — נעמט ארונטער די צוים, ווייל איך האָב איהם עטוואָס צו זאָגען אין נאָמען פון קעניג. — האָט מען אזוי געטהאָן, האָט ער צו איהם געזאָגט: — דער קעניג האָט מיר געשיקט צו דיר, שר שלמה, מיט די ווערטער: אויב דו ווערסט זיך אומקעהרען פון דיין יעצטיגען וועג, וועסטו בלייבען לעבען און אויב ניט, וועסטו האָבען אַ שלעכטען סוף. — האָט ער זיך ניט אויפגעשטעלט און קיין ציטער ניט געטאָן און געענטפערט ווי אַ קדוש, ווי אַ געטליכער מלאך: — איך באַדויער די טעג וואָס איך האָב געלעבט אין יענעם גלויבען, און מיין הארץ וועהטאָגט דערויף און יעצט טהוט מיט מיר ווי איהר ווילט און מיין נשמה וועט זיך אומקעהרען צו איהר פאָטער'ס הויז, ווייל עס איז מיר יעצט בעסער ווי דאמאָלס.—האָט זיך זייער צאָרן געשטאַרקט און מען האָט איהם ארויפגעוואָרפען אויף דעם פייער און מען האָט איהם מקריב געווען פאַר אַן עולה צו גאָט...

(עמק הבכא, זייט 116).

מולכו איז פאַרברענט געוואָרען אין כסליו אָדער טבת, רצ"ג (ענדע 1532). הראובני איז אָבגעפיהרט געוואָרען קיין שפּאַניע, צוליב דעם וואָס אַלס אַ זוהן פון אַ פרעמדער לאַנד האָט די אינקוויזיציע איהם ניט געקאָנט אומבריינגען. ער איז אַ צייט געהאַלטען געוואָרען אין תפיסה און שטאַרק געמאַטערט גע־וואָרען, ביז ער איז געשטאָרבען פון יסורים. עס ווערט באַהויפּטעט, אַז

צוליב די גרויסע יסורים וואָס מען האָט איהם אָנגעטאָן, האָט ער ארויסגעגעבען אייניגע פון די אנוסים, וועלכע זיינען געווען מיט איהם פארבונדען און זיי זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען פון דער אינקוויזיציע.

*　　*　　*　　*

מיט מולכו'ס אומקומען אויף קדוש השם האָט דאָס פאלק איהם נאָך ניט פארגעסען און ניט אויפגעגעבען די האָפנונג, אז ער וועט נאָך אויפשטעהן צו זיין אויסלייזונג. פיעל האָבען געגלויבט, אז אויך דעם מאָל איז אן אנדער־רער פארברענט געווארען אויף זיין פלאַץ, ווי עס האָט שוין איינמאָל פאסירט אין רוים. אנדערע האָבען געגלויבט, אז ער איז צוריק לעבעדיג געווארען און עס האָבען זיך געפונען אזעלכע, וואָס האָבען דערצעהלט, אז זיי האָבען מיט אכט טעג שפעטער איהם געזעהן אין זיין וואוינונג אין רוים. אין איטאליע האָט זיך באַוויזען א מקובל, רבי יוסף ארלו, וועלכער האָט נבואות געזאגט, אז מולכו וועט נאָך אויפשטעהן און נקמה נעהמען פון זיינע שופטים. מיט זיין אומקומען אויף קדוש השם איז ער נאָך מעהר פארהייליגט געווארען און זיין ווירקונג איז פארשטארקט געווארען און איבערגעלאזט א האָפנונג פאר א נאָהענטער גאולה.

אין פראג, אין דער אלטער שוהל „פנחס" געפינען זיך אייניגע זאכען וואָס זיינען פארבליבען פון מולכו'ן: א זיידענער קיטעל, א קליינע זיידענע פאָהן, אויף וועלכער עס זיינען אָנגעשריבען פסוקים פון תהלים און מולכו'ס זיידענער ארבע כנפות. (דר. ש. בערענשטיין, אין „ספר השנה", תרצ'א, זייט 163).

*　　*　　*　　*

וואָס איז מולכו געווען און וואָס זיינען געווען זיינע שטרעבונגען? וואָס האָט איהם געבראכט דערצו, אז ער זאָל וועלען ווערען אן אויסלייזער און מיט וועלכען כח האָט ער צו זיך צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון אידען און ניט אידען?

קיינער וועט ניט דיינקען, אז מולכו איז געווען א שווינדלער, אָדער אז ער האָט געזוכט אימיצען צו פארפיהרען, נאָכדעם ווי ער איז אומגעקומען אויף קדוש השם, צו וועלכען ער האָט געשטרעבט די גאנצע צייט, אום עס זאָל זיין א פארגעבונג אויף זיינע זינד, וואָס ער האָט צוויי און צוואנציג יאָהר פארבראכט אין א פרעמדען גלויבען. אין זיין גאנצער טעטיגקייט האָט מולכו אויך ניט געזוכט צו ציהען פערזענליכע נוצען און האָט בלויז געהאט אויסצושטעהן יסורים און רדיפות.

מולכו האָט אויך ניט געזוכט צו שאפען קיין אָרגאניזירטע באוועגונג,

ווי עס האָט געטאָן אלרואי און אנדערע פאר איהם, אָדער שפּעטער שבתי צבי. ער האָט מעהר געשאפען א לעגענדע ווי א באוועגונג. די לעגענדע האָט זיך נאָך געוועבט אין זיין לעבען און געוועקט די פאנטאזיע און דעם גלויבען און האָט זיך פארשטארקט מיט זיין קדושים טויט.

עס איז זיכער, אז די צרות פון די אנוסים האָבען אויף איהם געהאט א שטארקע ווירקונג. הראובני איז געווען דער ערשטער וואָס האָט ביי איהם ארויסגערופען דעם פארלאנג צו אויסלייזען און די קבלה איז געווען דער כח, וואָס האָט איהם באגלייט אויף זיין וועג.

טיפע ליבע צו אידען, דער וועהטאג איבער אידישע יסורים, דער מיס־טישער כח פון קבלה און א רייכע פאנטאזיע, האָבען זיך פאראייניגט און גע־שאפען די לעגענדע — שלמה מולכו.

*　　*　　*　　*

מיר ווילען נאָך באמערקען, אז די לעגענדע גיט אויך איבער, אז מולכו האָט זיך אויך באשעפטיגט מיט „קבלה מעשית" און ער האָט געוואלט מקרב זיין דעם „קץ" דורך דעם וואָס ער וועט אומברייננגען סמאל'ן פון דער וועלט: —

— איינמאל איז ער מיט זיינע צעהן זקנים ארויסגעגאנגען אין פעלד און ער האָט איהם (סמאל'ן) באשוואוירען און ער איז געקומען פאר איהם אין געשטאלט פון א גרויסען שלאנג. מולכו האָט איהם געזאגט, אז ער וויל איהם אומברייננגען, כדי ער זאָל מיט זיין טומאה מעהר ניט שטערען דאָס גוטע צו קומען אויף דער וועלט. דער קלוגער סמאל האָט זיך אויסגעדרעהט מיט א תירוץ, אז עס זיינען נאָך פאראן אנדערע קליפות פון טומאה און איהם געזאגט, ווי אזוי ער קען זיי אומברייננגען. דערווייל האָט ער זיך באפרייט.

עהנליכע לעגענדעס ווערען אויך דערצעהלט וועגען אנדערע מקובלים. אין א סימבאָלישען זינן צייגט דאָס, אז אויך מולכו האָט געפיהלט, אז ביז וואנען די כחות פון טומאה וועלען ניט פארשווינדען, קען ניט זיין די גאולה שלמה. ווייל ביז וואנען עס זיינען פאראן זינד אויף דער וועלט, זיינען אויך פאראן זינדיגע און די אידישע גאולה מוז דאָך קומען צוזאמען מיט דער אל־מענשליכער אויסלייזונג.

יג

# די מקובלים אין צפת

**דער פארזוך צו ברייננגען משיח'ן מיט געוואלד. — ר' יוסף קארו. — ר' שלמה אלקוביץ. — ר' משה קורדובירו. — דער אר"י. — ר' חיים וויטאל. — די קבלה ווערט פארשפרייט אין אנדערע לענדער.**



די אידישע מיסטיקער האבען אלעמאל געשטרעבט צו ארץ ישראל, וואו זיי האבען געזעהן אלעס. אין „זוהר" ווערט געזאגט: „זכאה חולקיה מאן דזכי בחייו למשרי מדורא בארעא קדישא, דכל מאן דזכי לה, זכי לאגנדא מטלא דשמיא דלעילא דנחית על ארעא; וכל מאן דזכי לאתקשרא בחייא בהאי ארעא קדישא, זכי לאתקשרא לבתר בארעא קדישא עילאה." (ויקרא ע"ב). — וואויל איז צו דעם וואס איז זוכה צו וואוינען אין דעם הייליגען לאנד, ווייל ווער עס איז זוכה דערצו איז זוכה צו געניסען פון דעם הימעלשען טוי פון אויבען וואס רוהט אויף דער ערד; און ווער עס איז זוכה זיך צו באהעפטען ביי דעם לעבען מיט דער הייליגער ערד, איז זוכה שפעטער צו באהעפטען זיך מיט דער הימלישער ארץ ישראל.

ווער עס שטארבט אין ארץ ישראל ווערען זיינע זינד פארגעבען און ער איז זוכה צו רוהען אונטער די פליגעל פון דער שכינה. (דארט).

ווען אימיצער איז זוכה אריינצוקומען אין ארץ ישראל, קומט צו איהם א נשמה פון א נייער שאפונג און טהוט זיך אריין אין דער אלטער נשמה און אין העך ערשטער נאכט, וואס ער שלאפט אין ארץ ישראל געהן ארויס ביידע נשמות, די אלטע און די נייע און געהן ארויף אויף דעם הימעל און

צוריק קעהרט זיך אום בלויז די נייע און אזוי ארום קומט איהם מעהר ניט קיין שטראָף, ווייל די נייע נשמה האָט דאָך ניט געזינדיגט. (חסד לאברהם, בהר).

נאָר אין ארץ ישראל זיינען אידען איין פאָלק — ווערט געזאָגט אין „זוהר" — און בלויז דאָרט קען מען זוכה זיין צו „התגלות אלקית" (געטליכער ענטפלעקונג).

אָט די דאָזיגע בענקעניש צו דער „געטליכער ענטפלעקונג" האָט געבראכט פּיעל מקובלים קיין ארץ ישראל און אין דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט זעהן מיר דעם גרויסען קבלה צענטער אין דער שטאָדט צפת, פון וואנען עס איז נאָהענט קיין מירון, וואו עס געפינט זיך דער קבר פון ר' שמעון בן יוחאי. די בעלי הקבלה האָבען אויסגעפונען, אז צפת איז צוגעגרייט צו פארשטעהן אין איהר די סודות פון דער תורה און ווער עס שטארבט דאָרט, געהט זיין נשמה באלד איבער אין דער מערת המכפלה, כדי זי זאָל פון דאָרט איבערגעהן אין גן עדן התחתון.

אין אָנפאנג פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט האָט זיך פארגרעסערט דער אידישער ישוב אין צפת, צוליב דעם וואָס עס זיינען אהינצו געקומען פיעל פון די פארטריבענע פון שפּאניע. שוין אין העם יאָהר רפ"ב (1522) געפינען זיך אין צפת דריי שוהלען, פון וועלכע איינע הייסט די „שוהל פון אליהו", ווייל מען האָט געגלויבט, אז אליהו הנביא האָט דאָרט מתפלל געווען.

וועגען דעם גייסט וואָס עס האָט דאן געהערשט אין צפת, קען מען לערנען עטוואס פון דער פאָלגענדער פאסירונג:

א מקובל מיט דעם נאָמען ר' יוסף דילה רינה, וועלכער האָט זיך פארנומען מיט „קבלה מעשית" האָט באַשלאָסען ארונטערצוברייינגען משיח'ן מיט געוואלד. ער האָט צוזאמענגענומען זיינע פינף תלמידים און זיי האָבען געפאסט און תפלה געטאָן, זיך געפּייניגט און זיך פארנומען מיט צירופים און מיט די שמות הקדושים. נאָכהעם זיינען זיי אוועק צו דעם קבר פון ר' שמעון בן יוחאי און דאָרט תפלה געטאָן. א צייט שפּעטער זיינען זיי געקומען קיין טבריה און האָבען זיך אָבגעזונדערט אין די פעלדער, וואו זיי האָבען ווידער זיך פארנומען מיט צירופים און ווען עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען צו ברייינגען משיח'ן, איז ר' יוסף ארויס „לתרבות רעה."

די געשיכטע מיט ר' יוסף דילה רינה ווערט דערמאָנט פון דעם רמ"ק (ר' משה קורדובירו) אין זיין ספר „הפרדס", וועלכער ווארענט געגען באַשעפטיגען זיך מיט די „שמות הקדושים", טאָמער ווערט אין דעם געשטרויכעלט ווערען דער וואָס איז ניט ראוי דערפאר, ווי עס איז געשעהן מיט יוסף דילה

רינה. ר׳ חיים וויטאל זאגט, אז ר׳ יוסף דילה רינה איז אין דער צייט פון זיין רבי׳ן (דער „אר״י״) מגולגל געוואָרען אין א שווארצען הונט.

אין צפת האָט זיך אויך געפונען ר׳ יוסף קארו, דער „בית יוסף״, וועלכער האָט זיך געטראָפען אין טערקיי מיט שלמה מולכו און איז פון איהם בעאיינפלוסט געווארען צו דער קבלה. ער האָט אויף זיך גענומען פיעל סגופים און ענוים ביז וואנען ער איז שטארק אָבגעשוואכט געוואָרען און האָט אָנגעפאנגען זעהן פארשידענע זעהונגען. ער האָט דאמאָלס דערצעהלט, אז ער האָט א „מגיד״, פונקט ווי מולכו האָט געהאט. דער „מגיד״ האָט איהם פאָראויסגעזאָגט אלעס וואס עס וועט מיט איהם געשעהן. דער מגיד״ האָט איהם אויך געזאגט אז ער וועט זוכה זיין צו וואוינען אין ארץ ישראל און ער איז טאקע שפעטער געקומען קיין צפת. ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז מולכו איז אומגעקומען על קדוש השם, איז ר׳ יוסף קארו׳ס שטרעבונג געווען, אז ער זאָל אויך זוכה זיין צו אזא טויט און זיין „מגיד״ האָט דאָס איהם אויך פארשפראָכען.

די געשיכטע מיט דעם „בית יוסף׳ס״ מגיד, האָט איבערגעלאָזט א טיפען רושם ניט בלויז אין צפת נאָר אויך אין פארשידענע לענדער און דער מקובל ר׳ שלמה אלקביץ, האָט געפונען פאר נויטיג צו מפרסם זיין וואָס ער האָט געהערט פון ר׳ יוסף קארו, אין דער נאכט פון שבועות, אין נאָמען פון דעם „מגיד״, וועלכער האָט פארשפראכען צו באהעפטען זיך מיט זיי אויף דער היילינגער ערד.

אלקביץ אליין, וועלכער האָט די יונגע יאָהרען פארבראכט אין סאלאָניקי און אין אדריאנאָפאָל, איז געקומען קיין צפת אין מיטען פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט. אויסער דעם וואָס ער איז געווען א בעל מקובל איז ער אויך געווען א משורר. ער האָט פארפאסט פיעל שירים, פון וועלכע עס איז אממערסטענס באקאנט „לכה דודי.״ דאָס איז א געזאנג אין וועלכען עס פאראייניגט זיך די היילינקייט פון שבת און די שטרעבונג צו אידישער אויסלייזונג און ניט בלויז די אויסלייזונג פון דער הימעלשער ארץ ישראל, נאָר פון דער ערדישער, פון דער ירושלים וואָס דארף צוריק אויפגעבויט ווערען און דאָס פאָלק וואָס דארף אויפוואכען.

אלקביץ איז געווען דער ערשטער פון די מקובלים, וואָס האָט ניט בלויז זיך באגנוגענט מיט תעניתים און צירופים, ער האָט גערופען דאָס פאָלק, אז עס זאָל ערוואכען צו זיין אויסלייזונג און ער האָט אפשר צוגעגרייט דעם וועג פאַר די גרויסע משיחישע באוועגונגען, וועלכע זיינען שפעטער געקומען און אין וועלכע דאָס פאָלק האָט גענומען א גרויסען אנטייל.

צו דער פארשפרייטונג פון דער קבלה אין צפת האט פיעל מיטגעהאָלפען ר' משה קורדובירו. (געבוירען אין צפת אין דעם יאָהר 1522 און איז דאָרט נפטר געוואָרען אין 1570). ער איז געווען אלקביץ'ס א שוואגער און דער לעצטער האט אין איהם ערוועקט דעם חשק צו פארנעמען זיך מיט דער תורה פון ,,נסתר'' און איז געווען א תלמיד פון ,,בית יוסף'' אין ,,נגלה.''

נאָך איידער דער ,,אר'י'' איז געקומען קיין צפת איז קורדובירו שוין גע־ווען באריהמט אלס בעל מקובל. ער האט געשאפען א בית מדרש פאר קבלה, אין וועלכען עס האבען געלערענט פיעל תלמידים. ווען דער ,,אר'י'' איז געקו־מען האט זיך צווישען זיי אנטוויקעלט א גרויסע פריינדשאפט און דער רמ'ק האט פיעל אויסגעטייטשט דעם ,,ארי'ס'' שטה אין קבלה. ער האט איהם אויך געמאכט פאר זיין גייסטיגען יורש.

דער רמ'ק, ווי אלע מקובלים האט געהאָלפען צו שפרייטען דעם משיחישען גלויבען און מאכען פארשידענע אוסרעכנונגען וועגען דער צייט פון אויס־לייזונג. עס איז ניט באקאנט, אויב ער אליין האט אמאָל געמאכט א פרואוו צו דערנעהענטערען די גאולה דורך צירופים און אנדערע קבלה'שע מיטלען.

דער קבלה צענטער אין צפת איז פארשטארקט געוואָרען מיט דעם ער־שיינען פון דעם ,,אר'י'' און זיין תלמיד ר' חיים וויטאל, וועלכע האבען ביידע געגלויבט, אז עס איז אין זייערע הענד צו ברייננגען די אידישע גאולה — ווען דער דור זאָל דערצו זוכה זיין.

## דער ,,אר'י'' און ר' חיים וויטאל

דער ,,אר'י'' (ר' יצחק לוריא) איז געבוירען געוואָרען אין ירושלים אין דעם יאָהר רצ'ד (1534). ווען ער איז נאָך געווען א קליין קינד איז זיין פאָטער געשטאָרבען און זיין מוטער איז מיט איהם אוועקגעפאָהרען קיין מצרים, וואו ער האט געלערענט אין דער ישיבה פון ר' דוד בן זמרא, רבד'ז, (1589—1479), וועלכער איז געווען א גרויסער למדן און א גרויסער מקובל. ווען ער איז אלט געווען פופצעהן יאהר האט ער זיך אויסגעצייכענט פון אלע זיינע חברים און זיין אָנקעל, ביי וועמען ער האט זיך ערצויגען, האט איהם געגעבען זיין טאָכטער פאר א פרוי.

נאָך דער חתונה האט דער אר'י אָנגעפאנגען לערנען קבלה און דער ,,זוהר'', וועלכער איז דאן ערשינען צום ערשטען מאָל, האט איהם אינגאנצען פארכאפט און ער האט זיך אויך אָנגעפאנגען אויפפיהרען לויט דער קבלה. ער האט זיך מתבודד געווען אין א באזונדער הויז לעבען דעם טייך נילוס, וואו

ער האָט פארבראכט אלע זעקס טעג פון דער וואָך. ווען ער איז געקומען אויף שבת א היים האָט ער גערעדט זעהר ווייניג און בלויז לשון קדש. פון אזא מין אויפפיהרונג איז קיין וואונדער ניט, אז ער האָט אָנגעפאנגען זעהן פאר־שידענע זעהונגען און ער האָט דערצעהלט, אַז עס האָט זיך צו איהם באוויזען אליהו הנביא, וועלכער האָט איהם געזאגט, אז ער וועט שטארבען יונג און ער זאָל דארום געהן קיין ארץ ישראל, וואו ער וועט קריגען מעהר קדושה און מעהר געטליכקייט און דאָרט זאָל ער איבערגעבען די סודות פון דער תורה צו ר' חיים וויטאל.

אין עלטער פון 36 יאָהר איז דער אר"י געקומען קיין צפת. זיין נאָמען איז ניט געווען באקאנט און מען האָט איהם ניט געשענקט צופיעל אויפמערקזאמקייט. ער איז דאָך געווען א יונגערמאן און אין צפת האָבען זיך געפונען די „לייבען" פון דער קבלה וועלט. מיט דער צייט זיינען צו איהם צוגעשטאנען א גרופע יונגעלייט, וועלכע האָבען איהם געקרוינט אלס זייער פיהרער און האָבען אין זיין אויפפיהרונג געזעהן א נייע ליכט. באזונדערס איז פון איהם באגייסטערט געוואָרען ר' חיים וויטאל, וועלכער האָט אָנגעפאנ־גען באקאנט מאכען זיין נאָמען און פארשפרייטען זיין נייע תורה.

דער אר"י איז ניט געזעסען מיט זיינע תלמידים אין הויז און שטענדיג געזוכט צו געבען זיי צו פארשטעהן זיין תורה. ער איז ארויסגעקומען מיט זיינע תלמידים אין פעלד, אין וואלד, ער איז מיט זיי אויך געשוואומען אין א שיפעל איבער דעם כנרת און איז מיט זיי געגאנגען צו די קברים פון די צדיקים און געוואלט זיי לערנען זיין תורה פון דעם לעבען, פון דער ווירקליכ־קייט. זיין תורה איז געווען א שטרענגע. ער האָט מחמיר געווען אויף דער קלענסטער עברה, נאָך מעהר ווי די רבנים און דערצעהלט וועגען די פאר־שידענע גלגולים, אין וועלכע דער מענש ווערט פארוואנדעלט, אויב ער איז עובר אויף דער אדער יענער עברה. אזא מין ערציהונג האָט געמוזט האָבען א ווירקונג און די שטה פון אר"י איז געוואָרען פאָפולער זעהר שנעל און א טהייל פון זיינע תלמידים האָבען זיך אַרויסגעלאזט איבער דער וועלט זי באקאנט צו מאכען אין אלע תפוצות הגולה, גלויבענדיג אז אין דעם איז אָנגעווענדעט די גאולה שלמה.

דער אר"י האָט ניט איבערגעלאָזען קיין איין ספר, אין וועלכען ער גיט איבער זיין תורה און עס איז אונז דארום ניט באקאנט, וואָס עס זיינען געווען זיינע משיחישע אויסרעכענונגען. לויט דער לעגענדע האָט ער געגלויבט, אז משיח וועט קומען אין דעם יאָהר של"ה (1575). פאר זיין טויט — דערצעהלט די לעגענדע — איז ביי איהם געזעסען ר' יוסף הכהן און דער אר"י האָט

צו איהם געזאגט, אז ווען דער דור וואלט געווען זוכה געווען, וואלט נאך דעם יאהר געקומען די גאולה... נאכדעם האט ער דערמאהנט דעם פסוק „ותוסף עוד ותלד בן ותקרא את שמו שלה" (בראשית ל״ח, ה׳). פון דעם פסוק דרינגט מען, אז דאס איז געווען זיין אויסרעכענונג פאר דעם יאהר פון דער גאולה.

פון דער לעגענדע קען מען אויך ארויסנעמען, אז דער אר״י האט זיך געהאלטען פאר משיח בן יוסף. איינמאל ווערט דערצעהלט, איז ער געשטא־נען מיט זיינע תלמידים ביי דעם ציון פון שמעיה און אבטליון, האט ער זיך אנגערופען צו זיינע תלמידים: „מיינע קינדער, איהר זאלט וויסען, אז שמעיה און אבטליון האבען מיר אנגעזאגט, אז איך זאל אייך זאגען, אז איהר זאלט תפלה טהאן, אז משיח בן יוסף זאל ניט שטארבען." ר׳ חיים וויטאל באַ־מערקט וועגען דעם: „מיר האבען ניט פארשטאנען וואס ער מיינט און מיר האבען איהם ניט איבערגעפרעגט. עס האט ניט גענומען לאנג און אונזער רבי איז געבעטען געווארען צו דער ישיבה של מעלה, ערשט דאמאלס האבען מיר פארשטאנען וואס ער האט אונז געזאגט, אז מיר זאלען תפלה טהאן, אז משיח בן יוסף זאל ניט שטארבען און אז ער האט זיך אליין געמיינט דערמיט, אז ער איז משיח בן יוסף, וועלכער איז געקומען אויף דער וועלט בלויז צו ברייגנען די גאולה און מאכען די וועלט פול מיט דעם מלך המשיח."

נאך איין מאל, ערב שבת פארנאכט, איז ער ארויסגעגאנגען מיט זיינע תלמידים אויסער דער שטאדט צפת. אלע זיינען זיי געווען אנגעטאן אין ווייסען גרייט צו מקבל זיין די „שבת מלכתא." האט ער אנגעפאנגען זאגען „הבו לה׳ בני אלים" און א באזונדער פזמון וואס איז פארפאסט געווארען לכבוד שבת. דאן האט ער אנגעפאנגען זינגען „מזמור שיר ליום השבת" מיט א שעהנעם נגון. פלוצלונג האט ער זיך אנגערופען צו זיינע תלמידים: „מיינע חברים, ווילט איהר געהן קיין ירושלים אויף שבת און פראווען שבת אין ירושלים?" האבען עטליכע תלמידים זיך אנגערופען: „מיר ווילען." און עטליכע האבען געענטפערט: „מיר וועלען פריהער געהן א היים און וועגען דעם לאזען וויסען אונזערע פרויען." ווי באלד זיי האבען ארויסגערעדט די דאזיגע ווערטער, האט דער אר״י א שטארקען ציטער געטאן און א קלאפ גע־טאן מיט די הענד און זיך אנגערופען: „וועה איז צו אונז, וואס מיר האבען ניט געהאט קיין זכות אויסגעלייזט צו ווערען! ווען איהר וואלט אלע געווען געענטפערט צוזאמען מיט גרויס פרייד, אז איהר ווילט געהן, וואלטען אידען באלד געווען אויסגעלייזט געווארען, ווייל יעצט איז געווען די פאסיגע צייט פאר דער אידישער גאולה. און צוליב דעם וואס איהר האט ניט געוואלט, האט דער גלות צוריק געקראגען

זיין שטארקייט.״

דער אר״י האָט שוין ארייגגעבראכט די מדה פון שמחה, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט געלערנט זיינע תלמידים, אז מען דארף זיך רייניגען דורך סגופים און תעניתים און אז מען דארף זיך שרעקען פאר גלגולים און פאר דער שווערער שטראָף וואס עס ערווארטעט דעם מענש, האָט ער זיי אָבער אויך געלערנט, אז מען דארף דינען גאָט פון שמחה און מען דארף דערווייטערען זיך פון יעדער מין עצבות, וואָס שטערט צו דער עבודת אלהים. די דאָזיגע שמחה דארף מען נויטיג, אום זי זאָל ארייגברייגגען דעם מענש אין דעם העכסטען עקסטאז, אז ער זאָל פארגעסען, אז ער געפינט זיך אויף דער זינדיגער ערד.

פיעל אויפמערקזאמקייט האָט דארום דער אר״י געשענקט דעם שבת׳דיגען שלש סעודות, אין יענע מינוטען ווען הייליגקייט קעמפט מיט וואכעדיגקייט האָט ער געוואָלט שטארקען דעם כח פון קדושה און דאָס זיינען די מינוטען, אין וועלכען מען קען פיעל אויפטאָן. ער האָט אליין פארפאסט פיעל זמירות פאר שבת ווי „אזמר בשבחין״, „אסדר לסעודתא״ און „בני היכלא.״

אין דער צייט ווען דער אר״י האָט אָנגעפאנגען ארויסווייזען זיין גאנצע גרויסקייט און ער האָט אָנגעפאנגען מפורסם ווערען איבער דער גאנצער וועלט, איז ער געטראָפען געוואָרען פון דער מגפה וואָס האָט אויסגעבראכען אין דעם יאָהר של״ב אין צפת און איז געשטאָרבען אין עלטער פון אכט און דרייסיג יאָהר. זיינע תלמידים האָבען געגלויבט, אז ווען ער וואָלט געווען געלעבט נאָך פינף יאָהר, וואָלט ער זיכער געוועזן ארונטערגעבראכט משיח׳ן.

* * * *

נאָך דעם טויט פון דעם אר״י האָט ר׳ חיים וויטאל זיך פארנומען אויסטייטשען און אויפקלערען זיין רבי׳ס תורה, דערצעהלענדיג, אז דער אר״י איז געקומען אויף דער וועלט בלויז אום צו איבערגעבען איהם די פארבאָרגענישען פון דער תורה.

ר׳ חיים וויטאל (1620-1543) האָט נאָך פון זיין פריהסטער יוגענד זיך ארייגגעטאָן אין דער קבלה און געוואלט דערגרייכען מעהר ווי ווער עס איז ניט איז פאר איהם. אין דעם יאָהר 1570 האָט ער געמאכט א „שאלת חלום״ וועגען דעם, אז ער זאָל קענען דערגרייכען די סודות פון דער קבלה און ער האָט געזעהן אין חלום אליהו הנביא׳ן, וועלכער האָט איהם געזאגט, אז ער קען איהם דערווייל ניט פארשפרעכען, אז ער וועט וויסען אלע סודות פון דעם „זוהר.״

אין דעם זעלבען יאָהר, דערצעהלט ער, האָט זיך איהם גע׳חלום׳ט, אז ער דאווענט אין א שוהל אין צפת און מיט איהם זיינען געווען קורדובירו און נאָך א מאן, וואס איז נאָך גרעסער פון איהם. האָט דער רמ׳ק איהם גע־פרעגט: „וואָרום ווילסטו אזוי שטארק פארשטעהן די סודות פון „זוהר" מעהר ווי איך און מעהר פון די וואָס זיינען געווען פאר אונז?" האָט וויטאל געענטפערט, אז ער שטרעבט זיך אָן צו פארשטעהן מעהר און אז ער האָפט, אז גאָט וועט איהם העלפען. דער רמ׳ק און דער אנדערער מאן האָבען איהם דאן פארשפראכען, אז זיי וועלען פאר איהם תפלה טהאָן, אז זיין פארלאנג זאָל באוויליגט ווערען.

ווען דער אר׳י איז געקומען קיין צפת האָט זיך וויטאל באלד באהעפט אין איהם און איז געוואָרען זיין געטרייעסטער אפּאָסטאל. ער האָט פון איהם ניט אָבגעטראָטען די גאנצע צייט און איהם נאָכגעפאלגט, גלויבענדיג אז פון איהם וועט ער לערנען די סודות פון דער תורה.

נאָך דעם אר׳י׳ס טויט האָט וויטאל דערצעהלט אז בלויז איהם האָט ער איבערגעגעבען די סודות פון דער תורה און אזוי ווי דער אר׳י האָט גאָרניט איבערגעלאָזען געשריבען, האָבען פיעל געגלויבט זיינע רייד און איהם אנער־קענט פאר דעם אר׳י׳ס גייסטיגען יורש.

וויטאל האָט זיך אָבער ניט באגנוגענט דערמיט און אין א קורצער צייט ארום האָט ער אָנגעפאנגען רעדען אין דער עפענטליכקייט, אז ער איז משיח. ער דערצעהלט אויך, אז אין יענעם יאָהר איז געקומען ר׳ מסעוד הכהן פון דרעה קיין צפת און האָט איהם איבערגעגעבען אין נאָמען פון א גדול הדור ר׳ אברהם שלום, אז ער איז משיח בן יוסף. ער זאָל געהן קיין ירושלים פאר צוויי יאָהר צייט און דאָרט וועט אויף איהם רוהען א געטליכער גייסט. ער זאָל נאָכדעם צוריק קומען וואוינען אין גליל און עס וועלען זיך צו איהם צו־זאמענקומען צעהנער טויזענדער אידען און ער זאָל זיי לערנען תורה. דאן וועט ער (אברהם שלום) אויך קומען אהינצו, ער וועט זיין משיח בן דוד און ר׳ חיים וויטאל וועט זיין משיח בן יוסף — אויב דער דור וועט דערצו זוכה זיין.

ער האָט דאן אָנגעפאנגען ארומגעהן איבער שטעדט און שטעדטלאך און וועקען די אידען צו תשובה און זיי אָנזאגען, אז אויב זיי וועלען זוכה זיין, וועט אינגיכען זיך באווייזען דער אויסלייזער. ער איז אויך געקומען קיין מצרים, ער איז אָבער, ווי עס ווייזט אויס, דאָרט ניט אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס כבוד און ער איז אוועק פון דאָרט אומצופרידען.

קיין באשטימטען יאָהר פאר דער אידישער אויסלייזונג האָט וויטאל

ניט אָנגעגעבען, ער איז אָבער געווען זיכער, אז עס וועט נאָך געשעהן אין זיינע טעג. מיט יאָהרען שפּעטער, אין דעם יאָהר שס״ח (1608) טרעפען מיר איהם אין דמשק, וואו ער האָט געהאלטען דרשות פאר דעם פאָלק וועגען משיח׳ן און ער האָט זיי געוועקט צו תשובה, זאָגענדיג, אז ווען אלע אידען וואָלטען זיך צו איהם צוגעהערט, וואָלט די גאולה נאָך געקומען אין זיינע טעג. מען האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט צו איהם און הרב ר׳ יעקב אבו־לאפיא האָט איהם פארבאָטען צו האלטען אזעלכע דרשות. ער האָט דאמאָלס אָנגעפאנגען לעבען אָבגעזונדערט און פיעל מענשען וועלכע האָבען געזעהן וואונדערבארע חלומות זיינען געקומען איהם דערצעהלען. ער האָט אָבער ניט געוואָלט לערנען מיט קיינעם די תורה פון קבלה און ער האָט בלויז אָנגע־שריבען א גרויסען ספר מיט דעם נאָמען „עץ חיים און ער האָט פאר זיין טויט אָנגעזאגט, אז מען זאָל איהם ניט אָבדרוקען און מען זאָל איהם ניט איבערשרייבען און ווער עס וויל לערנען פון דעם ספר, קען דאָס טהאָן בלויז ביי איהם אין הויז.

אויף דער עלטער האָט ר׳ חיים וויטאל געוואלט זיך אומקעהרען קיין צפת, עס האָט זיך איהם אָבער ניט איינגעגעבען און ער איז געשטארבען אין דמשק אין עלטער פון זיבען און זיבציג יאָהר.

* * * *

די מיסטישע שטימונגען וואָס האָבען געהערשט אין דער הייליגער שטאָדט צפת האָבען זיך אויך געטראגען איבער דער גאנצער וועלט, וואו עס האָבען זיך געפונען אידען. אין סאלאָניקי איז שוין פון לאנג געווען א צענטער פון קבלה. אויך אין איטאליען זיינען געווען מקובלים נאָך פון דעם דרייצעהנטען יאָהרהונדערט און די תלמידים פון אר״י זיינען דאָרט אוועק פארשפרייטען זיין תורה. די דאָזיגע תלמידים זיינען אויך געקומען קיין פוילען און מיט זיך מיטגעבראכט זייער תורה און עס האָט ניט גענומען לאנג און דאָרט און אין אנדערע לענדער האָבען זיך באוויזען גרויסע מקובלים, וועל־כע האָבען פארנומען אן אָנגעזעהענעם פלאץ אין דער תורה פון „נסתר.״ אין דער שפּיץ פון דער קבלה באוועגונג אין פוילען זיינען אין דער ענדע פון זעכצעהנטען יאָהרהונדערט און אין אָנפאנג פון זיבצעהנטען יאָהרהונדערט געשטאַנען די דריי גרויסע פערזענליכקייטען: ר׳ ישעיה הלוי איש הורוויץ (דער של״ה הקדוש), ר׳ נתן נטע שפּירא (דער „מגלה עמוקות״) און ר׳ שמעון אסטראָפּאָלער.

די קבלה האָט מיט זיך געטראגען די שטרעבונג צו אויסלייזען דעם פּרט און דעם כלל — צו רייניגען די זינדיגע נשמה פון יעדען איד און צו

מקרב זיין דעם „קץ“, אז עס זאָל קומען משיח און דאָס גאנצע פאָלק זאָל אויסגעלייזט ווערען. דער וועג איז געווען צוגעגרייט פאר א גרויסער באוועגונג און עס האָט זיך בלויז געגויטיגט א פערזענליכקייט, וואָס זאָל ארום זיך קאָנצענטרירען גרויסע מאסען און די יסורים פון קדוש השם, וועלכע זאָלען מיט זיך שפרייטען קדושה און ארויסרופען די בענקענישען צו אן אויסלייזונג.

עס האָט ניט לאנג גענומען און ביידע זאכען האָבען זיך באוויזען. די אידען אין פוילען און אוקראינע האָבען דורכגעלעבט די גזרות פון ת״ח (א יאָהר וואָס איז פון דעם „זוהר“ און פון פיעל מקובלים באצייכענט געווארען אלס דאָס יאָהר פון דער גאולה) און אין סמירנא איז אויפגעשטאנען—שבתי צבי.

יד

# שבתי צבי

גזרות ת"ח. — דער יאוש אין דעם אידישען לעבען. — שבתי צבי ער־קלערט זיך פאר משיח. — זיין באזוך אין מצרים און אין ארץ ישראל. — אברהם היכיני און נתן העזתי. — די שעהנע שרה. — שבתי צבי אנטפלעקט זיך פאר דער וועלט און רופט ארוים באגייסטע־רונג. — די אויפנאמע אין סמירנא. — אין דער תפיסה. — דער מקובל נחמיה כהן און זיין אנטוישונג אין שבתי צבי'ן. — דער משיח ווערט א מחמד'נער. — דער קאמף צווישען אנהענגער און געגנער. — זיין סוף. — זיינע יורשים.

דאָס יאָהר ת'ח איז געווען באשטימט פון מקובלים, אלס דאָס יאָהר פון אידישער אויסלייזונג. אין „זוהר" ווערט געזאָגט: — דבאלף שתיתאי לזמן ארבע מאות ותמניא שנין יהיו קימין כל דיירי עפרין בקיומהון, והיינו דכתיב בשנת היובל הזא'ת תשובו איש אל אחוזתו. — אין דעם זעקסטען טויזענד, אין יאָהר פיער הונדערט און אכט וועלען אויפשטעהן אלע די וואָס רוהען אין דער ערד און דאָס מיינט מען מיט דעם פסוק אין דעם דאָזיגען (הזא'ת — באטרעפט פינף טוי־זענד פיער הונדערט און אכט) יאָהר פון יובל, וועט זיך יעדער איינער אומ־קעהרען צו זיין ירושה.

ווען די האָפנונג פון די מקובלים, אז אין דעם יאָהר של'ה (1675), וועט קומען משיח, לויט דער אָנדייטונג פון אר'י, איז ניט פארווירקליכט געווארען, האָבען אלע געווארט פאר דעם יאָהר ת'ח.

און אזוי ווי דאָס יאָהר תתנ'ו (דאָס יאָהר פון די ערשטע „נוסעי הצלב'') איז פארשטערט געוואָרען און איז פארוואַנדעלט געוואָרען פון דעם, וואָס עס האָט געזאָלט געוועזן זיין א גרויסע שמחה, אין א יאָהר פון טרויער און יאָמער — אזוי איז אויך געשעהן מיט דעם יאָהר ת'ח. ר' שבתי הכהן, דער בעל הש'ך (1622-1663), שרייבט אין זיין „מגלה עיפה'' (א באשרייבונג פון די חמעלניצקי שחיטות): — שנת ת'ח אשר חשבתי בזא'ת יבוא אהרן אל הקודש לפני ולפנים, נהפך כנורי לאבל ושמחתי ליגונים. — דאָס יאָהר ת'ח, אין וועלכען איך האָב געדריינקט אז אין דעם (זא'ת—408) יאָהר וועט אהרן אריינקומען אין היילינען פלאַץ, איז מיין פידעל פארוואַנדעלט געווארען אין טרויער און מיין פרייד אין יאָמער.

דאָס יאָהר ת'ח איז געווארען דאָס יאָהר פון שחיטות און ענוים. עס איז געוועזן דאָס יאָהר פון חמעלניצקי'ס שחיטות; ווען אידישע קהלות קהלות אין אוקראַינא און אין פוילען זיינען אומגעקומען על קדוש השם; ווען פאָטערס זיינען גע'שחט'ן געוואָרען מיט זייערע זיהן און מוטערס זיינען געפייניגט געוואָרען מיט זייערע טעכטער. אידען האָבען ווידער ארויסגעוויזען זייער גייסטיגע שטאַרקייט און זיך דערהויבען צו דער מדרגה פון קדושה.

זאָל דאָ באמערקט ווערען, אז די אידען פון פוילען און אוקראַינא זיינען אין יענער צייט געוועזן אריינגעטאָן אין גשמיות. מיט זייערע האַנדלונגען האָבען זיי ארויסגערופען דעם צאָרן פון זייערע שכנים, די פויערען. די אידען זיינען געוועזן אונטערגעוואָרפען די פריצים, וועלכע האָבען געהערשט מיט א שטאַרקער האַנד איבער די גריכיש־קאַטוילישע אוקראַינער און די אידען זיינען געוועזן זייער געצייג, וואס איז אויסגענוצט געווארען צו פארשקלאַפען די פייערען. ווען דער צאָרן פון די פויערען מאָסען האָט אויסגעבראָכען, האָט ער צו ערשט געטראָפען די אידען, וועלכע האָבען געהאט אין זייערע הענד אלע שטייערען פון דער רעגירונג. נאָך איידער זיי האָבען גענומען נקמה פון זייערע פארשקלאַפער, האָבען זיי זיך אָבגערעכענט מיט די פארמיטלער — דער אייביגער טרויעריגער גורל פון דעם פארמיטלער, וועלכער איז שטענדיג דער ערשטער קרבן. דערצו נאָך האָבען זייערע „פריינד'', די פריצים, זיי אויך פארראַטען.

ווען אידען זיינען געשטעלט געווארען פאר דעם נסיון פון קדוש השם, האָט זיך פון זיי אָבגעטאָן די גאַנצע וואָכעדיגקייט פון גשמיות און ווידער האָט זיך באוויזען יענער גייסט פון דער „עקדה'', וועלכער האָט אָנגעהאלטען דורך דורות און דורות.

דער געזאַנג פון „הללויה'' האָט ווידער פארטריבען די מורא פאר דעם

מלאך המות; דער אויסגעשטרעקטער חלף האָט געבראַכט דעם פּשוט'ן איד פון דעם פּוילישען שטעדטעל און אוקראַינער דאָרף צו דער מדרגה פון רבי עקיבא — ער האָט זוכה געווען צו מקיים זיין דעם „ואהבת" מיט דעם „בכל נפשך."

דאָס אומשולדיג פאַרגאָסענע בלוט און די הייליגע פונקען וואָס די אומ־געקומענע על קדוש השם האָבען פאַרשפּרייט אין דער לופט; די הייליגע נשמות וועלכע האָבען באַגלייט די לעבען פאַרבליבענע; די מיסטישע שטי־מונג וואָס רינגעלט ארום דעם וואָס שטעהט פנים אל פנים מיט דעם מלאך המות — צוזאַמען מיט דעם טיפען יאוש וואס ווערט אָפט פאַרוואַנדעלט אין א נאָך טיפערען גלויבען און האָפנונג — האָבען צוגעגרייט דעם עולם פאַר א משיחישער באַוועגונג — עס האָט זיך בלויז באַדאַרפט באַווייזען דער משיח.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אידען אין פּוילען און אין אוקראַינא, ווען זיי האָבען זיך געלאָזט נאָך דעם „שופר של משיח", וועמעס קול עס האָט זיך דערהערט פון דעם ווייטען מזרח און זיי האָבען צוגעגעבען דער באַוועגונג דעם עלעמענט, וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר א פאָלק'ס באַוועגונג — די ערשטע גרויסע משיחישע באַוועגונג אין דער גע־שיכטע פון אידישען גלות — דאָס איז געווען די באַוועגונג פון שבתי צבי.

*　　*　　*　　*

אין סמירנא איז אין דעם יאָהר שפ"ד, כא' אדר, געבוירען געוואָרען א זוהן ביי אן אַרימען איד, פון א פּשוט'ער משפחה, וועמען ער האָט א נאָמען געגעבען שבתי. דעם פאָטער'ס נאָמען איז געווען מרדכי צבי און דער זוהן האָט דארום געהייסען שבתי צבי. (שבתי צבי פלעגט דערצעהלען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך ערקלעהרט פאַר דעם אויסלייזער, אז ער איז געבוירען געוואָ־רען תשעה באב — זיינע אנהייגנער האָבען אָבער געפייערט זיין געבורטסטאָג כא' אדר. תשעה באב איז דער טאָג וואָס איז באַשטימט פאַר דעם געבורט פון משיח און עס איז פאַרשטענדליך, ווארום שבת צבי האָט אויסגעקליבען תשעה באב פאַר זיין געבורטסטאָג).

אין זיין יוגענד האָט זיך שבתי צבי אויסגעצייכענט אין זיינע למודים און ווען ער איז אלט געווען פופצעהן יאָהר האָט ער זיך שוין אריינגעטאָן אין קבלה און זיך פאַרטיפט אין „זוהר" און אין דער קבלה פון אר"י. דאָס האָט געהאַט אויף איהם אזא שטאַרקע ווירקונג, אז ער האָט איגגיכען זיך אבגעזאָגט פון אַלע פאַרגעניגען פון דער וועלט. ער האָט געפאַסט פיעל תעניתים און פלעגט זיך טובל'ן עטליכע מאָל אין טאָג, אפילו אום ווינטער.

צוויי מאָל האָט שבתי צבי געהייראַט, ווען ער איז נאָך געווען זעהר

יונג. ביידע מאָל האָבען אָבער די פרויען איהם אָבגעזאָגט, ווייל ער האָט זיך ניט אויפגעפיהרט מיט זיי ווי א פשוט׳ער בשר ודם... עס האָבען זיך וועגען איהם אָנגעפאנגען ארומטראָגען לעגענדעס ווי וועגען א היילינגען און ער האָט באַקומען א נאָכפאָלגערשאפט. פיעלע יונגעלייט זיינען געקומען צו איהם, ער זאָל מיט זיי לערנען די תורה פון קבלה.

שבתי צבי האָט אויך געמאכט אַן איינדרוק מיט זיין אויסזעהן. ער איז געווען א הויכער און זיין שטימע איז געווען א קלאָהרע און א זיסע און אזוי ארום איז ער שוין אין עלטער פון צוואנציג יאָהר געווען דער פיהרער פון א גרופע יונגע מענשען, וועלכע האָבען איהם אנערקענט אלס א היילינגען.

די האָפנונג פאר אידישער אויסלייזונג האָט זיך אין יענע צייטען גע־שטארקט. דאָס יאָהר ת׳ח איז אָנגעקומען און אומעדום האָט מען גערעדט מיט א מיסטישער הייליגקייט וועגען יענעם גרויסען טאָג, וואָס וועט באלד קומען. אויך אין דער קריסטליכער וועלט האָט מען געוואַרט פאר אַן אויס־לייזער, וועלכער האָט זיך געזאָלט באווייזען אין דעם יאָהר 1666. זיי האָבען אויך געגלויבט, אַז די אידען וועלען זיך אומקעהרען אין זייער לאַנד, עס וועלען זיך אויפזוכען די פאַרלאָרענע שבטים און זיי וועלען אויפבויען דעם בית המקדש און אין דעם הייליגען לאַנד וועלען זיי ערשט דערזעהן, ווער עס איז דער אמת׳ער אויסלייזער. אייניגע קריסטליכע נביאים האָבען אפילו געזאָגט, אַז אידען וועלען האָבען אַן אנדער משיח, עס וועט אָבער הערשען שלום צווישען דעם ניט אידישען אויסלייזער און דעם אידישען משיח.

שבתי צבי האָט זיך צוגעהערט צו די דאָזיגע אַלע קלאַנגען און לעבענדיג אין א וועלט פון פאַנטאַזיע און פאָרשטעלונגען, האָט זיך ביי איהם אין מח אריינגענב׳עט א געדאַנק, אפשר איז ער אליין באשטימט צו זיין דער אויסלייזער. דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם מעהר ניט געגעבען קיין רוה, ביז וואַנען ער איז ביי זיך געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר זיכער, אַז ער איז טאַקע דער אויסלייזער. אין דעם יאָהר ת׳ח איז ער געוואָרען אזוי זיכער אין דעם, אַז ער האָט דעם סוד אנטפּלעקט צו זיינע תלמידים און ער האָט אָנגע־פאַנגען ארויסצוזאָגען דעם פולען „שם״, א זאַך וואָס איז בלויז געווען ערלויבט דעם כהן גדול, אין דער צייט פון דעם בית המקדש.

ווען די רבנים פון סמירנא האָבען דערהערט וועגען שבתי צבי׳ס מאָדנער אויפפיהרונג, זיינען זיי געוואָרען דערציטערט און האָבען געשיקט צו איהם צוויי שלוחים פון בית דין, אַז זיי זאָלען איהם מתרה זיין, אַז ער זאָל זיך אומקעהרען פון זיין שלעכטען וועג. שבתי צבי האָט זיך אָבער ניט איבערגע־שראָקען און זיי געלאָזט וויסען, אַז ער מעג דאָס טאָן, ווייל ער איז משיח.

די רבנים האָבען איהם אַריינגעוואָרפען אין חרם, אום זיין השפעה זאָל זיך ניט פארשטארקען און מען האָט איהם אָנגעפאנגען רודף'ן. זיי האָבען אפילו ערקלערט, אז ער איז חייב מיתה און ווער עס וועט איהם טויטען, וועט דער־מיט טהאָן א גרויסע מצוה.

צוליב די רדיפות איז שבתי צבי סוף כל סוף געווען געצוואונגען צו פאַר־לאָזען די שטאָדט. ער האָט דאָס אָבער אנגענומען פאר א באווייז, אז ער איז טאַקע משיח, וועלכער וועט צוערשט מוזען אויסשטעהן פיעל צרות. ער איז דאן געקומען קיין קאָנסטאנטינאָפּאָל, וואו עס האָבען זיך ארום איהם פארזאַמעלט זיינע תלמידים, פאר וועמען ער האָט אנטפּלעקט זיינע אלע סודות.

אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט זיך שבתי צבי באקאנט מיט אברהם היכיני, וועלכער איז געווען א דרשן אין דער שטאָדט. ער איז געווען א בקי אין תלמוד און אגדה, ווי אויך אין דער קבלה און דערצו האָט ער געשריבען מליצות. ער האָט איבערגעגעבען שבתי צבי'ן א כתב יד מיט דעם נאָמען „חכמת שלמה הבתי", וואָס ער האָט, לויט ווי ער האָט דערצעהלט, געפונען אין א ספר וואָס איז פינף הונדערט יאָהר אלט און אין וועלכען עס איז געווען געשרי־בען, „אז אין דעם יאָהר שפ"ו (אין אייניגע מקורות ווערט דאָס יאָהר אָנגעגעבען פאר שבתי צבי'ס געבורט) וועט ביי מרדכי צבי געבוירען ווערען א זוהן און זיין נאָמען וועט זיין שבתי צבי און ער וועט באזיגען דעם גרויסען פיש (סמאל הרשע) און ער איז דער אמת'ער משיח." אין דעם דאָ־זיגען כתב יד, געשריבען אין דער קבלה שפּראך, זיינען אויך געווען אנדערע רמזים, אז שבתי צבי איז דער אידישער אויסלייזער. דאָס האָט פארשטארקט זיין גלויבען, אז ער איז טאַקע דער משיח און ער האָט מיט מעהר מוטה אָנ־געפאנגען פאָרטזעצען זיין טעטיגקייט.

פאר דער שטאָדט אין וועלכער ער זאָל זיך אנטפּלעקען אין זיין גאַנצער גרויסקייט, האָט שבתי צבי אויסגעקליבען סאַלאָניקי, וואו עס איז שוין פון לאַנג געווען א צענטער פון קבלה. ער איז דאָרט געקומען אין דער באגליי־טונג פון אברהם היכיני און איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס כבוד און עס האָבען זיך צו איהם פארזאַמעלט פיעל תלמידים. א לאַנגע צייט האָט ער דאָרט געלעבט רוהיג, ביז וואַנען ער האָט ווידער אָנגעפאנגען ארויסרעדען דעם „שם." ער האָט איינמאל צוזאַמענגערופען זיינע תלמידים און זיי געהיי־סען צוגרייטען א גרויסע פייערונג און געבראַכט א ספר תורה, ווייל לויט דער קבלה וועט משיח הייראַטען מיט דער תורה.

די רבנים פון סאַלאָניקי האָבען זיך דערפון דערוואוסט און צו איהם

געשיקט צוויי שלוחים, אז ער זאָל פארלאזען די שטאדט, ווייל לויט דעם אי־דישען דין איז ער חייב מיתה. שטילערהייד האָט ער זיך דאַן אבגעטראגען פון דער שטאָדט און האָט אָנגעפאנגען ארומוואנדערען איבער דער וועלט.

* * * *

דער „משיח" האָט גענומען דעם וואנדערשטעקען אין דער האנד. ער איז צוערשט געקומען קיין גריכענלאנד, וואו ער האָט פארבראכט א קורצע צייט און פון דאָרט איז ער געקומען קיין קאירא, מצרים. דאָרט האָט ער זיך געטראָפען מיט א רייכען מאַן ר' רפאל בן יוסף (צראף באשי), וועלכער איז געווען דער פארוואלטער פון די פינאנסען פון דעם דאמאָלסדיגען הערשער איבער מצרים. ר' רפאל האָט שטארק געגלויבט אין דער קבלה און זיך אויפ־געפיהרט לויט דעם דרך פון אר"י. אונטער זיינע שעהנע קליידער האָט ער געטראגען א זאק, האָט געפאסט תעניתים און זיך געפייניגט. זיין ווייב איז געווען ר' שמואל וויטאל, דער זוהן פון ר' חיים וויטאל, וועלכער האָט דאַן געוואוינט אין קאירא.

ווען די דאָזיגע צוויי מקובלים האָבען פאר זיך דערזעהן שבתי צבי'ן האָבען זיי איהם מקרב געווען. ער האָט זיי אנטפלעקט די סודות פון דער פארבאָרגענער תורה און זיי זיינען באגייסטערט געוואָרען פון זיין אויפפיה־רונג. האָבענדיג די שטיצע פון ר' רפאל'ן האָט שבתי צבי באשלאָסען צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. ער איז געקומען קיין עזה, וואו ער האָט זיך גע־טראָפען מיט נתן העזתי, וועלכער איז דאַן געווען זעהר יונג און באגייסטערט און פון דאַן אָן ווערט נתן זיין רעכטע האנד. ער האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו באקאנטמאכען שבתי צבי'ס נאָמען איבער דער גאנצער וועלט און איהם קרוינען פאר דעם „מלך המשיח."

אין דעם יאָהר ת"ך (1660), אין דער נאכט פון שבועות, האָט זיך א גרויסער עולם פארזאמעלט אין דעם בית מדרש פון עזה און נתן האָט איהם דאָרט געזאלבט פאר דעם אידישען מלך און אלע פארזאמעלטע האָבען אויס־גערופען: „זאָל לעבען אונזער מלך שבתי!" נאָך דער דאָזיגער פייערליכער קרוינונג, איז שבת צבי אָבגעפאהרען קיין ירושלים, וואו עס האָבען זיך שוין געפונען פיעל מקובלים, וועלכע האָבען געוואַרט פאר זיין קומען.

שבתי צבי איז געזעסען אין ירושלים און געפראוועט תעניתים און סגופים לויט דעם דרך פון אר"י. מיט זיין אויפפיהרונג האָט ער צו זיך צוגעצויגען פיעל אנהענגער. אין דער זעלבער צייט האָט נתן העזתי זיך גענומען אָנזאָגען די בשורה, אז משיח האָט זיך באוויזען און ער האָט צוגעשיקט בריעף אין פיעל שטעדט — „איהר זאָלט וויסען, אונזערע ברידער, דאָס הויז פון

יעקב, אז גאָט האָט זיך דערמאָנט אין זיין פאָלק און האָט אונז געשיקט אן אויסלייזער און א העלפער, שבתי צבי אונזער מלך, וועלכער איז געזאלבט געוואָרען דורך דעם נביא נתן העזתי, אין נאָמען פון גאָט, און יעצט אין נאָמען פון אונזער מלך און נביא, זייט גוזר תעניתים און קערט זיך אום פון אייער שלעכטען וועג און פארזאמעלט זיך צו קניהען פאר אייער קעניג.״ אומעדום וואוהין די בריעף האָבען דערגרייכט, זיינען צווישען די אידען געווען אזעלכע, וועלכע האָבען געגלויבט און אפילו די וואָס האָבען געצווייפעלט האָבען מסכים געווען, אז טהאָן תשובה קען גאָרניט שאדען.

די אידען פון ירושלים האָבען דאמאָלס געהאט אויסצושטעהן שווערע צייטען און זיי האָבען זיך געגוויטיגט אין פיעל געלד אום צו פארגרינגערען זייער לאגע. האָבען זיי אויסגעקליבען שבתי צבי׳ן, אז ער זאָל פאָהרען קיין קאירא צו ר׳ רפאל בן יוסף. שבתי צבי איז דערפון געווען צופרידען, ווייל ער האָט געהאט א געלעגענהייט צו העלפען די אידען און אזוי ארום געוואונען זייער צוטרוי. ווען ער איז געקומען קיין קאירא האָט ער אויך דעם מאָל נושא חן געווען ביי ר׳ רפאל׳ן און ער האָט נאָכגעגעבען זיין פארלאנג.

* * * *

אין דער צייט פון חמעלניצקי׳ס שחיטות, האָבען די קריסטען אין א שטעדטעל געפונען א קליין מיידעלע, זיבען יאָהר אלט, וועלכע האָט זיך גע־רופען שרה. איהר פאָטער, ר׳ מאיר, וועלכער איז געווען א רב אין א אידישער קהלה אין פוילען און איהר מוטער, זיינען אומגעבראכט געווארען פון די קאָזאקען און איהר ברודער שמואל איז אנטלאָפען קיין אמסטערדאם און זי איז געבליבען אליין. די קריסטען האָבען זי ארייננגעגעבען אין א מאָנאסטיר, וואו זי איז אָבגעשמד׳ט געווארען און איז געהאלטען געווארען פארשלאָסען. ווען די מיידעל איז עלטער געווארען האָט זי אָנגעפאנגען בייגקען צו אידיש־קייט און איינמאָל ביינאכט איז זי אנטלאָפען אויף דעם אידישען בית הקברות, וואו די אידען האָבען זי געפונען דעם צווייטען פריהמאָרגען, בלויז מיט א העמד אויף איהר לייב. זי האָט דערצעהלט ווער זי איז און אז איהר פאָטער האָט ביינאכט זי ארויסגעשלעפט פון דעם מאָנאסטיר און זי געבראכט אויף דעם בית הקברות. זי האָט אויך באוויזען צייכענס אויף איהר לייב און גע־זאָגט, אז דאָס האָט איהר געטהאָן איהר טויטער פאָטער.

די אידען האָבען רחמנות געהאט אויף דער מיידעל און צוליב דעם וואָס זיי האָבען מורא געהאט זי זאָל פארבלייבען אין פוילען, האָט מען זי אָבגע־שיקט קיין אמסטערדאם, וואו זי האָט געפונען איהר אנטלאָפענעם ברודער.

עס האָט געגומען א קורצע צייט און די מיידעל האָט אָנגעפאנגען רעדן מאָדנע רייד, אז זי וועט הייראטען משיח'ן, וועלכער דארף אינגיכען זיך באווייזען. איהרע רייד האָבען ארויסגערופען א געלעכטער, זי האָט זיך אָבער איינגעשפּארט און ניט געוואָלט חתונה האָבען מיט קיין אנדער מאַן.

זי האָט דאַן פארלאָזט אמסטערדאם און איז געקומען קיין פראנקפורט ד'מיין און פון דאָרט קיין ליווארנא, וואו זי האָט געדיענט אין פרעמדע הייזער און זיך אויך אויפגעפיהרט ניט אנשטענדיג. זי האָט אָבער דאָרט אויך גערעדט וועגען משיח'ן, וועלכער איז איהר באשערטער און איהרע ווערטער האָבען דערגרייכט ביז קאירא. שבתי צבי האָט דאַן אויך דערצעהלט זיינע תלמידים, אז מען האָט איהם אויך געלאָזט וויסען פון דעם הימעל, אז זיין באשערטע קומט פון פּוילען און ער האָט געשיקט שלוחים קיין ליווארנא זי ברייגנען.

שרה האָט מיט איהר שעהנקייט פאר'כשופ'ט שבתי צבי'ן און זיינע תלמידים און וועגען איהר אויפפיהרונג האָט ער געהאט א תירוץ, אז הושע הנביא האָט אויך חתונה געהאט מיט אן אויסגעלאסענע פרוי, ווייל דאָס איז געוועזן גאָט'ס ווילען. די חתונה איז געפייערט געווארען ביי ר' רפאל'ן אין הויז, וועלכער האָט געגלויבט, אז שבתי צבי איז דער משיח און איז געוועזן גליקליך איהם ארויסצוהעלפען. (די געשיכטע וועגען שרה'ן געפינט זיך אין „תורת הקנאות" פון יעב'ץ, זייט 5).

* * * *

שבתי צבי האָט זיך אומגעקערט קיין ירושלים און מיט איהם די שעהנע שרה. ער האָט מיט זיך אויך געהאט געגוג געלד, וואָס עס האָט איהם געגעבען ר' רפאל. אין עזה האָט ער זיך געטראָפען מיט נתן העזתי און נאָך א בּאראטונג איז באשלאָסען געווארען, אז עס איז שוין געקומען די צייט ארויסצוגעבען אין דער עפענטליכקייט, אז שבתי צבי איז משיח. נתן העזתי האָט גלייך ארויסגעשיקט בריעף צו די אידישע קהלות איבער דער גאנצער וועלט, אין וועלכע ער האָט זיי אָנגעזאגט די פרעהליכע בשורה, מיט פאָלגענדע ווערטער:

— אחינו בני ישראל! זייט וויסען אז אונזער משיח איז געבוירען געוואָרען אין דער שטאָדט סמירנא און זיין נאָמען איז שבתי צבי. אינגיכען וועט זיך אנטפלעקען זיין מלוכה און ער וועט צונעהמען די קרוין ביי דעם מלך פון ישמעאל און זי אנטאָן אויף זיין קאָפּ, ווייל די מלוכה געהערט צו איהם. נאָכדעם וועט אונזער משיח פארשוואונדען ווערען, ווייל ער וועט געהן פון יענער

זייט סמבטיון, וואו משה רבנו וועט פאר איהם ווארטען... ווען אונזער משיח, משה רבנו און די עשרת השבטים וועלען דארפען איבערגעהן דעם סמבטיון, וועט ער בלייבען רוהיג און פון דעם הימעל וועט ארונטערקומען א לייב, אין וועמעס מויל, עס וועט זיין א שלאנג מיט זיבען קעפ און פון דעם לייב'ס מויל, וועט שפריצען פייער. אונזער משיח וועט רייטען אויף דעם לייב און פיהרען משה רבנו'ן מיט די עשרת השבטים קיין ירושלים. אויף דעם וועג וועלען זיי אָנטרעפען גוג ומגוג מיט א גרויסער מחנה, ווי די זאמד אויף דעם ברעג פון דעם ים. אונזער משיח ש'צ וועט מיט זיי מלחמה האלטען. ניט מיט קיין שווערד און שפיז, נאָר מיט א בלאָז פון זיין מויל, וועט ער טויטען דעם רשע. ווען אונזער משיח וועט אָנקומען קיין ירושלים מיט משה רבנו און מיט אלע אידען, וועט ארונטערקומען א בית המקדש פון דעם הימעל, און עס וועט פאָרקומען תחית המתים...

(,,תורת הקנאות'', זייט 5)

נתן העזתי האָט זיך ערקלעהרט פאר אליהו הנביא, וועלכער איז געשיקט געווארען צו אָנזאָגען די טריט פון משיח. ער האָט אויך געשיקט א בריעף קיין קאירא צו ר' רפאל'ן, פול מיט מיסטישע אנדייטונגען. ר' רפאל האָט צושיקט קאָפּיעס פון דעם בריעף צו פיעל אנגעזעהענע אידען אויף דער וועלט. צו נתן'ס הילף איז אויך געקומען אברהם היכיני און דערצעהלט פיעל זעהונגען וואָס ער האָט געזעהן וועגען שבתי צבי און וועלכע דערמאָהנען די בילדער וואס דער ,,מגיד'' האָט געצייגט צו שלמה מולכו.

שבתי צבי'ס נאָמען איז געווארען אלץ מעהר פּאָפּולער און פון פארשידענע לענדער האָט מען אָנגעפאנגען קומען צו איהם. ער האָט דאן אָנגעפאנגען זיך אויפפיהרען מיט שטארקייט און געוואלט מבטל מאכען דעם תענית פון ,,שבעה עשר בתמוז'', וואָס עס האָט ארויסגערופען דעם צאָרן פון די ירושלים'ער רבנים. ער האָט זיך אָבער וועניג וואָס צוגעהערט צו זיי און נתן האָט ערקלעהרט, אז ירושלים איז שוין מעהר ניט די הייליגע שטאָדט, נאָר יפו.

דערווייל האָבען שבתי צבי'ס אייגענע און אנהענגער אין סמירנא, זיין געבורט שטאדט, צוגעגרייט דעם וועג פאר זיין קומען. חדש אלול, תכ'ה (1665), איז ער אָנגעקומען קיין סמירנא, וואו ער איז אויפגענומען געווארען מיט גרויס כבוד און די אלע חרמים, וואָס מען האָט וועגען איהם ארויסגעגעבען, איידער ער האָט פארלאזט די שטאדט, זיינען אינגאנצען פארגע-

סען געווארען.

די ערשטע צייט האָט שבתי צבי זיך געהאַלטען רוהיג און ניט געלאָזט זיינע תלמידים דערצעהלען וועגען איהם, אז ער איז משיח. דערווייל האָבען זיינע פאַרטרעטער אין פאַרשיידענע לענדער, אָנגעפיהרט א פּראָפּאַגאַנדא און געוועקט דאָס פאָלק. ערשט שבת חנוכה, תכ״ו, איז ער געקומען אין שוהל אָנגעטאָן בגדי מלכות און געלאָזט וויסען, אז ער איז משיח בן דוד און איז אויפגענומען געוואָרען פון דעם גאַנצען פאָלק מיט אויסרופען: „עס זאָל לעבען אונזער מלך, עס זאָל לעבען אונזער משיח!״ ער האָט אויך ארויס־גערעדט דעם „שם״ אין זיינע אותיות און אויפגערופען פרויען צו דער תורה.

אויף דעם צווייטען טאָג האָבען זיך פאַרזאַמעלט די רבנים פון סמירנא און געשיקט רופען שבתי צבי׳ן, דערפאַר וואס ער האָט זיך אויפגעפיהרט ניט לויט דעם אידישען דין. ער איז אָבער ניט געקומען צו זיין און האָט מיט דער הילף פון זיינע רייכע ברידער, אונטערגעקויפט די שטאַדטישע רעגירונג. דער אַלטער רב, ר׳ אהרן לפּפּא, וועלכער האָט ערקלעהרט אז ש׳צ איז א פאַלשער משיח, האָט געמוזט אנטלויפען פון שטאָדט און ש׳צ האָט אויף זיין פּלאַץ באַשטימט ר׳ חיים בנבנשת, וועלכער האָט געהאַלטען דרשות וועגען ש׳צ, אז ער איז משיח און דער אמת׳ער אויסלייזער.

דער נאָמען פון דעם משיח האָט זיך געטראַגען איבער דער גאַנצער וועלט און אומעדום האָבען אידען זיך אָנגעפאַנגען גרייטען פאַר דער גאולה. נביאים זיינען אויפגעשטאַנען, וועלכע האָבען דערצעהלט וועגען דעם אויסזעהן פון דעם משיח און געמאָלען דעם טאָג פון דער אויסלייזונג. אייניגע אידען האָ־בען צונומען זייערע הייזער, צוזאַמענגענומען זייער פאַרמעגען און זיך גע־גרייט צו פאָהרען קיין ארץ ישראל. אין פערסיע האָבען די אידישע ערד אַרבּייטער מעהר ניט געוואָלט בעאַרבּייטען די ערד. פיעל אידען האָבען חתונה געמאַכט זייערע קינדער אין עלטער פון אכט און ניין יאָהר, כדי עס זאָלען זיך אויסלאָזען אלע נשמות פון דעם „גוף׳ און עס וועט באַזייטיגט ווערען די לעצטע שטערונג פון דער גאולה. אידען האָבען תשובה געטאָן און איינגעפיהרט נייע ימים טובים לכבוד דעם משיח.

אין סמירנא האָבען די אידען געלעבט ווי אין א חלום. אומעדום וואו שבתי צבי האָט זיך באַוויזען, זיינען איהם נאָכגעגאַנגען הונדערטער מענשען און וואו עס האָט געהאַט די זכיה אָנריהרען זיך אין זיינע קליידער, איז געווען גליקליך. זיינע בריעף האָט דער משיח דאַן אונטערגעשריבען: „איך גאָט אייער גאָט, שבתי צבי.״ זיינע געגנער האָט ער גערופען מיט דעם נאָמען „כופרים״ און האָט זיך באַנוצט געגען זיי מיט שטאַרקייט. די רעגירונג

איז געווען אויף זיין זייט, ווייל ער האָט אומעדום זיך באנוצט מיט „בקשיש", וואָס איז אלעמאל געווען די שוואכקייט פון דער טערקישער ממשלה.

עס האָבען זיך אָבער דאָך געפונען איינציגע וואס זיינען ארויסגעטראָטען געגען שבתי צבי און געגען איהם געפיהרט א קאמף. ר׳יעקב ששפורשט (דער מחבר פון „ציצת נובל צבי"), וועלכער איז געווען דער עלטער דור פון רמב׳ן און איינער פון די גרעסטע רבנים אין דייטשלאנד, האָט באַקעמפט שבתי צבי׳ן. ער איז אָבער געווען איינער צווישען הונדערטער רבנים און זיינע ווערטער האָבען קיין השפעה ניט געהאט. אין איטאליען האָבען די צוויי ברידער, ר׳ יעקב און עמנואל פראנסיס, באקאנטע משוררים, זיך איינגעשטעלט און ארויסגעטראטען געגען שבתי צבי, זיי זיינען אָבער שיעור ניט פארשטיינערט געוואָרען פון דעם אויפגערעקטען המון און האָבען זיך געראטעוועט ווי דורך א נס.

נאָך עטליכע וואָכען פון שטענדיגען יום טוב און פייערונג האָט דער טערקישער קאדי זיך ארומגעזעהן, אז עס איז שוין צייט צו מאכען א סוף צו דער דאָזיגער גאנצער שפיעל און ניט וועלענדיג נעמען אויף זיך די גאנצע פאראנטוואָרטליכקייט, האָט ער איינגעלאַדען שבתי צבי׳ן, אז ער זאָל ערשיינען פאר די ריכטער אין קאָנסטאנטינאָפּאָל און געבען א רעכנונג וועגען זיינע אויפפיהרונגען. שבתי צבי איז געווען צופרידען דערמיט, ווייל ער האָט דאָ געהאט א געלעגענהייט ארויסצואווייזען זיין גרויסקייט.

זיינע פלענער זיינען אָבער צושטערט געוואָרען, ווייל ווען ער איז ארונטערגעקומען פון דער שיף איז ער ארעסטירט געוואָרען און מען האָט איהם געבראכט קיין קאָנסטאנטינאָפּאָל א געשלאָסענער אין קייטען. א גרויסער עולם האָט פאר איהם געווארט און געוואָלט מקבל פנים זיין דעם משיח. דער פאשא האָט אָבער ניט געשיינקט קיין אויפמערקזאמקייט און איהם דערלאנגט א פאטש פאר אלעמען אין די אויגען. שבתי צבי, זעהענדיג אז ער קען ניט ארויסווייזען זיין גרויסקייט, האָט אָנגעשטעלט א קריסטליך פרום פנים און אויסגעשטרעקט די צווייטע באק. ווען ער איז געבראכט געווארען פאר מוסטאפא פאשא, האָט ער אויך ניט געהאט גענוג מוט צו דערצעהלען, אז ער איז משיח און ער האָט בלויז געזאָגט, אז ער איז א חכם פון ירושלים און איז געקומען זאמלען נדבות פאר אָרימעלייט און ער איז ניט פאראנטווארטליך פאר די אלע דעמאָנסטראציעס, וואס ווערען איהם געמאכט. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפען און מען האָט איהם איינגעזעצט אין תפיסה.

די דאָזיגע פאסירונג האָט ניט אָבגעשוואכט דעם גלויבען אין שבתי צבי. אדרבא, זיינע ליידען פאר דעם אידישען כלל, וועמען ער האָט געוואלט אויס־

לייזען, האָט איהם דערהויבען צו דער מדרגה פון א קדוש. אומעדום זיינען אויפגעשטאַנען נייע נביאים, אידען און ניט אידען, וועלכע האָבען נבואות געזאגט, אז אינגיכען וועט זיך באווייזען שבתי צבי'ס משיחישער כח און ער וועט אויסלייזען דאָס אידישע פאָלק. דאָס וואס די טערקישע רעגירונג האָט איהם באלד ניט פאר'משפט צום טויט, איז אויסגעטייטשט געווארען, אז זי האָט מורא פאר איהם און אין דעם איז געווען א שטיק אמת. דער שני למלך אחמאט קעפרילי האָט זיך געשראָקען, אז אויב ער וועט טויטען שבתי צבי'ן, וועט ער ווערען א הייליגער און עס וועט פיהרען צו דער שאפונג פון א נייער רעליגיע, ער האָט מורא געהאט, טאָמער וועלען די אידען איהם וועלען ראטע־ווען און מאכען אן אויפשטאַנד, האָבענדיג די הילף פון פיעל טערקען, וועלכע האָבען אויך געגלויבט אין שבתי צבי'ן. ער האָט דארום באשלאָסען ניט צו זיין שטרענג צו איהם און האָט איהם אָבגעשיקט אין דער פעסטונג פון גא־ליפאָלי.

אין דער דאָזיגער פעסטונג האָט זיך שבתי צבי'ן געלעבט ניט שלעכט. ער האָט דאָרט געהאט פיעל פרייהייטען און דער פארוואלטער פון דער טורמע האָט גענומען געלד פון יעדען איינעם, וואָס איז געקומען זעהן דעם משיח. די איינוואוינער פון דעם פלאץ זיינען רייך געווארען פון די געסט, וועלכע זיינען געקומען פון פארשידענע טהיילען פון דער וועלט. דער גלויבען אין שבתי צבי האָט זיך געשטארקט און אומעטום האָט מען תשובה געטאָן, אום דערמיט צו פארשנעלערען דעם טאָג פון דער גאולה. אין אלע שוהלען האָט מען פאר שבתי צבי'ן געמאַכט די ברכה „הנותן תשועה למלכים.“

שבתי צבי האָט פון דער פעסטונג געשיקט בריעף צו די אידען אין פאר־שידענע לענדער און האָט געשטארקט זייער גלויבען. נתן העזתי און זיינע חברים האָבען אויך ניט גערוהט. אין פיעל אידישע קהלות איז געקומען צו א שטארקער מחלוקת, די אנהייננגער פון שבתי צבי האָבען אָבער אומעדום געהאט די אויבערהאַנד און דער משיח אליין האָט געלאָזט וויסען, אז מען מעג אומברייננגען די אומגלויביגע און ווער עס טהוט דאָס אפילו אום שבת, איז ער זיכער צו האָבען דעם גן עדן.

זיצענדיג אין פעסטונג האָט שבתי צבי אָבגעשאפט דעם תענית פון שבעה עשר בתמוז, געענדערט דעם טאָג פון שבת און בכלל אָנגעפאנגען אָבצושאפען די אידישע מצוות און אויך דאָס איז אויפגענומען געוואָרען פון זיינע אנ־העננגער אלס א באווייז, אז זיין כח איז שטארק און אז זיין זיצען אין תפיסה איז בלויז אום צו רייניגען און לייטערען זיך און דאָס וועט מקרב זיין דעם טאָג פון זיין ערשיינונג. ער האָט דאָרט איינגעפיהרט דעם „שבת הגדול“ אום

דינסטאָג און צושיקט בריעף, אין וועלכע ער האָט אָנגעזאָגט די בשורה פון דער גאולה און געהייסען, אז תשעה באב זאָל געפייערט ווערען אלס א גרויסער יום טוב, ווייל אין דעם דאָזיגען טאָג איז שבתי צבי געבוירען געוואָרען. אויף דעם בריעף האָט ער זיך אונטערגעשריבען „דוד בן ישי, פאר וועמען עס שרעקען זיך אלע מלכים פון דער וועלט, דער מאַן וועלכער איז העכער פון יעדער ברכה און לויב, דער געזאלבטער פון יעקב'ס גאָט, דער אויס־דערוועהלטער פון איבען שבתי צבי." (תורת הקנאות יג').

אומעדום וואוהין די דאָזיגע בריעף זיינען אָנגעקומען איז געוואָרען ששון ושמחה. אידען האָבען געפייערט ימים טובים, געטאַנצט אין די גאסען און אוועקגעוואָרפען זייער ארבייט. אויך פיעל ניט אידען זיינען אָנגעשטעקט געוואָרען מיט דער שמחה און זיי האָבען זיך מגייר געווען מיט זייערע פאַ־מיליעס.

אין פוילען, וואו די אידען זיינען נאָך ניט געקומען צו זיך פון די שחיטות פון ת'ח, האָט די דאָזיגע בשורה ארויסגערופען נאָך מעהר באַגייסטערונג און א גרויסע צאָהל אידען איז געווען גרייט צו לאָזען זיך אין וועג קיין ארץ ישראל. עס זיינען נאָך אָבער געווען רבנים, וואָס זיינען ניט געווען זיכער, אויב שבתי צבי איז טאַקע דער אויסלייזער. די קבלה איז שוין טאַקע געווען פאַרשפּרייט אין פוילען, ווען ער האָט אָבער געהאַלטען ביי פאַרווירקליכט ווערען דאָס קומען פון משיח איז דאָך געווען א צווייפעל.

ר' דוד הלוי, דער בעל „טורי זהב" האָט דאַן ארויסגעשיקט זיין זוהן ר' ישעיה הלוי און זיין שטיף זוהן ר' ליב בר' הירץ, אז זיי זאָלען באַזוכען שבתי צבי'ן אין דער פעסטונג און זיך איבערצייגען ווער און וואָס ער איז. די שלוחים זיינען געקומען קיין גאַליפּאָלי און שבתי צבי, וועלכער האָט שוין געוואוסט וועגען זייער קומען, האָט אַלעס אויסגעפונען וועגען זיי און געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם וואָס ווייס פאַרבאַהאַלטענע זאַכען. ער האָט מיט זיי פאַרבראַכט אין א געשפּרעך וועגען קבלה און זיי צוגעזאָגט, אז ער וועט זיך נוקם זיין פאַר דעם פאַרגאָסענעם אידישען בלוט. ער האָט אויך געשיקט א מתנה זייער פאָטער, וועלכער איז שוין דאַן געווען א בן שמונים, א זיידען העמדעל, וואָס אז ער וועט עס אָנטהאָן, וועט ער צוריקקריגען זיינע יוגענדליכע כחות.

* * * *

פון די פוילישע שלוחים האָט זיך שבתי צבי דערוואוסט, אז אין זייער לאַנד איז פאַראַן א מקובל נחמיה כהן, וועלכער זאָגט נבואות, אז משיח וועט אינגיכען קומען און ער האָט איהם איינגעלאַדען צו זיך. די שלוחים האָבען

זיך אומגעקעהרט צוריק קיין פוילען און וואס זיי האָבען דערצעהלט, האָט ניט איבערגעלאזט קיין שטארקע ווירקונג. אין דער זעלבער צייט האָבען איינינגע קהלות אָבגעשיקט נחמיה כהן קיין גאליפאָלי, ער זאָל זיך טרעפען מיט שבתי צבי'ן און זאָגען זיין מיינונג, אויב דאָס איז טאַקע דער ערווארטעטער משיח, וועלכער וועט ברייננגען די אויסלייזונג.

דריי טעג האָט נחמיה כהן פארבראַכט אין דער פעסטונג פון גאליפאָלי, וועלכע שבתי צבי האָט גערופען „מגדל עז'', ער האָט זיך אָבער ניט איבער־צייגט, אז שבתי צבי איז משיח. צווישען דעם משיח און דעם מקובל איז פאָרגעקומען א שטארקער וכוח. נחמיה כהן האָט געוואלט וויסען, ווי אזוי ערקלערט זיך שבתי צבי פאר משיח בן דוד, ווען עס איז נאָך ניט געקומען משיח בן יוסף און עס זיינען נאָך ניט פארגעקומען די אלע זאכען, וואָס די מקובלים האָבען פאָראויסגעזאגט? שבתי צבי האָט געפרואווט דאָס צו פאר־ענטפערען, זיינע ווערטער האָבען אָבער ניט געמאכט קיין רשם אויף דעם מקובל און ער האָט איהם פארלאזט אויסרופענדיג פאָלגענדע ווערטער: —

ביז וואנען וועסטו זאָגען, אז דו ביזט משיח בן דוד און דער אידישער אויסלייזער? איך זאָג: הלואי וואָלטען די אידען געבליבען ווי פריהער און דו זאָלסט זיי ניט אומברייננגען, ווייל עס וועט דערפון ניט ארויס־קומען קיין גוטער סוף; דו, עוכר ישראל, מיט דיינע ליגענס און פאלש־קייטען וועסטו ברייננגען דעם אידישען כלל אונטער דער שווערד, דו האָסט קיין ממש ניט און וועסט ניט האָבען קיין גוטען סוף!

נחמיה כהן איז דאן ארייננגעפאלען א געדאנק ווי אזוי צו צושטערען שבתי צבי'ס פלענער און ראַטעווען די אידען פון א גרויסער צרה. נאָכדעם ווי ער האָט ערקלעהרט שבתי צבי'ן פאר א פאלשען משיח און דעם לעצ־טענ'ס אנהעננגער האָבען איהם געוואָלט אומברייננגען, האָט ער פלוצלונג ער־קלערט, אז ער וויל ווערען א מחמד'אנער. ווען ער איז אָבגע'שמד'ט געווא־רען איז ער אוועק צו דעם סולטאַן קיין אדריאנאָפּאָל און דאָרט דערצעהלט, וועגען שבתי צבי'ס אויפפיהרונגען, וואָס דער סולטאַן האָט ביז יעצט ניט געוואוסט. צוליב דעם וואָס די פארוואלטער פון דער טורמע, וועלכע האָבען געקראָגען פיעל „באקשיש'', האָבען דאָס געהאלטען בסוד. דער צאָרן פון סולטאַן איז געוואָרען זעהר גרויס און ער האָט צוזאמענגערופען אלע זיינע ראַטגעבער און די מופטי'ס צו באטראַכטען וואָס צו טהאָן מיט דעם פאלשען משיח. זיי זיינען געקומען צו דעם באשלוס, אז טויטען איהם איז ניט גוט, ווייל דאָס קען ארויסרופען א מרידה פון אידען און טערקען, עס איז דארום

אָנגענומען געוואָרען די עצה פון מופטי וואנני, אז מען זאָל פרואווען בעאיינ־פלוסען שבתי צבי׳ן, ער זאָל זיך שמדן.

שבתי צבי איז ארויסגערופען געווארען צו דעם סולטאן. ביי אידען האָט דאָס ארויסגערופען גרויס אויפרעגונג און זיי האָבען געגלויבט, אז יעצט איז געקומען די צייט, ווען שבתי צבי וועט ארויסווייזען זיין גרויסען כח און וועט צונעמען די קרוין ביי דעם סולטאן. זיי האָבען דארום תשובה געטהאָן אין אלע זייערע שוהלען, אז ער זאָל מצליח זיין אויף זיין וועג.

זעכצעהן טעג אין אלול, ראש השנה תכ״ו, איז שבתי צבי געבראכט גע־וואָרען אין דעם סולטאן׳ס הויף. דעם סולטאן׳ס דאָקטאָר, א גע׳שמד׳טער איד מיט דעם נאָמען דידאן, האָט מיט איהם געהאט א געשפרעך און איהם איבערגעגעבען, אז עס איז באשלאָסען געווארען, אז מען זאָל איהם שלעפען אי־בער אלע גאסען און צו זיין קערפער וועלען זיין צוגעבונדען ברענענדע פאקעלען. ער קען זיך ראטעווען בלויז דערמיט, וואָס ער וועט אָננעמען דעם מחמד׳אנישען גלויבען. שבתי צבי האָט אויפגעציטערט און ער האָט ניט פיעל געקווייטקעלט און זיך ערקלערט גרייט אָנצונעהמען דעם נייעם גלויבען. ער איז באלד פאָר־געבראכט געוואָרען פאר דעם קעניג און ער האָט פון זיך ארונטערגעוואָרפען די אידישע היטעל פון קאָפּ, א צייכען אז ער איז גרייט צו פארלאָזען זיין גלויבען און מען האָט איהם אנגעטאָן דעם טערקישען טורבאן. אזוי איז דער אידישער משיח געווארען א ישמעאל׳שער משומד.

שבתי צבי האָט געקראָגען א שטעלע אלס שומר אין דעם סולטאן׳ס פאלאץ. זיין פרוי שרה האָט אויך אָנגענומען זיין נייעם גלויבען. לויט דער עצה פון מופטי האָט ער געהייראט מיט זיינער א דיענסט און מיט זיין פרוי האָט ער זיך ניט גע׳גט און שפעטער האָט ער גענומען נאָך אנדערע פרויען, וועלכע האָבען זיך גע׳שמד׳ט — און ער האָט געלעבט לויט די געזעצען פון זיין נייעם גלויבען.

*　　*　　*　　*

נחמיה כהן, וועלכער האָט אָנגענומען דעם פרעמדען גלויבען, אום דורכ־צופיהרען זיין פלאן צו צושטערען שבתי צבי׳ס משיחישע האָפנונגען, האָט שוין יעצט מעהר ניט געהאט וואָס צו טהאָן אין טערקיי און ער האָט זיך אומגע־קעהרט צוריק קיין פוילען, וואו ער איז צוריק געווארען א איד. ער איז אָבער געווען שטיל און קיינעם ניט דערצעהלט, וואָס עס האָט מיט איהם פאסירט און האָט בלויז געהייסען ווארטען פאר דעם אמת׳ן משיח. אין יאהר ת״ן (1690) איז ער געקומען קיין אמסטערדאם אלט און בלינד און איז געשטאָר־בען אין גרויס אָרימקייט אויף דער גאס.

שבתי צבי'ס שמד האָט נאָך ניט געמאַכט קיין סוף צו די משיחישע האָפ־נונגען. ווען די ידיעה וועגן זיין שמד איז אָנגעקומען צו זיינע אנהענגער האָבּען זיי דאָס אויסגעטייטשט אויף פאַרשידענע אופנים און אין דעם געזעהן א גרויסען „סוד", וואס איז אנטפלעקט בלויז צו דעם משיח. אייניגע האָבּען געגלויבּט, אז בלויז זיין שאָטען האָט זיך גע'שמד'ט און ער אליין איז ארויף אויף דעם הימעל; אנדערע האָבּען געזאגט, אז דער סולטאן האָט איהם צו־געטיילט גרויס כבוד, ער האָט זיך אָבּער ניט גע'שמד'ט און אנדערע ווידער האָבּען דאָס אָנגענומען פאַר א באַוויז, אז די גאולה איז נאָהענט און אז דער משיח האָט געמוזט זיך אַרונטערלאָזען אין דער טיפעניש פון דער טומאה, אום ארויסצוקריגען די ניצוצות פון דער קדושה.

ערשט נאָך שבתי צבי'ס שמד האָט דער סולטאן זיך ארומגעזעהן וואָס פאר א געפאהר עס איז געווען אין דער דאָזיגער באַוועגונג און אין זיין גרויסען צאָרן, האָט ער געוואלט אומבּרייננגען אלע אידישע קינדער, בּיז צום עלטער פון זיבּען יאָהר. דער משומד מחמד עפענדי (שבתי צבי) האָט זיך אפילו ניט אָנגענומען פאר די אידען און נאָך צוגערעדט דעם סולטאן צו נעהמען נקמה פון זיי. דעם סולטאן'ס מוטער האָט אָבּער ניט דערלאָזט, אָנווייזענדיג, אז די אידען זיינען ניט שולדיג, זיי זיינען פאַרפיהרט געוואָרען. דער סולטאן האָט דאן געוואָלט נעהמען נקמה פון די רבּנים פון דעם לאנד, פאר דערלאָזען אז די דאָזיגע משיחישע באַוועגונג זאָל זיך פאַרשפּרייטען. ער האָט דארום באַשלאָסען אומבּרייננגען פופציג רבּנים פון סמירנא, קאָנסטאנטינאָפּאָל און אנדערע שטעדט — שפּעטער האָט ער אָבּער אויף דעריויף חרטה געהאט.

דער קאַמף צווישען די אנהענגער פון שבתי צבי און זיינע געגנער, וועל־כע זיינען יעצט געוואָרען דרייסט, האָט זיך צופלאַקערט אין די אידישע קהלות. די וואס האָבּען אין איהם געגלויבּט האָבּען נאָך אלץ געהאָפט פאר אן אויס־לייזונג. נתן העזתי און זיינע חברים האָבּען באַזוכט ווייטע אידישע קהלות און דערצעהלט וועגען דעם משיח, וואס וועט זיך אינגיכען באַווייזען. די רבּנים וואס האָבּען זיך אויסגעניכטערט פון זייער גלויבּען האָבּען ארויסגע־געבּען חרמים אויף די שבתי צבי'ניקעס. צושפּאַלטען זיינע געווען די אידישע קהלות און דער קאַמף האָט אָבּגעריסען עלטערען פון קינדער און בּרידער פון בּרידער.

שבתי צבי אליין האָט די ערשטע צייט נאָך זיין שמד זיך געהאלטען ווייט פון אידען. ער האָט געלערענט זיין נייעם גלויבּען און איז געוואָרען א פרומער מחמד'אנער. שפּעטער אָבּער האָט ער ווידער אנגעפאנגען קומען אין בּאַריהרונג מיט אידען און צו דעם מופטי, וואָס האָט געהאט די אויפ־

זיכט איבער איהם, האָט ער געזאָגט, אז ער טהוט דאָס אום צו באקעהרען די אידען צו זיין נייעם גלויבען. עטליכע הונדערט אידען האָבען טאקע אָנגענומען דעם מחמד'אנישען גלויבען, ווייל זיי האָבען געלויבט, אז שבתי צבי'ס תורה איז אמת.

זיין אויפפיהרונג אין יענער צייט איז שוין ניט געווען ווי פון קיין נאָרמאלען מענש. אָט איז ער געווען א פרומער מחמד'אנער און געמאכט צו שפּאָט דעם אידישען גלויבען און אָט איז ער געקומען אין שוהל און זיך אויפגעפיהרט אין פרומקייט, לויט דעם דרך פון דער קבלה. ער האָט אויך אָנגעגעבען „רמזים", אז דער משיח דאַרף ווערען א מחמד'אנער איידער עס וועט קומען די גאולה. דערצו איז זיין מאָראלישע אויפפיהרונג געווען פאַרדאָרבען. ער האָט זיך ארומגערינגעלט מיט יונגע פרויען און איינע פון זיי האָט איהם געהאט א זוהן. ער האָט אויך גענומען א צווייטע פרוי, נאָך שרה'ס טויט. צו קריאת התורה האָט ער אויפגערופען זיבען פרויען. דאָס אלעס האָט ארויסגערופען אומצופרידענהייט ביי די אידישע פיהרער פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און זיי האָבען זיך געווענדעט צו דעם שני למלך, אז מען זאָל צונעהמען ביי איהם די מעגליכקייט צו קומען אין באריהרונג מיט אידען. שבתי צבי איז איינגעשפּארט געוואָרען אין תפיסה, וואו עס האָבען זיך באלד אָנגעפאנגען איבער'חזר'ן דיזעלבע סצענעס ווי אין „מגדל עוז" (די פעסטונג פון גאליפּאָלי). יעדען טאָג זיינען געקומען אידען מיט שיפלעך צו דער תפיסה, צו הערען תורה פון דעם משיח און די פאַרוואלטער פון דער תפיסה פלעגען שלאָגען די אידען.

די אידישע פיהרער האָבען דאן אויסגעווירקט, אז מען זאָל איהם פאַרשיקען ווייט, אין א פּלאַץ וואו עס זיינען ניט פאַראַן קיין אידען און ער איז פאַרשיקט געוואָרען אין דער שטעדטעל דאלצינה, אין אלבאניע, וואו ער איז געשטאָרבען עטליכע טעג פאר יום כפור, תל"ו (1675).

נתן העזתי האָט די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען פארבראכט אין סאָפיא, ניט ווייט פון שבתי צבי'ס גלות שטאָדט. ער איז שוין מעהר ניט געווען טהעטיג און איז דאָרט געשטאָרבען אין דעם יאָהר ת"ם (1680).

* * * *

איז שבתי צבי געווען א שווינדלער, אָדער ער האָט געגלויבט אין זיין כח?

פון די אלע געשיכטליכע פאסירונגען וואָס אנטוויקלען זיך פאר אונז, איז אָנצונעהמען, אז שבתי צבי האָט געגלויבט אין זיינע כחות. זיין פערזענליכקייט, זיין אויסזעהן, זיין שעהנע שטימע און זיין מיסטישע אויפפיהרונג האָט איהם געגעבען די אלע אייגענשאַפטען פון א פיהרער און ווען ער האָט

דערפיהלט אז דאָס פאָלק איז מיט איהם, האָט זיין פאנטאזיע זיך צופלאקערט און ער האָט זיך דערזעהן אין דער ראָלע פון אן אויסלייזער.

מען דאַרף אויך ניט פארגעסען די ראָלע, וואָס עס האָבען געשפּילט זיינע תלמידים נתן העזתי, אברהם היכיני און אנדערע, וועלכע האָבען איהם איינ־געקעדט, אז ער איז טאקע דער אידישער אויסלייזער און האָבען איהם גע־זאלבט אלס משיח. זיין פארברייטונגען אין דער פעסטונג פון גאליפאָלי, וואוהין עס זיינען צו איהם געקומען אידען פון דער גאנצער וועלט און האָבען איהם צוגעטהיילט קעניגליכען כבוד, האָט געמוזט האָבען א ווירקונג אויף איהם — דאָס אלעס, צוזאמען מיט דעם פאסיגען מאָמענט, אין וועלכען ער האָט זיך באוויזען, האָט געשאפען די גרויסע באוועגונג.

אין א מאָמענט פון שוואכקייט, שטעהענדיג פאר א גרויסען נסיון, האָט שבתי צבי זיך אָבגעזאגט פון דעם אידישען גלויבען — און דערמיט אליין געמאכט א סוף צו אלע זיינע משיחישע אויסרעכנונגען. די אלע מיטלען וואָס זיינע תלמידים און ער אליין האָבען אנגענומען נאָכדעם אָנצוהאלטען די באוועגונג האָבען שוין ניט געקאָנט האָבען קיין גרויסען ערפאָלג, הגם די באַ־וועגונג האָט געשלאָגען וואָרצלען, וועלכע האָבען זיך צואוואקסען דאָ און דאָרטען פאר כמעט א יאָהרהונדערט און איבערגעלאזט שפּורען ביז צו דעם היינטיגען טאָג.

עס איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, אז שבתי צבי'ס נאָמען וואלט געווען פארהייליגט געוואָרען, ווען ער זאָל געווען ביישטעהן דעם נסיון פון קדוש השם. דאמאָלסט וואָלט די באוועגונג געווען זיך צופלאקערט און אויפ־גערודערט די גאנצע אידישע וועלט און ווער ווייס, אויב דאָס וואלט טאקע ניט געוואָרען דער פאסיגער מאָמענט פאר דער אידישער אויסלייזונג?

אין א צייט ווען מיסטישע שטימונגען האָבען זיך געשטארקט; ווען דאָס פאָלק האָט דורכגעלעבט די „חבלי משיח" און עס איז געווען א גרויסע פערזענליכקייט — וואָלט שבתי צבי'ס טויט פאר זיין גלויבען, זיכער געווען א גרויסע פאסירונג, וועמעס רעזולטאט עס זיינען פארבאהאלטען אין די געהיימנישען פון דער געשיכטע, וועלכע האָט גענומען אן אנדער ווענדונג.

שבתי צבי'ס שמד שטעלט איהם אוועק אין אן אנדער ראלע און מען קוקט שוין מיט פאראכטונג אויך אויף זיין פריהעריגער טעטיגקייט — הגם די געשיכטע וואָלט ניט באדארפט פארגעסען, אז ער איז געווען דער ערשטער צו שאפען א גרויסע באוועגונג ארום זיך, א באוועגונג וואס האָט צוזאמענגע־נימען פונקען פון אידישער האָפנונג און שטרעבונג און אָנגעצונדען א פייער פון משיחישען גלויבען אין דער אידישער הויז.

## „דונאמען" — שבתי צבי׳ס יורשים

א טהייל פון שבתי צבי׳ס תורה אין זיינע לעצטע יאָהרען איז געווען „זיי אין דער עפענטליכקייט א מחמד׳אנער און ביי זיך אין דער היים א איד." רי אידען פון סאלאָניקי, וועלכע האָבען אבגעשטאמט פון די פארטריבענע פון שפאניען, וואָס זיינען געווען צוגעוואוינט צו אזא צווייענדיגען לעבען, האָבען גרינג געקאָנט אָננעהמען די דאָזיגע תורה.

נאָך שבתי צבי׳ס טויט איז זיין פרוי יוכבד, די טאָכטער פון זיין פריינד ר׳ יוסף פילאָסאָף, פון סאלאָניקי, געקומען אין איהר געבורטס שטאָדט, און זי האָט באנייט די באוועגונג, אין וועמעס שפּיץ עס איז געשטאנען איהר יונגערער ברודער יעקב קירידו (דער געליבטער). זי האָט וועגען דער ברודער פארשפרייט א קלאנג, אז ער איז שבתי צבי׳ס א זוהן. א גרויסע צאָהל מענ־שען האָבען דאָס געגלויבט און אזוי איז געשאַפען געוואָרען א נייע באוועגונג.

די דאָזיגע באוועגונג האָט אינגאנצען צושטערט דעם אָנגענומענעם אי־דישען מאָראל, הגם זיי זיינען ניט געווען גע׳שמד׳ט. זייער אויפפיהרונג איז געווען די, וואָס איז שפּעטער איבערגעגאנגען בירושה צו יעקב פראנק. זיי האָבען ניט געלעבט בשלום מיט אַנדערע אנהענגער פון שבתי צבי, וואָס האָבען ניט געוואלט אנערקענען דעם נייעם פיהרער. עס האָט גענומען א קורצע צייט און זיי האָבען זיך געשפּאלטען אויף דריי באזונדערע גרופּען, וועלכע האָבען צווישען זיך קיין שלום ניט געהאלטען.

פארשידענע רדיפות וואָס די שבתי צבי׳ניקעס, וועלכע ווערען גערופען „דונאָמען" און ביי אידען „מינים" (אפּיקורסים), האָבען געהאט אויסצו־שטעהן, האָבען זיי מעהר וועניגער פאראייניגט און ביי היינטיגען טאג געפינען זיך נאָך אין סאלאָניקי ארום צעהן טויזענד „דונאָמען", וועלכע זיינען צו־טיילט אין דריי גרופען, צווישען וועלכע עס איז אָבער כמעט ניט פאראן קיין אונטערשיד און אידען און טערקען אנערקענען זיי אלס איין גרופּע.

די פּרינציפּען פון זייער גלויבען זיינען פאָלגענדע:

1—10) אונזערע עשרת הדברות, צו וועלכע עס ווערט צוגעגעבען דער נאָמען פון משיח — שבתי צבי.

11) ניט מתחתן זיין זיך מיט אנדערע פעלקער.

12) די מצוה פון „פּרו ורבו."

13) די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך."

14) די מצוה פון העלפען א פאראָרימטען ברודער.

15) די מצוה פון מילה. (זיי זיינען אָבער ניט מל אין דעם 8טען טאָג

נאָר פאר דריי יאָהר).

16) „דינא דמלכותא דינא" (אָבהיטען דאָס געזעץ פון דער רעגירונג).

17) אָבהיטען די אידישע ימים טובים און די פון שבתי צבי.

18) זיין א פרומער מוסולמאנער פאר דער וועלט און אין געהיים אבהי־טען די תורה פון שבתי צבי.

צווישען זייערע ימים טובים זיינען פאראן ראש השנה, יום כפור, סכות, הושענה רבה, פורים, פסח, שביעי של פסח, לג בעמר און דער יום טוב פון מתן תורה. זייערע דאטומס שטימען ניט איינגאנצען מיט די אידישע ימים טובים. זיי האָבען אויך פייערונגען צו שבתי צבי'ס געבורטסטאג און יאָהר־צייט, זיין קרוינונג אלס משיח אין סמירנא, דעם טאג וואס ער האָט זיך גע'שמד'ט און וואס ער איז ארעסטירט געווארען, ווי אויך אנדערע ימים טובים, וועלכע זיינען באזירט אויף דער קבלה.

די „דונאמען" האָבען פארשידענע געזעלשאפטליכע אָרגאניזאציעס און זאָרגען איינער פאר דעם צווייטען מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט. ביז לעצטענס האָבען זיי אלע געקאָנט העברעאיש, די יוגענד לערנט אָבער ווייניג די שפראך. ארום אכציג פראָצענט פון זיי רופען זיך מיט אידישע נעמען.

קלענערע גרופען פון די „דונאמען" געפינען זיך אין פארשידענע טער־קישע שטעדט ווי סמירנא, קאָנסטאנטינאָפּאָל און אנדערע. די „דונאמען" פון סאלאָניקי האָבען געטראכט אומקעהרען זיך צום אידישען גלויבען, זיי האָבען אָבער מורא, אז דערפון וועט ארויסקומען א רעה פאר זייערע אנדערע ברידער. דערווייל היטען זיי זיך אויס פון געמישטע הייראטען און זייער צאָהל ווערט אזוי ארום פארקלענערט, ווייל זיי ליידען פיעל פון שווינדזוכט, ווע־נערישע קראנקהייטען און אנדערע.

דאָס איז דער קליינער דירעקטער זכר וואס איז פארבליבען פון דער גרויסער שבתי צבי באוועגונג. דער ניט דירעקטער זכר איז פארבליבען אין דער אידישער געשיכטע, צוזאמען מיט די שפורען פון אנדערע משיחישע באוועגונגען — וועמעס פונקען עס זיינען ניט איינגאנצען אויסגעלאָשען גע־וואָרען.

טו

# יעקב פראנק

זיין יוגענד. — זיין באקאנטשאפט מיט די שבתי צבי'ניקעס. — ער ערקלערט זיך פאר שבתי צבי'ס יורש און פאָהרט קיין פוילען. — די אויפפיהרונגען פון זיין אנהענגער און דער חרם פון די רבנים. — דער ערשטער וכוח אין קאמענעץ. — דער צווייטער וכוח אין לעמבערג. — די פראנקיסטען שמד'ן זיך. — פראנק ווערט א קאטאָליק. — זיין גלויבען אז משיח וועט זיין א פרוי. — ער ווערט איינגעשפארט אין דער פעסטונג פון טשענסטעכאָוו. — די „מטרוניתא". — פראנק ווערט באפרייט. — זיינע לעצטע יאָהרען אין אָפענבאך. — זיין טאָכטער חוה.



יז צו די לעצטע יאָהרען האָט מען ביי אונז צוזאמענגעבונדען שבתי צבי'ן און יעקב פראנק, ביידע זיינען דערמאָנט געווארען מיט א קללה אויף אידישע ליפען און ביידע זיינען געשטעמפעלט געווארען אלס פאררעטער פון זייער פאָלק און זייער גלויבען.

לעצטענס האָבען זיך שוין היסטאָריקער ארומגעזעהן ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד. אין דער צייט ווען דער ערשטער האָט ארויסגעוויזען א שוואַכקייט אין א מינוט פון גרויסען נסיון, האָט ער אָבער אין אָנפאנג געוועקט דאָס פאָלק צו אויסלייזונג און געזוכט צו פארבינדען זיין רייכע פאנטאזיע און זיין שטרעבען צו זיין דער געזאלבטער — מיט דער אידישער אויסלייזונג, דער לעצטער האָט אָבער געוואלט בויען זיין גרויסקייט פון אָנפאנג אָן, דורך

פארשוועכען אידישע הייליגקייטען, דורך אויסטראכטען פאלשע בלבולים און שוין געזוכט פון אנפאנג אן אונטער די פליגעל פון די, וועלכע האבען זיך געזעטיגט מיט דעם בלוט פון זיין פאלק.

עס איז א געשיכטליכער פאקט, אז פראנק האט געקראגען השפעה פון דער שבתי צבי באוועגונג אין מזרח און זיינע אנהענגער זיינען נאך אויך געווען אנגעשטעקט מיט דער דאזיגער באוועגונג, וועלכע האט נאך ניט אויסגעלאזט איהר לעצטען אטעם — אבער ווייט איז דער וועג צווישען די שטרעבונגען וואס שבתי צבי האט זיך געשטעלט ביי זיין ערשיינונג און די וואס פראנק האט מיט זיך געטראגען.

שבתי צבי איז אין אנפאנג פון זיין קאריערע, ווען עס האבען איהם פארכאפט זיינע משיחישע שטרעבונגען, געפאהרען קיין ארץ ישראל, דארט זיך באהעפטען מיט דעם כלל ישראל און אין זיך ארייננזאפען די טיפע בענקענישען צו גאולה; פראנק איז געפארען קיין פוילען, ווייל ער האט געגלויבט, אז דא וועט ער קענען דערהויבען ווערען און שאפען זיך א מלוכה.

שבתי צבי קען אוועקגעשטעלט ווערען אין דער בחינה פון „הציץ ונפגע", מען קען דאס צושרייבען צו זיין שוואכער נאטור; פראנק האט פון אנפאנג אן געוואלט הערשען מיט דעם כח פון דער זינד, אין וועמעס נעץ ער האט געפאנגען זיינע אנהענגער.

מען דארף אויך נעהמען אין אנבאטראכט, אז שוין פון זיין פריהסטער יוגענד איז פראנק געווען גענייגט צו זוכען הערשאפט און שוין דאמאלסט האט ער אבגעטאן שפיצלעך, וואס זיינען גארניט געווען אין אנקלאנג מיט דער אויפפיהרונג פון א אידישען אינגעל פון זיין צייט. דאס איז אפשר געווען דערפאר, וואס ער איז קערפערליך געווען שטארק אנטוויקעלט און וואס ער האט פון קליינערהייד אן געהאט א קרענקליכע פאנטאזיע.

ווערט דערצעהלט אין פראנק'ס נאמען, אז ער האט זיך באריהמט, אז ווען ער איז נאך געווען א קינד האט ער ארויסגעג'גנב'עט דעם שופר פון בית המדרש און האט געלערענט די שקצים בלאזען שופר; א צווייטען מאל האט ער זיך געשפילט מיט זיינע חברים אין גזלנים און ווען עס איז דורכגעפאהרען א רייכער סוחר האבען זיי זיך אנגעטאן מאדנע היטלען אויף זייערע קעפ, מען זאל זיי ניט דערקענען, אריינגעווארפען זאמד אין די אויגען פון סוחר און איהם בארויבט אויף אן אמת.

שפעטער ווען ער איז עלטער אנטלויפט ער פון דער שטעלע, וואס זיין פאטער האט איהם געשאפען אלס א משרת אין בוקארעסט און ער פאנגט אן האנדלען מיט ווייבערשע ציערונג. ער דרעהט זיך ארום אין די „הארעמס"

פון די טערקישע פּאַשאַס און צוזאַמען מיט דער סחורה וואָס ער האָט דאָרט פאַרקויפט, האָט ער אָנגעקניפּט „באַציהונגען" מיט די פרויען, מיט וועלכען ער האָט זיך נאָכדעם באַריהמט פאַר זיינע חברים.

דאָס זיינען בלויז א טהייל פון די געשיכטעס וואס ווערען דערצעהלט און וואס ווארפען א ליכט אויף דעם פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער, וואָס עס האָט זיך אנטוויקעלט ביי דעם פאַלשען „משיח" פון דער פריהעסטער יוגענד.

*    *    *    *

יעקב פראנק איז געבוירען געוואָרען אין דעם יאָהר תפ"ו (1726) אין דעם שטעדטעל קאראלעווקא, אין גאליציע. דער פאָטער זיינער האָט געהייסען לייב און איז געווען אן ארענדאַר ביי א פריץ אין דאָרף הוסיאטין. שפּעטער ווערט דער פאָטער א מלמד אין טשערנאָוויץ (פראַנק האָט דערצעהלט, אז זיין פאָטער איז געווען א רב). די משפחה האָט זיך א צייט אויפגעהאַלטען אין סניאַטין און שפּעטער איז יעקב געקומען מיט זיין פאָטער קיין בוקארעסט. ווען ער איז געוואָרען זעלבסטשטענדיג האָט ער זיך באַזעצט אין סמירנא, די שטאָדט אין וועלכער עס איז געבוירען געווארען שבתי צבי.

יעקב פראנק'ס ידיעות אין תלמוד און אין דער רבנישער ליטעראטור זיינען ניט געווען קיין צו גרויסע, ער איז אָבער געווען בקי אין „זוהר" און אין קבלה ספרים.

אין סמירנא האָט פראַנק זיך באַקאַנט מיט א מקובל מיט דעם נאָמען ישכר און יענער האָט אויף איהם געהאַט א ווירקונג, אז ער זאָל זיך אריינלאַזען אין מיסטישע דרכים. ער האָט איהם אויך איינגערעדט, אז ער איז געבוירען געוואָרען צו גרויסע זאכען. אין דער זעלבער צייט זיינען קיין סמירנא אָנגעקומען צוויי אידען פון פּוילען איינער האָט געהייסען מרדכי בן אליהו און דער צווייטער נחמן. זיי זיינען שטאַרק באַגייסטערט געוואָרען פון פראַנק'ן און זיי האָבען באַלד אָנגעפאַנגען דערצעהלען, אז משיח האָט זיך באַוויזען און ער געפינט זיך אין סמירנא.

אין יאָהר 1752 איז פראנק געקומען קיין ניקאָפּאָל, ביים דאנוי און געהייראַט זיין פרוי חנה, וועמען ער האָט איבערגעלאזט ביי איהר פאָטער און ער איז אין דער באַגלייטונג פון זיינע אנהענגער אָבגעפאהרען קיין סאַלאָניקי, וואו עס האָבען זיך געפונען די אנהענגער פון שבתי צבי, וועלכע האָבען געלעבט אבגעזונדערט פון אידען און טערקען און זיך אויפגעפיהרט לויט דער תורה פון שבתי צבי.

אין סאַלאָניקי האָט זיך צו איהם אַנטפּלעקט דער „רוח הקדש" און ווי ער דערצעהלט אליין:

— א שטימע האָט צו מיר גערופען: „באַרענג אריין דעם חכם יעקב אין די צימערען און זאָלסט פאר איהם עפענען אלע טיהרען און פענסטער." א ווינד האָט מיר דאן געטראגען און ביי מיין רעכטער זייט און מיין לינ־קער זייט האָבען מיר באגלייט צוויי שעהנע מיידלעך. אין די צימערען האָב איך געזעהן פרויען, אין איינעגע פון די צימערען זיינען געווען פארזאמעלט לעהרער און תלמידים, ווען איך האָב פון זיי געהערט איין ווארט, האָב איך באלד פארשטאנען וואָס זיי ווילען זאגען. אין לעצטען צימער איז געזעסען שבתי צבי אליין און ער האָט צו מיר געזאגט: „ביזטו דער חכם פראנק? איך האָב וועגען דיר געהערט, אז דו ביזט א גבור און מיט א הויכער נשמה, איך בין אויך געגאנגען אויף דעם וועג וואָס דו ווילסט געהן, איך האָב אָבער קיין כח ניט געהאט צו געהן ווייטער. אויב דו ווילסט, שטארק זיך און גאָט וועט דיר העלפען. פיעל אָבות האָבען אויף זיך גענומען די דאָזיגע משא און זיי זיינען געשטרויכעלט געווארען." ער האָט מיר דורך דעם פענסטער געוויזען א טיפען תהום, וואָס איז געווען געגליכען צו דעם שווארצען ים, ביי דער זייט פון תהום איז געווען א הויכער בארג, וועלכער האָט דערגרייכט ביז צו דעם הימעל...

נאָך דער דאָזיגער „זעהונג" האָט פראנק אָנגעפאנגען א קאמף געגען די יורשים פון שבתי צבי, ווייל ער האָט זיך געהאלטען פאר דעם איינציגען, וואָס איז ראוי צו פארנעמען זיין פלאץ. צו דערזעלבער צייט האָט ער אָבער אויך אָנגעפאנגען מבזה זיין אין דער עפענטליכקייט אידישע מנהגים און ארויסגערופען דעם צאָרן פון די אידען און עס איז געקומען אזוי ווייט, אז איינמאל האָבען איהם פרויען באוואָרפען מיט שטיינער. ער האָט דאן באַ־שלאָסען צו פאָרען קיין פוילען.

אין יענער צייט האָט פראנק אויסגעקליבען דעם וועג פון די מקובלים און האָט דערצעהלט צו זיינע תלמידים, אז אלעס וואס ער טהוט איז לויט דעם באפעהל פון גאָט, וואס ווערט איהם איבערגעגעבען דורך אן „אלטען" מאן. אזוי איז ער אויך געווען וועגען זיין רייזע קיין פוילען. זיין פרוי און טאָכטער — חוה — האָט ער איבערגעלאזען אין סמירנא און אין דער באַ־גלייטונג פון זיינע תלמידים איז ער אוועק קיין פוילען.

* * * *

ווען פראנק איז אָנגעקומען קיין פוילען איז ער אויפגענומען געווארען מיט גרויס כבוד פון די מקובלים וואס האָבען זיך דאָרט געפונען און פון דעם המון, פאר וועמען ער האָט באוויזען וואונדער און וועלכער האָט נאָך אלץ געווארט פאר אן אויסלייזער. ניט קוקענדיג וואָס זיין פרוי האָט באדארפט

קומען צו איהם האָט ער זיך ארומגערינגעלט מיט אנדערע פרויען און וועגען איין מיידעל האָט ער געזאגט, אז זי איז אן אייניקעל פון א פוילישען קעניג און זי שטאַמט אָב פון „מלכות בית דוד" און עס וועט פון איהר ארויסקומען משיח.

איינמאָל, כ״ו שבט, תקט״ז, (1756) איז פראנק געקומען קיין לאנצקאראן, לעבען קאמענעץ פאדאָלסק און זיינע אנהענגער האָבען זיך פארזאמעלט אין דער אכסניה פון לייב אהרן׳ס, איינער פון זייער חברה. זיי האָבען פארשלאָסען די טיהרען און די פענסטער און דאָרט „אבגעריכט א סדר." זיי האָבען מיט זיך געהאט די פרוי פון שטאָדטישען רב, וועלכע איז געווען א שעהנע. זיי האָבען זי ארייגעזעצט אין א שטוהל, פארשפרייט א חופה איבער איהר, אָנגעטאָן א כתר פון א ספר תורה אויף איהר קאָפּ און זי אויסגעטאָן נאקעט און אלע האָבען געטאנצט ארום איהר און זי געקושט, ווי מען קושט א מזוזה...

די אידען האָבען אויפגעבראכען די טיהרען און אוועקגעפיהרט די גאנצע חברה צו דעם פריץ אין הויף. דער פריץ האָט ניט געפונען, אז זיי האָבען געטהאָן אזא שלעכטע זאך, ער האָט זיי אָבער געהאלטען ארעסטירט הריי טעג, אויף דעם פארלאנג פון ראש הקהל. אויף דעם דריטען טאג זיינען געקומען מענשען פון טערקיי און זיי האָבען אויסגעווירקט ביי דעם פריץ, אז ער זאָל באפרייען פראנק׳ן.

פראנק האָט דאמאָלס אָנגעפאנגען ארויסטרעטען געגען דעם תלמוד און ווען ער איז געווען אין קאפּיטשינצע, האָט ער ערקלעהרט צו זיינע תלמידים: — „אויב מיר גלויבען אין אמת׳ן גאָט, ווארום זשע זאָלען מיר פארבאהאלטען אונזערע מעשים? לאָמיר זיך אנטפּלעקען פאר דער גאנצער וועלט און ווער עס וויל מקריב זיין זיין גוף, וועט געהן מיט אונז" — דאָס איז געווען אום אסתר תענית, תקט״ז, און פראנק האָט געטיילט צו זיינע תלמידים שנאפּס און פארבייסען.

ווען די רבנים האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם האָבען זיי געשיקט שלוחים, וועלכע האָבען געבראכט פראנק׳ן און זיינע אנהענגער געבונדען אין שטריק און אינגלאך זיינען זיי נאָכגעלאפען אין די גאסען און זיי באוואָרפען מיט שטיינער.

פראנק איז דאן געווען זעקס טעג ארעסטירט אין קאפּיטשינצע און דאן האָט זיך צו איהם ווידער באוויזען דער „רוח הקדש" און ער האָט געזאגט צו זיינע מענשען: „איך און נאָך צוועלף מענשען וועלען אָננעהמען דעם קאטוילישען גלויבען." ער האָט אויך אָנגעפאנגען טראכטען וועגען האָבען א וכוח מיט די רבנים.

אין קאמענעץ פאדאָלסק האָט דאמאָלסט רעגירט איבער אלע קירכליכע אינטערעסען דער בישאָף מיקאָלאי דעמבאָווסקי, א שרעקליכער רעליגיעזער פאנאטיקער, וועלכער האָט אין יאָהר 1750 דורכגעפיהרט א געזעץ, ארויסצו־טרייבען אלע אידען פון קאמענעץ אין משך פון 24 שעה. דער בישאָף האָט זיך פאראינטערעסירט אין דעם קאמף פון די אידען מיט די פראנקיסטען און האָט געהייסען דורכפיהרען אן אויספארשונג.

דערווייל האָבען די רבנים אין פארשידענע שטעדט אָנגעפאנגען אויס־פרעגען די אנהענגער פון פראנק און א טהייל פון זיי האָבען זיך מודה געווען אין זייערע זינד, אז זיי האָבען עובר געווען אויף תורת משה און אז זיי האָבען צושטערט די געזעצען פון מאָראל און פאר אלע זייערע אויפפיהרונגען האָבען זיי געבראכט ראיות פון „זוהר" און קבלה ספרים. נאָך די דאָזיגע פארהערען האָבען די רבנים פון אייניגע שטעדט ארויסגעגעבען א חרם אויף די פראנ־קיסטען און כ' סיון, תקט"ז (1756), האָט זיך אין בראָד פארזאמעלט דער „ועד ארבע ארצות", צוזאמען מיט רבנים פון רוסלאנד, אויך די רבנים פון די גרויסע קהלות אין פוילען און אונטער דער אָנפיהרערשאפט פון ר' חיים כהן ראפּאָפּאָרט, דער לעמבערגער רב, איז ארויסגערופען געוואָרען דער גרויסער חרם, וואָס פאנגט זיך אָן מיט די ווערטער:

— לקול המולה, קול ענות ויללה, קול שועת בני עמנו, לקול צללו שפתנו, תסמר שערת ראשינו, נמס לבבינו, ועששה מכעס עינינו, נשא קינה על ימינו, ונהי על לילותינו, מקול מחצצים, פטורי ציצים, דרדרים וקוצים, רמשים ושקצים, עדת כלבים, בני שובבים, אשר פשטו ידיהם בעיקר, לסעף פארות הדת ולעקור, פשתה בהם צרעת ממארת, שאת ובהרת, ותהי בהם לנגע צרעת במוחם, והמינות זרחה במצחם. הן הנה היו לבני ישראל, בקום עלינו אדם משרש נחש, שבתי צבי ימח שמו ונמח זכרו...

אין אזא סטיל געהט ווייטער אָן דער נוסח פון חרם און נאָכדעם ווי עס ווערט ערקלעהרט, אז אלע שרוכים וואָס מען האָט געטהאָן מיט די פראנ־קיסטען זיינען בטל, ווערט געזאגט:

— אז זיי זאָלען זיין אָבגעטהיילט און אָבגעזונדערט פון דער אידישער עדה, מיר האָבען ארויסגערופען אויף זייערע פרויען אז זיי זיינען ארויסגעלאסענע פרויען, אז זייערע זיהן און טעכטער זיינען פאָלשטענדיגע ממזרים, אום זיי זאָלען זיך ניט מישען צווי־שען אונז, אפילו זייער צעהנטער דור זאָל ניט קומען אין אונזער

קהלה, זייער ברויט איז גויאיש ברויט און זייער שחיטה איז אומ־ווירדיג...

נאָכדעם קומט די גזרה פון די רבנים, אז קיין איד זאָל ניט לייענען די כתבים פון דעם אר״י, איידער ער וועט אלט זיין פערציג יאָהר, און דעם „זוהר״, דעם ספר „שומר אמונים״ און די ספרים פון ר׳ משה קורדובירו, זאָל מען ניט לייענען פאר דעם עלטער פון דרייסיג. מען טאָר אויך ניט אריינקוקען אין די דאָזיגע ספרים אין א כתב יד, נאָר ווען זיי זיינען גדרוקט. אפילו אין עלטער פון פערציג זאָל אין זיי אריינקוקען בלויז דער, וואָס איז בקי אין ש״ס און פוסקים.

צום סוף קומט א פסק, אז אויף וועמען עס איז געפאלען א חשד, אז ער איז פארבונדען מיט די פראַנקיסטען, זאָל ער ניט זיין קיין רב, קיין שוחט און קיין סופר, ביז וואנען מען וועט זיך דערוויסען, אז ער האָט תשובה געטאָן מיט דעם גאַנצען הארץ.

אויף דעם דאָזיגען חרם זיינען געווען אונטערגעשריבען די רבנים:

1) ר׳ חיים הכהן ראפּפּאָרט, פון לעמבערג; 2) ר׳ יצחק הלוי איש הורוויץ, פון גלאגוי; 3) ר׳ צבי הירש פינטשאווער, פון זבארזש; 4) ר׳ שאול בר׳ שמואל, פון פשעדבארז; 5) ר׳ יוסף לאנדא, פון אפטא; 6) ר׳ מנחם מאנים, פון לעמבערג און זמיגראד; 7) ר׳ יעקב בר׳ משה חריף, פון גליל פאָדאָליע; 8) ר׳ יעקב סג״ל לאנדא, פון טארנאפּאָל; 9) ר׳ נתן נטע, פון בראָד; 10) ר׳ בצריש בר׳ יהושע, פון טשעכאנאָוו; 11) ר׳ אריה ליב בר׳ יהושע, פון סאקאל; 12) ר׳ אברהם הלוי, פון קראקא; 13) ר׳ נפתלי הירץ, פון קאָוועל און 14) ר׳ שמחה, פון לענטשנא.

דער חרם איז אָבגעדרוקט געוואָרען אונטער דעם נאָמען „הרב פּיפיות״ און איז צושיקט געוואָרען צו די אידישע קהלות, וואו ער האָט געמאכט א טיפען רשם. די אידען האָבען פארגעסען, אז דער בישאָף פיהרט נאָך אָן אן אויספאָרשונג וועגען דעם ענין און זיי האָבען אָנגעפאנגען רודף׳ן די פראנ־קיסטען מיט אלע מעגליכע רדיפות. מען האָט זיי פארטריבען פון זייערע היימען און פון זייערע געשעפטען און מען האָט זיי ניט געלאָזט לעבען צווישען אידען.

די פראַנקיסטען האָבען דעמאָלס אָנגעפאנגען זוכען שוץ פון דעם בישאָף דעמבאָווסקי. זיי האָבען איהם דאמאָלס צוגעשטעלט אן ערקלערונג וועגען די עיקרים פון זייער גלויבען און פון איהם געפאדערט, אז ער זאָל זעהן, אז דער וכוח זאָל פארקומען וואס שנעלער. דער בישאָף, וועלכער איז געווען אין כעס אויף די רבנים, וואָס זיי האָבען זיך גענומען דאָס רעכט ארויסצוגעבען

א חרם און איגנאָרירט זיין אויפפאָדערונג צו א וכוח, האָט יעצט געהאַלטען מיט די פראַנקיסטען. די רבנים האָבען געזוכט אויסצומיידען דעם וכוח, באַהויפטענדיג, אז זינט אידען וואוינען אין פוילען האָט זיי קיינער ניט געצוואונגען צו אזעלכע דיסקוסיעס. דער כח פון בישאָף איז אָבער געווען גרויס און ער האָט אויף זיי ארויפגעצוואונגען דעם וכוח, וועלכער איז פארגעקומען אין קאַמענעץ, ב׳ תמוז, תקי״ז (1757).

די פראנקיסטען האָבען אָנגעוויזען אויף די פאָלגענדע עיקרים פון זייער גלויבען:

1) מיר גלויבען אלסדינג, וואָס דער אויבערשטער האָט אָנגעזאָגט אין דעם „אלטען טעסטאמענט" (תנ״ך).
2) א מענש קען ניט פארשטעהן די ווערטער פון גאָט׳ס תורה מיט דעם פּשוט׳ן שכל, אָהן דער הילף פון דעם אויבערשטען.
3) דער תלמוד איז פול מיט באליידיגונגען געגען גאָט, און מען דארף איהם דערפאר ארויסוואַרפען — אזוי ווילען מיר טהאָן.
4) גאָט איז איינער און ער האָט באשאַפען די גאנצע וועלט.
5) גאָט באשטעהט אָבער פון דריי געשטאלטען, וואָס קענען אין דער נאטור ניט צוטהיילט ווערען.
6) גאָט קען זיך אמאָל אָנטאָן די צורה פון א מענש און אָבגעבען זיך מיט אלע מענשליכע תאוות, אויסער דעם יצר הרע.
7) די שטאָדט ירושלים וועט שוין מעהר קיינמאָל ניט אויפגעבויט ווערען.
8) דער משיח וואָס ווערט דערמאָנט אין תנ״ך, וועט שוין מעהר קיינמאָל ניט קומען.
9) גאָט אליין וועט אָבווישען די זינד פון אדם הראשון, וועמעס שמוץ עס קלעפּט נאָך אויף אונז און אונזער משיח וועט זיין גאָט אליין אין דעם געשטאלט פון א מענש.

די פראנקיסטען האָבען אויך גע׳טענה׳ט, אז די אידען האָבען זיי פארטריבען פון די שוהלען, האָבען ביי זיי צוגענומען פרנסה און לאזען זיי ניט רוהיג לעבען.

די רבנים האָבען אין זייערע ענטפערס פארטהיידיגט דעם תלמוד און די פראגע פון „דריי איינינקייט" האָבען זיי זיך אינגאנצען אנטזאגט צו דיסקוטירען. דער וכוח האָט אָנגעהאלטען אכט טעג און דער בישאָף דעמבאָוסקי, וועלכער איז אין דער צווישען צייט דערהויבען געווארען אלס ערצבי־

שאַף און געקראָגען מעהר מאכט, האָט אָבגעלייגט דעם פּסק דין פאר דעם 14טען אקטאבער, 1757. ער האָט צושיקט בריעף צו אלע רבנים, אז זיי זאָלען דעם טאָג קומען הערען דעם פּסק און בריינגען מיט זיך גמרות. די רבנים האָבען ניט געפאָלגט דעם באפעהל און ניט געקומען אין דעם באשטימטען טאָג. דער משפט איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף דריי טעג און דאן זיינען געקומען עטליכע און צוואנציג רבנים.

דער פּסק דין האָט געלויטעט, אז צוליב דעם וואָס דער תלמוד באליידיגט די קריסטליכע רעליגיע דארף ער עפענטליך פארברענט ווערען. עס זיינען אויך ארויסגעלעגט געוואָרען קערפּערליכע און געלד שטראָפען אויף די אידען וואָס האָבען גע׳רודפ׳ט די פראנקיסטען און אויף די אידישע פיהרער, וואָס האָבען געזוכט צו שטערען דעם וכוח.

נאָך דעם ראָזינען פּסק דין האָבען די פראנקיסטען געדאנקט דעם בישאָף און זיך ערקלערט גרייט אָנצונעמען דאָס קריסטענטום.

דער שטאָדטישער געריכט פון קאַמענעץ פּאדאָלסק, וועלכער האָט באַדארפט דורכפיהרען דעם אורטהייל, האָט באשלאָסען בלויז צו פארברענגען דעם תלמוד און ניט דורכפיהרען די אנדערע באשלוסען. די פראנקיסטען האָבען זיך באַלד געלאָזט איבער די אידישע הייזער און האָבען צוזאַמענגע־קליבען די גמרות און אין יענעם טאָג זיינען אין מארק פון קאַמענעץ פּאדאָלסק פארברענט געוואָרען טויזענד גמרות. עס זיינען אויך פארברענט געוואָרען גמרות אין בראָד, לעמבערג און אנדערע שטעדט — און צווישען אידען האָט געהערשט גרויס טרויער.

די פראנקיסטען האָבען אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זיי האָבען אָנגעפאנגען זיך באַקלאָגען פאר דעמבאָווסקי׳ן, אז די אידען האָבען ביי זיי צוגענומען די פרויען און דער לעצטער האָט געגעבען א באַפעהל, אז די פרויען זאָלען זיך אומקעהרען צו זייערע מענער. פיעל פון די פרויען האָבען געטרויערט און אנדערע זיינען בעסער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, איידער זיך אומצוקעהרען אין דעם נעסט פון פארדאָרבענהייט.

דריי וואָכען האָט דעמבאָווסקי און די גלחים צוזאַמען מיט די פראנקיס־טען, געפייערט זייער זיעג איבער דעם תלמוד און נאָכדעם ווען דעמבאָווסקי האָט געזאָלט אָבפאָהרען קיין לעמבערג איבערצונעמען דעם אמט פון ערצבי־שאָף, איז ער פּלוצלונג קראנק געוואָרען און אין דריי טעג ארום איז ער שוין מעהר ניט געווען צווישען די לעבעדיגע.

זיין טויט האָט ארויסגערופען גרויס טרויער צווישען די פראנקיסטען און פרייד ביי די אידען, וועלכע האָבען יעצט געקראָגען א מעגליכקייט צו רודפ׳ן

די דאָזיגע סעקטע. עס האָט ניט גענומען לאַנג און די פראַנקיסטען האָבען זיך אָנגעפאַנגען צולויפען פון פוילען און געזוכט שוץ אין טערקיי. אָבער אויך דאָרט האָבען די טערקען זיי ניט געלאָזט לעבען רוהיג און זייער לאַגע איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער.

* * * *

אין דער צייט פון דעם טומעל האָט זיך פראַנק געפונען אין טערקיי און האָט זיך ווענינ געקימערט וואָס עס קומט פאָר מיט זיינע פאַרעהרער אין פוילען. ווען ער האָט דערפיהלט, אז עס ווערט איהם ענג און אז די אידען פון טערקיי, וואָס האָבען געהאַט חשיבות ביים סולטאַן, זוכען איהם שלעכטס צו טהאָן, האָט ער פלוצלונג אָנגענומען דעם מחמד'אנישען גלויבען. צוזאַמען מיט איהם האָבען זיך אויך גע'שמד'ט זיינע מענשען און ווען עס זיינען צו איהם שפּעטער אָנגעקומען אידען פון פוילען, האָט ער זיי אויך אוועקגעפיהרט צו דעם מופטי און זיי האָבען אָנגענומען זיין נייעם גלויבען.

דער קאַמף צווישען די אידען און פראַנקיסטען אין פוילען איז דערווייל אָנגעגאַנגען און די לעצטע האָבען יעצט בלויז געזוכט א מיטעל צו קענען עקזיסטירען. זיי האָבען צוליב דעם געלאָזט וויסען, אז זיי זיינען גרייט אנצונעמען דאָס קריסטענטום און הערפאַר געקראָגען אן ערלויבניש צו וואוינען אין פוילען. פראַנק איז דאַמאָלס אויך צוריקגעקומען קיין פוילען (אין אויגוסט, 1758) און מען האָט ווידער אָנגעפאַנגען פּלאַנעווען א וכוח מיט אידען. דעם מאָל האָט שוין פראַנק גערעדט וועגען דעם, אז אידען באַנוצען בלוט, גלויבענדיג, אז אויף אזא אופן וועט ער געפינען חן אין די אויגען פון די פוילישע הערשער.

כד' שבט, תקי"ט (1759) האָט פראַנק אָבגעשיקט זעקס מענשען צו דעם נייעם ערצבישאָף לוביענסקי, קיין לעמבערג. זיי האָבען מיט זיך געפיהרט א בריעף, אין וועלכען זיי האָבען אָנגעוויזען אויף זייער שווערער לאַגע און איבערגעגעבען זייער ווילען אָנצונעמען דעם קריסטליכען גלויבען און פיהרען א קאַמף געגען די אידען און דעם תלמוד. זיי האָבען אויך דערמאָנט וועגען דעם, אז אידען נוצען בלוט.

לוביענסקי האָט ניט געשענקט פיעל אויפמערקזאַמקייט דעם דאָזיגען בריעף. זיי האָבען זיך דאַן געווענדעט צו דעם קעניג לודוויג דער דריטער און נאָך אמאָל צו לוביענסקי'ן און געלאָזט וויסען, אז זיי זיינען גרייט זיך צו שמד'ן און אז זיי בעטען מען זאָל זיי געבען א שטיק לאַנד און מען זאָל זיי באַזעצען אין פלעצער, וואו זיי זאָלען זיין אונטער דעם קעניג'ס פּערזענליכער הערשאַפט. דער קעניג האָט זיי גאָרניט געענטפערט און דער ערצבישאָף

האָט זיי געלאָזט וויסען, אז פאר זייער מאטעריעלער לאגע קען ער גאָרניט טהאָן און זייער גייסטיגע לאגע איז אָנגעווענדעט אין אָננעמען דאָס קריס־טענטום.

דערווייל איז לוביענסקי אוועק פון לעמבערג און זיין פּלאַץ איז פארנומען געוואָרען פון בישאָף גלאַווינסקי, וועלער איז געווען מעהר פריינדליך צו די פראנקיסטען. ער האָט אויך ליעב געהאט ארייננצובריינגען גרים אונטער די פליגעל פון זיין גלויבען. די פראנקיסטען האָבען זיך אויך צו איהם געווענדעט אז זיי זיינען גרייט זיך שמד'ן, זיי ווילען אָבער פריהער האָבען א דעבאַטע מיט די אידען, אום זיי צו איבערצייגען, אז זיי דארפען זיך אויך שמד'ן. אין דעם וכוח האָבען זיי געוואָלט באווייזען, אז —

1) אלע נבואות וועגען משיח זיינען שוין לאנג מקוים געווארען; 2) משיח איז געקומען אין דעם געשטאַלט פון א מענש אָבצוקומען די זינד פון די מענ־שען; 3) זינט משיח איז געקומען זיינען בטל געווארען די קרבנות און אלע אנדערע מצוות; 4) יעדער מענש איז מחויב צו גלויבען, אז דער „אותו האיש" איז געווען משיח; 5) צוליב דעם דאָזיגען גלויבען מוז יעדער איד זיך שמד'ן; 6) דער תלמוד הייסט נוצען קריסטליך בלוט און ווער עס גלויבט אין תלמוד איז דארום א בלוט עסער.

דעם מאָל האָט זיך איינגעגעבען די פראנקיסטען אויסצואווירקען דעם וכוח, וועלכער איז באשטימט געוואָרען פאר דעם 17טען יולי, 1759. א באַ־פעהל איז ארויסגעגעבען געווארען צו די רבנים, אז זיי זאָלען אין דעם טאג קומען צו דעם וכוח און ווער עס וועט ניט קומען וועט באצאָהלען טויזענד טאָלער שטראָף.

פערציג רבנים האָבען זיך פארזאמעלט קיין לעמבערג און זיי האָבען פון זיך ערוועהלט דריי צו פארטרעטען זיי אין דעם וכוח: ר' חיים הכהן ראפּ־פּאָרט, דער רב פון לעמבערג, ר' יצחק דובער מרגליות, דער רב פון יאסלאָ־וויטש און ר' ישראל בעל שם פון מעזביטש, וועלכער איז שוין דאן געווען אין זיין גאנצער גרויסקייט און האָט געקאָנט פוילישׁ. (אין אנדערע מקורות ווערט אָנגעגעבען אז די רבנים זיינען געווען פארטראטען דורך ר' חיים הכהן ראפּפּאָרט, הרב ר' נטע פון באהאראדשאני און הרב ר' דוד סטאניסלאווער).

דער וכוח האָט זיך פארצויגען עטליכע וואכען, ביז צו דעם 10טען סעפּ־טעמבער. די פראנקיסטען האָבען באזונדערס געוואלט באווייזען, אז די אידען נוצען בלוט, וואָס עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען. פיעל צייט האָט אויך פארנומען די פראגע וועגען דעם קומען פון משיח. די רבנים האָבען אויס־געמידען אָנצוריהרען דעם קריסטליכען גלויבען און זיי האָבען זיך באגרענעצט

אין פארטהיידיגען דעם תלמוד און אָבוואַרפען די מיאוסע בלבולים.

פראַנק אליין איז אָנגעקומען קיין לעמבערג אין די לעצטע טעג פון וכוח און צוגעגעבען מוט צו זיינע פארטרעטער. ער האָט אויך געהאלטען רעדעס אין די קירכען און האָט געהעצט געגען אידען, אויף וועמען זיין באזוך האָט אָנגעוואָרפען א שרעק.

ווער עס האָט געזיעגט אין דעם וכוח איז ניט קלאָהר. אין אידישע מקורות ווערט אָנגעגעבען, אז די רבנים האָבען געזיעגט און די פראַנקיסטען האָבען זיך באריהמט, אז זיי האָבען באזיעגט. אין דעם פונקט פון עלילת דם איז זיכער, אז די פראַנקיסטען האָבען פארלאָרען דעם וכוח, הגם דאָס האָט ניט געשטערט, אז עס זאָלען באַלד פאָרקומען בלוט בלבולים אין עטליכע שטעדט און פיעל אידען זיינען אומגעקומען אומשולדיג.

ביים סוף פון דעם וכוח האָט צווישען פראַנק׳ס אנהענגער, וועלכע האָבען זיך געפונען אין לעמבערג אין גרויסע מאַסען, אויסגעבראָכען א מגפה און עס זיינען פון זיי פיעל אויסגעשטאָרבען. פאר דעם טויט האָט פראַנק זיי אָבגע׳שמד׳ט. נאָך דעם וכוח האָבען זיך גע׳שמד׳ט מעהרערע פראַנקיסטען, ער אליין האָט אָבער אבגעלייגט זיין שמד, ווייל ער האָט דאָס געוואלט דורכפיהרען אין דער עפענטליכקייט, אום עס זאָל איבערלאָזען א רשם.

די אידען זיינען געווען צופרידען דערפון וואס די פראַנקיסטען האָבען זיך אָנגעפאנגען אויס׳שמד׳ן. זיי האָבען זיך געפרעהט דערמיט וואס זיי ווערען סוף כל סוף פטור פון דעם פארפוילטען אבר. דער איינציגער וואָס האָט ארויסגעוויזען אומצופרידענהייט איז געווען ר׳ ישראל בעל שם טוב, וועלכער האָט געזאגט: — כל זמן דער אבר איז באהעפטעט מיט דעם גוף איז נאָך פאראַן א האָפנונג, אז ער וועט האָבען א רפואה, ווען מען שניידט אָבער אוועק דעם אבר קען ער שוין קיינמאָל ניט האָבען קיין תקנה און יעדער איד איז אן אבר פון דער שכינה.

* * * *

אין חדש חשון ת״ך איז פראַנק געקומען קיין ווארשא און פינף טעג אין כסליו האָט ער אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען און דער קעניג אליין איז געווען זיין טויף פאָטער. זיין פרוי און זיין טאָכטער חוה האָבען זיך אויך גע׳שמד׳ט און מיט זיי מעהר ווי טויזענד פון זייערע אנהיינגער. די צייטונגען האָבען פארשפרייט די נייעס פון די צערעמאָניעס, וואס זיינען דורכגעפיהרט געווארען מיט גרויס פייערונג לויט פראַנק׳ס פארלאַנג און מיט דער הילף פון די גלחים.

אָבער אויך נאָך זיין שמד האָט פראַנק ניט אויפגעגעבען זיינע אויפפיה-

רונגען. ער האָט דאן אויך גערעדט צו זיינע אנהענגער משונה'דיגע זאכען און האָט זיי פארשפּראָכען, אז ער „וועט זיי ווייזען גאָט, ווייל איך האָב דעם כח און די מעגליכקייט דערצו, מיך האָט דער אויבערשטער צו דעם אויסגע־קליבען און פון דעם הימעל האָט מען מיר צו וויסען געגעבען וואָס צו טהאָן. דאחפּט איהר דערפאר טהאָן אלסדינג וואָס איך הייס, ווייל וועך עס וועט דאָס טהאָן, וועט זוכה זיין צו אזא שכר, צו וועלכען אייערע עלטערען און אור־עלטערען האָבען ניט זוכה געווען.״

אויך די ווילדע סצענעס און „סדרים״, ביי וועלכע מען האָט געגעבען פולע פרייהייט צו די נידעריגסטע תאוות זיינען איבערגע'חזר'ט געוואָרען. דער באגריף „יונגפרוי״ וואָס פראַנק האָט זיך מיט איהם אלעמאל באנוצט אין זיין „תורה״ איז אָבער יעצט אויסגעטייטשט געוואָרען גאנץ קלאָהרער.

פראַנק האָט פון די ערשטע צייטען אָן ווען ער האָט זיך „באוויזען״ אלס פיהרער גערעדט זעהר פיעל פון דער „יונגפרוי.״ דאָס ווארט „מטרוניתא״ וואָס ווערט דערמאָנט עטליכע מאָל אין „זוהר״, האָט ביי איהם אָנגענומען א גאנץ איינפאכען באגריף און ער פלעגט זאָגען צו זיינע אנהענגער, אז „דער אידישער אומגליק באשטעהט אין דעם וואָס זיי גלויבען אז משיח וועט זיין א מאן און ניט קיין פרוי.״ ער האָט זיי אויך געלערענט, ווי אזוי זיך אויפצו־פיהרען, ווען זיי וועלען „זוכה״ זיין צו זעהן די דאָזיגע „יונגפרוי״, ווען זי וועט קומען אויסלייזען.

אייניגע פון זיינע ווערטער אין דעם דאָזיגען ענין זיינען געווען:

„די אויסלייזונג פון מצרים איז ניט געווען פאָלקאָם, ווייל זי איז גע־קומען דורך א מאן״; „איהר האָט געדיינקט, אז משיח וועט זיין א מאן, דאָס וועט קיינמאל ניט זיין, ווייל דער עיקר איז א יונגע פרוי, זי וועט זיין אן אמת'ער משיח״; מען טאָר ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון דער שכינה, נאָר דעם נאָמען פון דער „יונגפרוי״ און א. וו.

יעצט אין זיין נייעם גלויבען, האָט ער מיט דער „יונגפרוי״ אָנגעדייטעט אויף דער, וועלכע האָט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין זיין נייער אמונה, ער האָט אָבער אויך אָנגעדייטעט אויף זיין טאכטער, וועלכע האָט געהאַלטען אין וואַקסען און ווענען ער האָט צוגעגרייט איבערצוגעבען זיין „טהראָן.״

די דאָזיגע אויפפיהרונג און די דאָזיגע ווערטער האָבען ארויסגערופען א חשד ביי די גלחים און זיי האָבען איהם אָנגעפאנגען נאָכשפּיאָנירען. זיי האָבען דאן איינגעזעהן, אז ער שפּיעלט די ראָלע פון א פיהרער ביי זיינע מענשען און זיי האָבען מורא געהאט, אז ער וועט שאפען א באזונדער קריסט־ליכע סעקטען. זיי האָבען אויך אויסגעפונען, אז ער האָט אייגענע תפלות

און אז ער האָט געזאָגט זײַנע מענשען, אז „אַלע חילות וואָס געפינען זיך אין וואַרשע, קענען ניט האָבען קיין שליטה אויף זײַנע מענשען", און ער וועט זיי נאָך ווייזען „נסים ונפלאות."

עס האָט גענומען בלויז צוויי מאָנאַטען פון דעם טאָג, וואָס פראַנק האָט אָנגענומען זײַן נײַעם גלויבען און ער איז שוין גענומען געוואָרען אויף א פאַרהער פון דער קירכע. אויף די פראַגעז וואָס זײַנען איהם געשטעלט געוואָרען, האָט ער ניט געקאָנט געבען קיין קלאָהרע ענטפערס און ער איז געהאַלטען געוואָרען אין דער קירכליכער תפיסה, ביז וואַנען עס איז באַשלאָסען געוואָרען איהם אָפּצושיקען אין דער קלויסטער פעסטונג אין טשענסטעכאָוו. פיעל פון זײַנע אנהייננגער זײַנען אויך ארעסטירט געוואָרען און פאַרשיקט געוואָרען אויף שווערע אַרבייט. אַנדערע זײַנען געבליבען אַזוי אָרים, אז זיי האָבען געמוזט שטעהן לעבען די קלויסטערס און בעטען נדבות און די קריסטען האָבען פון זיי געמאַכט חוזק — אַזוי זײַנען זיי געווען פאַרשטויסען פון אידען און פון קריסטען.

דאָך האָבען די אנהענגער פון פראַנק'ן ניט פאַרלאָרען זייער אמונה אין איהם. אדרבא, זײַנע לײַדען זײַנען פאַר זיי געווען א באַווייז, אז ער איז א „הייליגער." די פאַרשידענע שבתי צבי'ניקעס וועלכע האָבען זיך נאָך געפונען צווישען אידען און האָבען מורא געהאַט צו ווייזען זיך אין דער עפענטליכקייט, האָבען שטילערהייד געגלויבט אין פראַנק'ן, וועמעס גורל עס איז געווען עהנליך צו דעם גורל פון שבתי צבי. די פעסטונג אין וועלכער ער איז געווען אײַנגעשלאָסען האָבען זיי גערופען „שער רומי", דער טויער פון רוים.

פונקט ווי שבתי צבי'ן, האָט זיך אויך פראַנק'ן ניט געלעבט שלעכט אין תפיסה. ער האָט געהאַט פיעל פרייהייטען און זײַנע אנהענגער זײַנען צו איהם געקומען און ער האָט אפילו דאָרט געפּראַוועט זײַנע ווילדע אָרגיעס. מיט איהם איז אויך געווען זײַן פרוי, וועלכע האָט איהם דאָרט געבוירען צוויי זיהן. ער האָט דאָרט גע'דרש'ענט פאַר זײַן חבריא, אז מען דאַרף זיך אויסמישען מיט די פרויען — און זיי האָבען איהם געפאָלגט. ער האָט זיי אויך געגעבען האָפנונג, אז עס איז ניט ווייט דער טאָג פון זײַן באַפרייאונג, ווען ער וועט מיט דער הילף פון דער „יונגפרוי", באַווייזען די גרויסע נסים.

מיט די דאָזיגע אַלע פרייהייטען האָט אָבער פראַנק געזוכט א וועג, ווי אַזוי ער זאָל קענען ארויסקומען פון דער תפיסה. ער האָט דאַן אמאָל געזאָגט צו זײַנע מענשען: „א טאָג פון נקמה איז באַהאַלטען אין מײַן האַרץ... איהר דאַרפט זײַן געוואָרענט צו האַלטען דאָס מויל געשלאָסען און גאָרניט רעדען,

ווייל ערשט דאן וועל איך קענען נעמען נקמה פאר מיינע שרעקליכע יסורים און פאר דעם אומשולדיג פארגאָסענעם בלוט.״

* * * *

צו יענער צייט האָט רוסלאנד זיך געמישט אין די אינערליכע פוילישע אנגעלעגענהייטען און פראנק׳ן איז איינגעפאלען א געדאנק, אז דורך דער הילף פון רוסלאנד, קען ער צוריקקריגען זיין פרייהייט. דעם 16טען יוני, 1765, האָט ער געשיקט שלוחים קיין רוסלאנד, זיי זאָלען דאָרט פיהרען פאר־האנדלונגען מיט די גלחים — און פאר זיין פרייהייט, איז ער ווידער געווען גרייט צ׳ בייטען זיין גלויבען. די שלוחים האָבען ניט געבראכט קיין פרעה־ליכע נייעס, דאָך האָט פראנק ניט אויפגעגעבען זיין האָפנונג, אז פון רוסלאנד (צפון) וועט קומען זיין הילף און ער האָט זיך געגרייט אנצונעמען די פראַ־וואָסלאַוונע אמונה. ער האָט דאן געזאגט צו זיינע תלמידים: — ווען מענשען בייטען זייער אמונה איז דאָס גלייך ווי מען גיסט איבער אויל פון איין כלי אין דער צווייטער. ווען איך בין אוועקגעגאנגען פון אמונת ישמעאל, האָב איך דערמיט זיך ניט אויסבאהאלטען און ניט געלייקענט מיין פריהעריגע אמונה, דאָסזעלבע וואָלט אויך געווען, ווען איך זאָל צ׳ריק דארפען קומען צו דעם דאָזיגען גלויבען. ס׳איז מעגליך, אז איך וועל דארפען אריבערגעהן מיט אייך צו דער אמונה פון רוסלאנד, ווייל רוסלאנד וועט פאר אונז עפענען די טויערען פון דער תפיסה.

דאָס פוילישע פאָלק איז מיעד געוואָרען פון דער רוסישער הערשאפט. רעוואָלטירענדע שטימען האָבען זיך דערהערט פון אלע זייטען און אין יאָהר 1768 האָט מען אָנגעפאנגען זיך גרייטען צו דעם א׳יפשטאנד. לעבען קראקא איז אוועקגעשטעלט געוואָרען אן ארמעע. אין דער זעלבער צייט איז או־קראינא ווידער פארפלייצט געוואָרען פון אידיש בלוט, וואָס איז פארגאָסען געוואָרען דורך גאָנטא׳ן. פראנק האָט געפיהלט, אז ער האָט יעצט א געלע־גענהייט צו ו׳ענדען זיך צו די אידען, וועלכע זיינען געשטאנען פאר גרויסע סכנות.

ער האָט דאן ארויסגעלאזט א רוף צו די אידען, אז זיי זאָלען אָננעמען דעם „דת אדום״, ער האָט אין דעם רוף געשריבען, אז „ער באפעהלט צו גוזר תענית זיין און צו וויינען ה׳עגען קראקא און איהר אומגעגענד, ווייל א גרוים פייער ברענט און די שטאָדט וועט צוליב איהרע גרויסע זינד, פארניכטעט ווערען דורך הונגער און מגפות. איהרע מתים ווע־לען ליגען אין די גאסען און הינט וועלען טרינקען זייער בלוט. א פאָלק וועט קומען פון אדום, איין מלוכה וועט קעמפען געגען דער צווייטער,

די פעלקער וועלע זיך רייניגען און די זינדיגע וועלען פארשווינדען. די זינדיגע ווילען דאָס אָבער ניט פארשטעהן און נאָר פארשטענדיגע מענשען ווייסען, אז די קינדער פון אברהם יצחק ויעקב וועלען מוזען אָננעמען א נייעם גלויבען כדי צו ראטעווען זייער לעבען און עס וועלען אין זיי מקוים ווערען אלע נבואות.״

פראנק האָט אויך געווארענט די אידען געגען די צרות וואָס עס וועלען אויף זיי אָנקומען און ער האָט געשיקט שלוחים אין פארשידענע געגענדען, וואו אידען האָבען זיך געפונען צו בעאיינפלוסען זיי, אז זיי זאָלען אָננעמען דעם ,,דת אדום.״ פראנק האָט געגלויבט, אז דורך דעם וועט ער נושא חן זיין ביי רוסלאנד און דאָס וועט דערנעהענטערען זיין באפרייאונג. זיינע שלוחים האָבען אבער פיעל ניט איפגעטאן און די אידען האָבען זיך ווייניג וואָס צוגעהערט צו זייערע רייד.

די אלע איבערקעהרענישען וואָס זיינען פארגעקומען אין פוילען האָבען אָבער ניט געהאט קיין ווירקונג אויף דעם אינערליכען לעבען פון די פראנקיסטען. אין דער פעסטונג פון טשענסטאָכאָוו האָט פראנק געפראו׳עט זיינע ,,סדרים״ און יעצט, ווען זיין טאָכטער חוה איז אונטערגעוואקסען, האָט ער אָנגעפאנגען לערנען זיינע אנהענגער, אז ,,זי איז די ,,מטרוניתא״, צו וועמען אלע דארפען דינען ווי צו א ,,בת מלכה״. . . ,,ווען מען געהט צו נאָהענט צו איהר, דארף מען שטעהן מיט אן אָנגעבויגענעם קאָפּ און ניט פיהלען קיין עצבות, דאן וועט זי א קוק טאָן און מען וועט דערפיהלען, אז מען וויל דינען גאָט״. . . ,,ווער עס וועט זוכה זיין זי צ׳ זעהן אינגאנצען, אין איהר פולער שעהנהייט, דער איז זיכער מיט ,,עולם הבא״, ווייל זי אליין איז די אמת׳ע ,,עולם הבא״. . .

פראנק האָט אויך דערצעהלט, אז ,,ווען גאָט וועט איהם העלפען, וועט ער קויפען א שעהנע הויז מיט שעהנע כלים און ער וועט פאר זיין טאָכטער איינאָרדענען באזונדערע צימערען און וועט איהר אָנטאָן ,,בגדי מלכות.״ ער וועט קיינעם צו איהר ניט צולאָזען און וועט מיט איהר טאָג און נאכט לערנען די גרויסקייט פון אונזער אמינה, ווייל ער וויל זי דערהויבען צו א הויכער מדרגה.״

אויך וועגען זיך אליין האָט פראנק געזאָגט, אז ,,ער וועט לעבען אייביג און אז ער וועט נאָך דערגרייכען צו אזא מדרגה, וואָס קיין מענש פאר איהם האָט ניט דערגרייכט.״ זיינע אנהענגער האָבען צוגעהערט די תורה און האָבען געגלויבט.

ו׳ען פראנק׳ס פרוי איז געשטאָרבען אין דעם יאָהר 1770, האָט ער גע־

זוכט טרייסט ביי אנדערע פרויען און ווען זיינע אנהעגנער האָבען געטרויערט אויף איהר טויט, האָט ער זיי געשטראָפט און געזאגט, אז „זיי האָבען פאר־שטערט א גרויסען יום טוב.״ שפּעטער איז ביי איהם געשטארבען א זוהן און די אנדערע צוויי זיהן האָט מען צוגענומען קיין ווארשא. אויך זיינע אנ־הענגער זיינען זיך צופאָהרען און ער איז געבליבען אליין מיט זיין טאָכטער חוה.

דרייצעהן יאָהר איז פראנק אָבגעזעסען אין דער פעסטונג פון טשענסטא־כאָוו און ערשט ווען די רוסישע ארמעע האָט ערואָבערט די פעסטונג האָט ער זיך געווענדעט, אז מען זאָל איהם באפרייען און דעם 21טען יאנואר, 1773 האָט ער פארלאָזט די פעסטונג און איז שטילערהייד געקומען קיין ווארשא וואו ער האָט געקראָגען אן ערלויבניש צו פארלאָזען פוילען.

* * * *

ווען פראנק איז אוועק פון פוילען איז ער געקימען קיין ברין, אין מעהרען. דאָרט האָבען זיך צו איהם פארזאמעלט זיינע אנהעגנער און מיט דער הילף פון זיין טאָכטער האָט ער אויפגעבויט א היים, פון וואנען ער האָט פאר־שפּרייט זיין תורה. פראנק איז געווען זעהר שטרענג און ער האָט געפאָדערט פון זיינע מענשען, אז מען זאָל איהם פאָלגען ניט נאָכקלערענדיג נאָך זיינע ווערטער און אָט די דאָזיגע שטרענגקייט האָט צוגעצויגען פיעל מענשען, אידען און ניט־אידען. באזונדערס האָבען זיך געפונען פיעל פריצים, וועלכע האָבען באזוכט פראנק׳ן, אפשר ניט אזוי צוליב איהם, ווי צוליב חוה׳ן און זיי האָבען איבערגעלאָזט ביי איהם גרויסע פארמעגענס און אזוי האָט זיך איהם איינ־געגעבען צו באפעסטיגען.

אלע זיינע אנהענגער האָבען געמוזט פון צייט צו צייט באזוכען דעם „מלך המשיח״ און אויך זיי זיינען ניט געקומען מיט קיין לעדיגען.

אין עטליכע יאָהר ארום האָט פראנק זיך געוואָלט באזעצען אין ווין, דער עסטרייכישער רעגירונג איז אָבער ניט געפעהלען געווארען זיינע אויפ־פיהרונגען און זי האָט ארויסגעגעבען א באפעל, אז ער זאָל פארלאזען עסטרייך.

אין דעם יאָהר 1788 איז פראנק געקומען קיין אָפענבאך, וואו ער האָט אָבגעקויפט א רייכען פאלאץ. דאָרט האָט זיך פראנק אויפגעפיהרט ווי א קעניג. ער איז שטענדיג געזעסען אָבגעשלאָסען און האָט געהאט ארום זיך זיבציג היטער. קיין פרעמדען האָט מען צו איהם ניט צוגעלאזען. אום צו נושא חן זיין ביי די איינוואוינער פון דעם געגענד האָט ער יעדע וואָך צו־טיילט פיעל צדקה. ער האָט אויך פארשפרייט א קלאנג, אז ער איז א געוועז־זענער קעניג, פעטער דער דריטער פון רוסלאנד, אויף ווענען עס האָט זיך פאר־שפרייט א קלאנג אז ער איז טויט און אז חוה, איז די טאָכטער פון דער קעניגין

עליזאבעטה, פון רוסלאנד און אז ער איז בלויז איהר ערציהער און נאָך אזעלכע געשיכטעס האָט ער דערצעהלט.

די צאָהל פון זיינע אנהענגער האָט דאן דערגרייכט ביז טויזענד און צווישען זיי פיעל רייכע לייט. ווען פראנק האָט אָנגעפאנגען פיהלען, אז ער איז קראַנק, האָט ער געלאָזט וויסען זיינע אנהענגער אין פוילען, אז זיי זאָלען קומען איהם באזוכען. פיעלע האָבען זיך געלאָזט אין וועג און צו איהם גע־פיהרט געלד און מתנות, ויען די פוילישע רעגירונג האָט זיך דערפון דער־וואוסט, האָט זי זיי אומגעקעהרט פון דעם גרענעץ.

ג' טבת, תקנ"א, (1791) איז פראנק פּלוצלונג געשטאָרבען און ער איז באערדיגט געוואָרען אין אָפענבאך. די לויה איז דורכגעפיהרט געווארען מיט גרויסע צערעמאָניעס און אין אלע צייטינגען זיינען איבערגעגעבען געוואָרן די איינצעלהייטען פון דער פאראדנער לויה.

* * * *

נאָך פראנק'ס טויט האָט חוה איבערגענומען די „מלוכה" אין איהרע הענד. זי האָט אָבער ניט געקאָנט קריגען אזויפיל געלד און זי האָט געבאָרגט און געליהען, ביז וואַנען זי האָט שוין מעהר ניט געהאט וואו צו בארגען. זי האָט געפּרואוט דערצעהלען, אז זי וועט איננגיכען קריגען געלד פון פוילען, ווען דאָס האָט זיך אָבער ארויסגעצייגט פאר פאלש איז זי אָנגעקלאגט געווא־רען אין געריכט. פּלוצלונג האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג אז זי איז געשטאָר־בען און ווי מען גלויבט, איז זי פארשוואונדען געוואָרען פון אָפענבאך. די פראנקיסטען האָבען זיך אומגעקעהרט קיין פּוילען און געלעבט צוזאמען מיט די אנדערע מיטגלידער פון זייער סעקטע. צוערשט האָבען זיי אויסגעפאָלגט די צוואה פון פראנק'ן, אז זיי זאָלען זיך ניט מתחתן זיין מיט קיין קריסטען, מיט דער צייט זיינען זיי אָבער איינגעשלונגען געווארען צווישען די קריסטען און עס איז פון זיי ניט געבליבען קיין זכר.

* * * *

איז פראנק געווען א פאלשער משיח? האָט ער אין זיך געטראגען א שטרעבונג פאר אידישער אויסלייזונג, וואָס איז ניט פארווירקליכט געווארען? איז ער ארונטער פון „דרך הישר" ווייל ער איז געשטעלט געווארען פאר א צו שווערען נסיון?

אין דעם ענטפער אויף די דאָזיגע פראגען, קען מען געפינען עטוואס וואָס זאָל אונז העלפען קלאָהר מאכען, ויער עס איז געווען אָט דער דאָזיגער משיח, וואָס האָט געביטען זיינע גלויבענס און פון ערשטען טאג אָן געוואר־פען שמוץ אויף זיין אייגענעם פאָלק.

ווען מען איז צו שבתי צבי'ן געקומען און איהם דערצעהלט ויעגען די אידישע צרות אין פוילען, האט ער צוגעזאגט אז ער וועט נעמען נקמה פאר זייער פארגאסענעם בלוט; פראנק דערוויסענדיג זיך פון די אידישע צרות אין אוקראינא, האט דאס געוואלט איסנוצען פאר זיין באפרייאונג — און זיין עצה איז געווען — שמד.

פון קיין אויסלייזונג האט פראנק ניט גערעדט, הגם ער האט געוואלט זיין דער משיח. זיינע אומנארמאלישע אויפפיהרונגען צייגען, אז דער מענש איז געווען א קראנקער, וועמעס פלאץ עס איז געווען אין א משיגעים הויז. בלויז אין דער ליכט פון דער פסיכיאטריע קען מען אפשר אנפאנגען פאר־שטעהן דעם דאזיגען מענש. (זעה דר. ביכאווסקי'ס אבהאנדלונג אין דער: „התקופה" יד—טו, זייט 703).

פראנק איז ניט ארונטער פון „הדרך הישר" ווייל ער איז געשטעלט גע־ווארען פאר א נסיון, ער איז געקומען זיך בעטען, אז מען זאל איהם אריינ־נעמען אונטער די פליגעל פון א פרעמדען גלויבען און געזוכט צו פארשפריי־טען דעם „עלילת דם", בלויז דערפאר וואס מען האט זיך צו איהם ניט געוואלט צוהערען.

א פארפוילטער אבר אין דעם אידישען גוף און בלויז אזא הייבע פער־זענליכקייט ווי דער בעל שם האט געהאט א האפנונג, אז ווען דער אבר זאל געווען בלייבען באהעפט צו דעם גוף, וואלט ער אפשר געווען געהאט א רפואה.

מולכו האט געוואלט ברייננגען אויסלייזונג און איז געגאנגען על קדוש השם; שבתי צבי האט באוויזען צו שאפען א גרויסע באוועגונג, וועלכע איז זיך צופאלען צוליב זיין פאלשען שריט; פראנק האט ניט געשטרעבט צו אויס־לייזונג, האט גארניט געשאפען, ער האט בלויז צושטערט און צובראכען צוליב איינענע נוצען — איז פון איהם ניט געבליבען קיין זכר און זיין נאמען ווערט דערמאנט מיט א קללה און מיט עקעל.

טז

# דער משיחישער יסוד אין חסידות

דער גלויבען אז משיח'ס קומען איז אַנגעווענדעט אין דער פארשפריי־
טונג פון בעש"ט'ס תורה. — דעם בעש"ט'ס רייזע קיין ארץ ישראל.
— די חסידישע עליה קיין ארץ ישראל. — דער „בעל התניא"
און ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער. — ר' נחמן בראַסלאַ־
ווער. — דער גלויבען פון דער ריזשינער גזע אז
משיח וועט ארויסקומען פון איהר.



ין דער זעלבער צייט וואָס עס האָבען זיך נאָך געפונען איבערבליי־
בעכצען פון דער שבתי צבי באַוועגונג און אין די טעג פון די
פראַנקיסטען, האָט אויך אויפגעשפראָצט די חסידישע באַוועגונג,
וועמעס גורל עס איז געווען א גאַנץ אנדערער. ר' ישראל בעל שם
(געבוירען אין דעם יאָהר 1700, לערך), האָט זיך געטראָפען מיט די פראַנקיס־
טען און ווי מיר האָבען שוין דערמאָנט, איז אפילו פאַראַן א מיינונג, אז ער
איז געווען איינער פון די רבנים, וואָס האָבען געפיהרט דעם וכוח מיט די
פראַנקיסטען אין לעמבערג. ער האָט בלויז ניט איינגעשטימט מיט די רבנישע
געגנער פון די פראַנקיסטען דערמיט, וואס ער איז געווען געגען דעם, אז מען
זאָל זיי דוחה זיין מיטביידע הענד און זיי טרייבען צום שמד. ער האט נאך
געהאָפט, אז זיי וועלען סוף כל סוף געפינען א תיקון.

אָט דאָס דאָזיגע ביסעל נאָהענטקייט, וואס דער בעל שם האָט ארויסגע־
צייגט די פראַנקיסטען, האָט אויף איהם געוואָרפען א פלעק און אין די ווייַ־
טערדיגע קאַמפען פון די חסידים מיט די רבנים, איז דאָס זיי דערמאָנט גע־

וואָרען. עס האָט אויף זיי געוואָרפען א חשד, אז ערגעץ וואו אין זייערע נשמות איז פאַראַן א שייכות צו דער שבתי צבי באַוועגונג. איז דאָך דאָס חסידות אויף אַן ענטוויקלונג פון דער קבלה...

חסידות אלס באַוועגונג האָט זיך אָבער געשטעלט א גאַנץ אַנדער אויפגאַבע, דערנעהענטערען דעם מענש צו גאָט און גאָט צו דעם מענש. דער אר"י האָט געלערענט זיינע תלמידים די דרכים פון עבודה פון יעדער גרעזעל און בוים. זיין תורה איז אָבער געווען פאַר יחידי סגלה, וועלכע האָבען געקאָנט מיט איהם שוועבען אין די העכערע ספערען. דער בעל שם האָט אנטפּלעקט די געטליכקייט אין די פשוט'ע עולמות און דערנעהענט יעדען איד צו דער עבודת הבורא. ער האָט אזוי ארום געראטעוועט פיעל אידישע נשמות, וועלכע האָבען פאַרלאָרען דעם גלויבען אין זיך אליין.

אין א געוויסען זינן איז דאָס חסידות ניט געווען קיין כלל באַוועגונג, נאָר א באַוועגונג פון דעם פרט — פאַר יעדען איד, וועלכער האָט געזוכט א דרך צו דינען גאָט; פאַר דעם פשוט'ן איד, וועלכער האָט ניט קיין מעגליכקייט צו עוסק זיין בתורה; פאַר דער אידישער פרוי, וועלכע האָט געקאָנט פונקט אזוי גוט זיין א חסידה ווי דער מאַן און געפינען ערלייכטערונג אין דעם קוויטעל, וואָס זי האָט איבערגעגעבען דעם צדיק.

עס איז אָבער געווים קיין צופאַל ניט, וואָס אין דער דאָזיגער באַוועגונג, האָט די בענקעניש צו אויסלייזונג און צו ארץ ישראל, פאַרנומען א גרויסען פּלאַץ. עס איז ניט געקומען דורך פּראָפּאָגאַנדא און עס איז אויך ניט געווען אָנגעשריבען אין די „עיקרים" פון דעם בעל שם'ס תורה. (חסידות האָט בכלל זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס עס האָט ניט געהאַט קיין געשריבענע תורה — די כוונות זיינען געווען וויכטיגער ווי די עשה'ס). עס איז דיקטירט געוואָרען פון דעם געזונטען אינסטינקט פון א פאָלק'ס באַוועגונג און דער מקור דערפון איז צו זוכען ביי אבולאַפיא'ן, די מקובלים פון צפת, ביי דעם אר"י, בּי אלע די וועלכע האָבען געזוכט צו ברייננען די אידישע אויסלייזונג — מיט דעם טיפען, געהיימען כח פון אידישער קדושה.

צוליב דעם וואָס חסידות האָט געהאַט אַן אויפגאַבע פון אויסלייזען דעם אידישען יחיד, האָט זיך אין איהר ניט געקאָנט ארויסצייגען אזוי בולט דער משיחישער יסוד. מען דאַרף אויך אינזינען האָבען, אז די צייטען פון די רדיפות אויף די רעשטלאך פון שבתי צבי און אויף די פראַנקיסטען זיינען נט געווען מסגל, אז א נייע באַוועגונג, זאָל אויך רעדען וועגען א משיח — און איהם אָנרופען ביים נאָמען.

און דאָך — איז דער משיחישער יסוד ניט פאַרלאָרען געגאַנגען און גע־

גלויבט האָבען די תלמידים פון בעל שם, אז די אידישע גאולה איז אָנגעוועג־דעט אין דעם פארשפרייטען פון זיין תורה — און אפשר איז דאָס געווען איינער פון די מאָטיוון, וואָס האָט בעאיינפלוסט די דאָזיגע תלמידים, צווישען וועלכע עס זיינען געווען באריהמטע פערזענליכקייטען, זיך צו פארשפרייטען איבער אידישע ישובים און טראָגען מיט זיך די נייע תורה פון זייער גרויסען רבי'ן — זיי האָבען געוואלט צוגרייטען דעם וועג פאר דעם „מלך המשיח.״

אין א בריעף (געדרוקט אין „בן פורת יוסף״ פון ר׳ יעקב יוסף הכהן) וואָס דער בעש״ט האָט געשריבען צו זיין שוואָגער ר׳ גרשון קיטאָווער, וועל־כער איז אָוועקגעפאהרען קיין ארץ ישראל, דערצעהלט ער, אז ראש השנה, תק״ז, האָט ער געמאכט השבעות און ער האָט צום ערשטען מאָל געהאט „עלית נשמה״ און זייענדיג אין די „עולמות העליונים״, האָט זיין רבי (ר׳ אחיה השילוני) מיט איהם געמאכט א שפאציר אין די פארשידענע היכלות. איז ער געגאנגען פון מדרגה צו מדרגה ביז ער איז געקומען אין דעם היכל פון משיח, וואו ער האָט געלערענט תורה מיט אלע צדיקים.

— האָב איך געפרעגט משיח׳ן: — ווען וועט מיין האר קו־מען? — האָט ער מיר געענטפערט: — וועסט האָבען א סימן, ווען דיין לערנען וועט מפורסם ווערען און נתגלה ווערען אויף דער וועלט און דיינע קוואלען וועלען זיך פארשפרייטען דרויסען, אלעם וואָס איך האָב דיר געלערענט און דו האָסט משיג געווען און זיי וועלען אויך קענען מאכען „יחודים״ און „עליות״ ווי דו. דאמאָלס וועלען זיך אויסלאָזען אלע „קליפות״ און עס וועט זיין אן עת רצון וישועה.

דער בעש״ט האָט יסורים געהאט דערפון, וואָס עס וועט נעהמען אזוי לאנג, ער האָט זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס מען האָט איהם איבערגעג־געבען פארשידענע סגולות און סודות, וואָס ער האָט געהאָפט, אז זיינע תלמידים וועלען זיי אויך פארשטעהן — און דערמיט וועלען זיי מקרב זיין די גאולה.

די תלמידים האָבען אויך געגלויבט דאָס זעלבע וואָס דער בעש״ט און איינינגע פון זיי האָבען אפילו דערפאר געפונען א רמז אין דער תורה. אויף דעם פסוק „ובני ישראל יוצאים ביד רמה״ — און די אידען געהן ארויס (פון מצרים) מיט שטארקייט — מאכט תרגום „בריש גלי.״ די ראשי תיבות פון „בריש״ זיינען רבי ישראל בעל שם — גלי, מיינט אנטפלעקען — ווען עס וועט זיך אנטפלעקען די תורה פון רבי ישראל בעל שם וועלען די אידען ארויסגעהן פון גלות. (דגל מחנה אפרים, בשלח).

די חסידישע לעגענדע האָט אָבער ניט געקאָנט וואַרטען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען עס וועט זיך פאַרשפּרייטען די תורה און זי האָט פאַרבונדען דעם בעש״ט׳ס נאָמען מיט אַ פאַרזוך צו דערנעהענטערען די גאולה.

און די לעגענדע דערצעהלט:

אין די צייטען פון בעש״ט האָט אין ארץ ישראל געלעבט דער מקובל ר׳ חיים בן עטר, וועלכער איז באַקאַנט מיט זיין פּירוש „אור החיים״ אויף דער תורה. ער האָט זעהר געטרויערט אויף דעם אידישען חורבן און האָט אויך געגלויבט אין זיינע אייגענע כחות. ער האָט אפילו אין איין פּלאַץ מרמז געווען, אַז דער משיח וועט הייסען חיים („אור החיים״ ראה). ר׳ גרשון קיטאָווער האָט געשריבען צו דעם בעל שם, אַז אין ר׳ חיים׳ן איז פאַראַן אַ ניצוץ פון משיח׳ן און דער בעל שם האָט דערפיהלט, אַז דורך דעם וואָס ער וועט קומען קיין ארץ ישראל און זיך טרעפען מיט דעם דאָזיגען מקובל, וועט זיך זיי איינגעבען צו דערנעהענטערען די גאולה. ער האָט זיך צוגעגרייט פאַר דער רייזע און האָט זיך געלאָזט אין וועג מיט זיין טאָכטער און זיין סופר ר׳ צבי. פון דעם הימעל האָט מען איהם אָבער מעכב געווען, ווייל עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פון דעם „קץ״ און נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט פיעל שטערונגען אויף דעם וועג, האָט ער איינגעזעהן, אַז ער מוז זיך אומקערען אַ היים.

* * * *

די שטאַרקע בענקעניש פון אידען צו ארץ ישראל, האָט אויסגעדריקט דעם בעש״ט׳ס נאָכפאָלגער ר׳ בער מעזריטשער, דער „מגיד״ אין זעהר קורצע ווערטער: „ציון איז דער עיקר פון דער וועלט און איז דאָס חיות פון דער גאַנצער וועלט, דאַרום האָט זי אין זיך פון יעדער מדינה און יעדער מדינה קומט און איז מקבל חיות און זאַפּט אין זיך אריין פון דעם חלק, וואָס זי האָט אין ציון.״

דעם בעל שם׳ס אַ צווייטער תלמיד ר׳ יעקב יוסף פּולנאה׳ער, דער „תולדות״, האָט געפיהלט, אַז אום חסידות זאָל זיך פאַרשפּרייטען וואָס שנעלער, דאַרף דאָס האָבען אַ צענטער אין ארץ ישראל, אַ גייסטיגען צענטער. האָט ער זיך דאַרום טאַקע אויך געגרייט צו פאָהרען קיין ארץ ישראל, אָבער אויך איהם האָט מען „מעכב״ געווען פון דעם הימעל.

עס האָט אָבער ניט גענומען לאַנג און חסידות האָט זיך געשאַפען אַ צענטער אין ארץ ישראל. דריי פון דעם „מגיד׳ס״ תלמידים זיינען דאָרט געקומען מיט אַ גרופּע פון דריי הונדערט מענשען, מענער, פרויען און קינדער. דאָס איז געווען אין דעם יאָהר תקל״ז, (1777). די דריי תלמידים זיינען געווען

ר׳ מנחם מענדל וויטעבסקער, ר׳ אברהם קאליסקער און ר׳ ישראל פּאָלאָצקער. דער לעצטער הערצעהלט אין זיין בריעף, די פרייד פון די מענשען, וועלכע האָבען זוכה געווען צו קומען אין דעם הייליגען לאַנד. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס עס איז זיי דאָרט אויסגעקומען פיעל צו ליידען, האָבען זיי אָבער גע־פיהלט, אז זיי זיינען די ערשטע צו פאַרבינדען די גרויסע חסידישע באַוועגונג מיט דעם הייליגען לאַנד און געטראָגען מיט זיך די האָפנונג, אז נאָך זיי וועלען קומען גרעסערע מחנות, צו בויען דאָס לאַנד פון אידישער האָפנונג.

פון קיין משיח האָבען די חסידים ניט גערעדט. ר׳ מנחם מענדל איז אָבער יעצט געוואָרען א שטארקער כח אין דער באַוועגונג, צו וועמען עס זיינען געווען געווענדעט די אויגען פון אלע חסידים אין גלות, ווייל „ער איז דאָך געשטאַנען נאָהענט צו גאָט׳ס טויער.״ און ר׳ מנחם מענדל האָט טאַקע פאַר־שטאַנען זיין אויפגאַבע: „איך בין — זאָגט ער וועגען זיך — ווי איינער וואָס איז געשיקט געוואָרען פון די הערשער פון די מדינות אין דעם קעניג׳ס פּאַלאַץ, פאַר וועמען עס איז ניט פאַרבאָרגען קיין זאַך וועגען דעם תיקון פון דער מדינה, סיי מאַטעריעלע און סיי גייסטיגע ענינים.״ ער האָט אויך געוואוסט, אז „ארץ ישראל איז די שכינה אליין״ און פון דער דאזיגער הייליגקייט האָט ער געזוכט אבצוטהיילען פאר זיינע אנהענגער, וועלכע זיינען פארבליבען אין גלות. אלע זיינע בריעף וואָס ער האָט צו זיי געשיקט, זיינען געווען פול מיט באַגייסטערונג פאר דעם הייליגען לאַנד און ער האָט גערופען פאר הילף, אָנ־צוהאַלטען דעם נייעם חסידישען ישוב אין ארץ ישראל — וועלכער האָט טאַקע געהאָלפען צו פאַרבינדען דעם גלות מיט ארץ ישראל.

די חסידישע פיהרער אין ארץ ישראל זיינען טאַקע געוואָרען די וואָרט זאָגער פון חסידים אין גלות און לויט זייער השפעה, זיינען אנערקענט געוואָרען די אנדערע פיהרער אין גלות. די גרויסע פאָלק׳ס באַוועגונג האָט זיך פאַר־בונדען מיט דעם לאַנד, צו וועלכען די אויגען פון פאָלק זיינען געווען געווענ־דעט — און דאָס האָט איהר צוגעגעבען מעהר שטאַרקייט און אויסגעברייטערט איהר השפעה. פּונקט ווי די קבלה האָט אויך דאָס חסידות זיך געשאַפען א צענטער אין ארץ ישראל. די קבלה האָט אָבער בלויז באַזאָרגט די וועלכע האָבען געקאָנט שוועבען אין די „עולמות העליונים״, חסידות האָט אויך באַ־זאָרגט דעם פשוט׳ן איד, וועלכער האָט געבענקט נאָך ארץ ישראל.

ר׳ מנחם מענדל וויטעבסקער האָט פון ארץ ישראל געלאָזט וויסען, אז ר׳ שניאור זלמן, דער „בעל התניא״ איז דער, וואָס איז צוגעפּאַסט צו פאַרנעה־מען זיין פּלאַץ ביי די חסידים אין גלות און דאָס וואָרט וואָס איז געקומען פון ארץ ישראל, איז אויסגעפאָלגט געוואָרען. ר׳ שניאור זלמן, וועלכער איז

געווען איינער פון די פעהיגסטע פיהרער וואָס חסידות האָט געהאַט, איז אנערקענט געווארען אלס דער פיהרער. ער, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו ליידען פאר זיין תורה, וועלכער איז איינגעשפּארט געוואָרען אין דער תפיסה, ער איז אויך געווען דער, וואָס האָט באגרינדעט די חסידישע תורה אין זיין „תניא."

אויסער זיין פיהרערשאַפט אין חסידות האָט ר' שניאור זלמן אויף זיך גענומען צו העלפען דעם חסידישען ישוב אין ארץ ישראל. ער האָט די דאַזיגע ארבייט געטאָן מיט דער גרעסטער איבערגעבענהייט און ער האָט ביי זיינע אנהענגער געוועקט „די אלטע ליבע צו דעם הייליגען לאנד, אז זי זאָל ברענען ווי א פלאם פייער" (אגרת הקדש). די ליבע וואָס ער האָט איינגעפלאנצט ביי זיינע חסידים צו ארץ ישראל, איז געבליבען טיף איינגעווארצעלט אין דעם דאָזיגען צווייג פון דער חסידישער באוועגונג און די חסידי חב"ד האָבען אלעמאל דאָס ארויסגעוויזען מיט זייער שטארקער איבערגעבענהייט צו ארץ ישראל.

אזוי האָט דער „עמוד התורה" פון חסידות געפלאנצט ליבע צו ארץ ישראל און געהאָלפען אָנצוהאלטען די פארבינדונגען מיט דעם לאנד פון די אבות. דער „עמוד העבודה" פון חסידות, ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער, האָט דאָס געטאָן אויף זיין אייגענעם וועג.

ר' לוי יצחק האָט געוואַרט פאר דעם טאג, ווען דער „רוח הטומאה וועט אוועק פון דער וועלט און עס וועלען אינגאנצען ניט זיין קיין עבירות"; פאר דעם טאָג פון דער גאולה שלמה: אידען וועלען אויסגעלייזט ווערען, אידישקייט וועט אויסגעלייזט ווערען און די שכינה וועט אויסגעלייזט ווערען. פריהער דאַרפען זיך אָבער אידען אומקעהרען קיין ארץ ישראל, ווייל בלויז דאָרט קען פארווירקליכט ווערען די גאולה שלמה; בלויז דאָרט, אין דעם לאנד „וואָס איז הויך אין הייליגער רוחניות קען די שכינה האָבען אן עליה" (קדושת לוי, ויצא).

און פאר דעם דאָזיגען גרויסען טאָג האָט ער געוואַרט יעדען טאג, יעדער שעה, יעדער מינוט און די לעגענדע דערצעהלט:

— איינמאל, ערב תשעה באב, ווען אידען האָבען זיך פארזאמעלט אין שוהל צו „קינות", איז ר' לוי יצחק געווען אין זיין היים און ווען עס איז שוין געוואָרען פינסטערליך, איז ער אלץ געשטאַנען און ארויסגעקוקט דורך דעם פענסטער. ער האָט אינגאנצען געברענט מיט התלהבות און האָט געקוקט אין דער אָהן־ענדליכער ווייטקייט. אלעמאָל האָט ער צוגעבויגען זיין אויער צו הערען די טריט פון דעם — מלך המשיח. א תלמודישע לעגענדע

זאָגט דאָך, אז תשעה באב וועט פאַרוואַנדעלט ווערען אין א טאָג פון פרייד, ווי אזוי זשע קען ער גען זאָגען „קינות", אז אָט באלד, אָט באלד און דער אויסלייזער וועט זיך באַווייזען?

די שאַטענס פון דער נאַכט האָבען זיך אויסגעשפּרייט, דער עולם אין דעם בית מדרש ווארט נאָך אלץ פאַר דעם רב און ער שטעהט נאָך פאַרטראַכט ביי דעם פענסטער און קוקט אַרויס... דער שמש איז געקומען און האָט איהם געזאָגט, אז עס איז שוין צייט צו זאָגען „קינות", ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די געדאַנקען און דערקענט די טרויעריגע ווירקליכקייט: אידען זיינען אין גלות, אידישקייט איז אין גלות, די שכינה איז אן גלות און ע ר — איז ניטאָ... ער איז אַוועקגעלאָפען אין בית מדרש, זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד לעבען ארון קדש און מיט יאָמער אויסגעשריען: „איכה ישבה בדד"...

אזוי האָט ר' לוי יצחק באַרדיטשעווער געוועקט די משיחישע בענקעני־שען ביי זיינע חסידים און אזוי האָט ער אַרויסגעקוקט אויף דעם אויסלייזער.

*   *   *   *

א באַזונדער ליבע און איבערגעבענהייט צו ארץ ישראל האָט אַרויסגע־וויזען ר' נחמן בראַסלאָווער, דעם בעל שם'ס אן אייניקעל. שוין אין אָנפאַנג פון זיין חסידישער פיהרערשאַפט, ווען ער איז געוועזן א יונגערמאַן פון עטליכע און צוואַנציג יאָהר האָט ער באַשלאָסען צו פאָהרען קיין ארץ ישראל און זיין באַשלוס האָט ער דורכגעפיהרט, ניט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען. אין ארץ ישראל האָט ער געפונען דאָס, צו וועלכען זיין נשמה האָט געבענקט און עס איז איהם שוין געווען שווער צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד. ער האָט גע־וואוסט, אז דאָרט איז דאָס ריכטיגע פּלאַץ פאַר איהם. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אין זיינע חסידים אין גלות און ער האָט אויף זיי רחמנות געהאַט און האָט זיך אומגעקעהרט אהיים.

ר' נחמן איז טאַקע געקומען א היים, ער האָט אָבער מיט זיך געבראַכט דעם אויר פון ארץ ישראל, דאָס הייליגקייט פון דעם לאַנד. ער האָט אַלעמאַל געזאָגט, אז „דאָס גאַנצע לעבען וואָס ער האָט, איז פון דער צייט וואָס ער איז געוועזן אין ארץ ישראל, אלע געדאַנקען וואָס ער האָט, זיינען פון דעם כח פון זיין זיין אין ארץ ישראל, ווייל דער עיקר פון דעם מח און דער חכמה איז אין ארץ ישראל." ר' נחמן איז נאָך געגאַנגען ווייטער און געזאָגט, אז „ווער עס וויל זיין אן אמת'ער איד, דאַרף פאָהרען קיין ארץ ישראל, ניט קוקענדיג אויף אלע מניעות." זיינע תלמידים האָבען אין דעם געוואָלט געפינען א רמז פאַר א גייסטיגער ארץ ישראל, איז ער אין כעס געוואָרען און געזאָגט: „איך מיין א פּשוט'ע ארץ ישראל, מיט די

הייזער און די הויפען.״

ר׳ נתן, דער געטרייער תלמיד פון דעם בראסלאווער, האָט אין א תפלה אויסגעדריקט די שטארקע בענקעניש, וואָס יעדער איד וואָלט באדארפט האָבען צו ארץ ישראל:

> ד׳ ד׳ אל רחום וחנון ארך אפים ורב חסד ואמת, לאָמיך זוכה זיין דורך דיינע גרויסע רחמים, אז איך און אלע אידען זאָלען האָבען שטארקע בענקענישען און גליסטעניש און אמת׳ן חשק צו קומען קיין ארץ ישראל גאָר אינגיכען. דו ווייסט דאָך, ווי שטארק נויטיג איך דארף זיין אין ארץ ישראל, ווי ווייט איך בין פון דיר און ווי שטארק איך בין אריינגעטאָן אין גשמיות און מיין הארץ און מח זיינען צומישט, צוליב דעם אלעם דארף איך זיין אין ארץ ישראל, וואָס דאָרט איז דער עיקר יסוד פון דער הייליגער אמונה; דאָרט איז דער שורש פון אידישער הייליגקייט; דאָס איז דאָס לאנד, וואָס גאָט האָט אויסגעקליבען פאר זיין אויסדערוועהלטען פאָלק.

ר׳ נחמן האָט אָנגעזאגט זיינע חסידים, אז אמווענינגסטענס איינמאל אין זייער לעבען זאָלען זיי באזוכען ארץ ישראל, אויב זיי קענען דאָרט ניט וואוי־נען און די בראסלאווער חסידים האָבען זיך אלעמאל אָנגעשטרענגט אָבצו־היטען דעם רבי׳נס אָנזאָג און די אָרימע פון זיי האָבען געקליבען נדבות און געפאָהרען קיין ארץ ישראל.

*　　*　　*　　*

ביז יעצט האָבען מיר אין חסידות אָנגעטראָפען א שטארקע ליבע און בענקעניש צו ארץ ישראל און א גלויבען, אז דאמאָלס ווען דעם בעל שם׳ס תורה וועט מפורסם ווערען, וועט די צייט זיין פאסיג פאר ביאת המשיח. קיין איינער פון די חסידישע פיהרער האָט אָבער ניט מרמז געווען, אז ער איז דער אויסלייזער.

עס איז אָבער אויך געווען א חסידישער צווייג, וואָס האָט געגלויבט, אז פון איהם וועט ארויסקומען דער אידישער אויסלייזער און דאָס איז געווען די — ריזשענער גזע.

ווען מען האָט אמאָל געפרעגט ר׳ ישראל׳צי ריזשינער, ווארום ער פאָהרט ניט קיין ארץ ישראל, ווי עס האָבען דאָס געטאָן אנדערע חסידישע גדולים, האָט ער געענטפערט: „אויב איך וועל קומען קיין ארץ ישראל, וועט מען מיך פרעגען: ווארום ביזטו געקומען אהערצו אָהן דיינע אידען?״ ער האָט אויף

זיך געטראָגנגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם כלל ישראל און קיין ארץ ישראל האָט ער געקאָנט קומען נאָר צוזאַמען מיט זיי.

ער האָט אָבער אויך געגעבן מעהר אָנדייטונגען, אַז ער איז דער אויס־לייזער. ווען מען האָט איהם געפרעגט, וואָרום אַלע צדיקים רעדען וועגען דעם „קץ" און ער שווייגט, האָט ער געגעבן אַ משל: „צוויי מחותנים קומען זיך צוזאַמען רעדען וועגען אַ שדוך, רעדען די מחותנים, אָבער דער חתן אַליין שווייגט" (כנסת ישראל 33). האָבען טאַקע פיעל געגלויבט, אַז ער איז דער משיח וואָס וועט זיך באַווייזען, אויב דער דור וועט דערצו זיין ראוי.

דעם ריזשינער'ס קינדער האָבען דעם דאָזיגען גלויבען, אַז זיי האָבען די הייליגע אויפגאַבע ארונטערצוברייגנגען דעם משיח, און אַז אין זייערע הענט איז איבערגעגעבען געוואָרען דער סוד פון דער גאולה, איינגעפלאַנצט ביי זייערע חסידים.

ר' נחום'צי שטיפענשטער, דעם ריזשינער'ס אַ זוהן, פלעגט דערצעהלען פאָלגענדעס וועגען דער אויפגאַבע פון דער ריזשינער גזע:

— ווען די אידען האָבען געזינדיגט און עס איז אויף זיי ארויסגעגעבען געוואָרען די גזרה פון גלות, האָט גאָט גערופען דעם ס'ם און צו איהם גע־זאָגט: — נעהם מיין פאָלק און זאָלען זיי זיין פאַרטריבען טויזענד יאָהר.— האָט דער ס'ם זיי ניט געוואָל נעמען. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער שטראָף וואָס ער וועט קריגען ווען די טויזענד יאָהר וועלען פאַראיבער, ווי עס זיינען באַשטראָפט געוואָרען אין זייער צייט דער שר פון פרעה מלך מצרים און דער שר פון נבוכדנצר מלך בבל. האָט גאָט צו איהם געזאָגט: — זאָלען זיי זיין פאַרטריבען צוויי טויזענד יאָהר. — האָט דער ס'ם דאָס אויך ניט גע־וואָלט. צום סוף האָט גאָט צו איהם געזאָגט: — נעהם זיי און זאָל ניט זיין קיין באַשטימטע צייט פאַר זייער אויסלייזונג, עס איז פאַראַן איין „יחוד שם", וועלכען איך גיב איבער אין דין האַנד און אַן איהם איז אָנגעווענדעט דער גאַנצער ענין פון דער גאולה און קיין מלאך האָט ניט דאָס רעכט צו מגלה זיין דעם דאָזיגען סוד; בלויז ווען עס וועט אויפשטעהן אַ מענש און ער וועט מיחד זיין דעם דאָזיגען יחוד, וועט דאַן קומען די אידישע גאולה.

דער ס'ם האָט זיך דערמיט געפרעהט. פון יעצט אָן, האָט ער געגלויבט, וועלען די אידען שוין אויף אייביג זיין אין זיין האַנד. איז געקומען ר' שמעון בן יוחאי און האָט געוואָלט געפינען דעם דאָזיגען סוד און דערנעהענטערען די גאולה — און ער האָט ניט געקאָנט; איז געקומען דער אר'י און זיך באַ־מיהט צו געפינען דעם „יחוד" — און ער האָט ניט געקאָנט; זיינען געקומען דער בעל שם, ר' בער מעזריטשער און ר' אברהם'ניו „מלאך" און זיי האָבען

זיך וועגן דעם משתדל געווען — און עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן, ביז וואנען עס איז געקומען ר׳ שלום פאהרעביטשער, דעם „מלאך׳ס״ זוהן און ער האָט זיך פון דעם ס׳ם אליין דערוואוסט דעם סוד פון דעם „יחוד״ — דאַמאָלס האָט אויף דער וועלט אַנגעפאנגען שיינען דאָס ליכט פון דער גאולה. ווען דער ס׳ם האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער אָנגעפאנגען מרעיש עולמות זיין, ביז וואנען ר׳ שלום האָט איהם צוגעזאגט, אז ער וועט מעהר גאָרניט אויפטאָן, נאָר זיין זוהן און די וואָס וועלען פון איהם אָבשטאמען, וועלען זיין אזעלכע „בעלי נשמות״, אז זיי וועלען זיך ניט שרעקען פאר דעם ס׳ם און זיי וועלען פארענדיגען, וואָס ער האָט אָנגעפאנגען. „נאָכדעם איז געווען אונזער פאָטער, ז׳ל, און יעצט זיינען מיר ברידער און אונזער דרך איז באקאנט, ווייל מיר האָבען מפקיר געווען אונזערע גופים.״ (כנסת ישראל, 132).

ווען דער ריזשינער איז נפטר געוואָרען, האָבען זיינע חסידים געגלויבט, אז איינער פון זיינע זיהן וועט זיין דער משיח. ווען אלע קינדער זיינען אויסגעשטאָרבען און עס איז געבליבען בלויז ר׳ דוד משה׳ניו טשארטקאָווער, האָבען אלע חסידים געווענדעט צו איהם זייערע אויגען, אז ער זאָל סוף כל סוף נתגלה ווערען.

„אלע אידען האָבען געהאָפט און געווארט — שרייבט זיין זוהן, ר׳ ישראל טשארטקאָווער — אז מיין פאָטער, ז׳ל, זאָל זיין משיח און ער איז טאקע געווען משיח, דער דור איז אָבער דערצו ניט געווען ראוי.״ (עטרת ישראל).

אפילו וועגען ר׳ בער׳ניו לעווע׳ר, דער דריטער זוהן פון דעם ריזשינער, וועלכער האָט פאר א צייט זיך דערווייטערט פון זיינע ברידער און איז ארויס „לתרבות רעה״, האָבען די חסידים געגלויבט, אז ער איז דער אויסלייזער און דארום האָט טאקע דער ס׳ם אזוי שטארק געקעמפט נעגען איהם. אויך אין די שפעטערדיגע יאָהרען האָבען די סאדיגורער חסידים געגלויבט, אז די גאולה וועט סוף כל סוף קומען דורך דער ריזשינער גזע, צוליב דעם וואָס עס איז ביי זיי געווען זיכער אז די דאָזיגע משפחה שטאמט אָב פון מלכות בית דוד.

* * * *

אזוי איז אויך אין דער דאָזיגער גרויסער פאָלק׳ס באוועגונג ארייגגעבראכט געוואָרען דער משיחישער יסוד און דורך איהר זיינען איבערגעטראגען געוואָרען די משיחישע בענקענישען פון דור צו דור — און די קייט פון אידישער האָפנונג און אויסלייזונג איז ניט איבערגעריסען געוואָרען.

יז

# ציוניזם אלס א משיחישער אידעאל

די פערזענליכקייט. — די באגייסטערונג פון די מאסען. — דער גלויבען וואָס ווערט געשטאַרקט דורך יסורים. — די פרוכט פון דער ארבייט. — די פאראייניגונג פון דעם נאציאָנאל פּאָליטישען מאָמענט מיט דעם אוניווערסאל סאָציאלען. — די בשורה פון דער גאולה.



י בענקענישען פון דורות פאר א נאציאָנאלער באפרייאונג און א סאָציאלער אויסלייזונג, זיינען איינגעוואָרצעלט געווארען אין דעם לעבען פון פאָלק. אלע כחות וואס האבען געשטרעבט אויסצוואָרצלען די דאָזיגע בענקענישען, זיינען דורכגעפאלען. די וואָס האָבען זיך געלאזט אויף פרעמדע וועגען צו זוכען אויסלייזונג, האָבען ווייט ניט דערגרייכט. די וואָס האָבען געוואלט אונז אָנטשעפּען א מיסיע, וואס זאל זיין צוגעפּאסט צו אונזער לעבען אין גלות און וועלכע מאכט נויטיג, אז מיר זאָלען זיין צושפּרייט צווישען די פעלקער, האָבען אָנגעשלאָגען א וועג, וואָס זאָל פארכאפּען דאס פאלק אלס א גאנצע. געוויסע טהיילען, די וועלכע האָבען זיך געוואָלט פיהלען בעסער צווישען זייערע שכנים און וועלכע האָבען ניט געהאט אזא טיפע פארבינדונג מיט די מקורות פון פאָלק, זיינען געגאנגען אויף דעם דאָזיגען וועג — דער וועג פון „בכל הגוים". צווישען אלע פעלקער טראגען מיר מיט זיך דעם נאמען פון „בני דת משה", וואס מיר טשעפּען צו צו עטוואס אנדערש, אבער מעהר ווי דאס פארמאָגען מיר ניט. ניט מיר אנערקענען די קולטור פון דורות, ניט דאָס לאנד פון אבות. ניט די פארבינדונג פון צו־

שפּרייטע און צוזייטע. אָט די דאָזיגע טעאָריע האָט פּארכאַפּט געוויסע טהיילען פון פאָלק, אָבער ניט דאס פאָלק.

אויך די וואָס האָבען אין דער גרויסער, ברייטער וועלט געוואָלט זוכען א ישועה, זיינען ענטוישט געווארען. א טהייל האָבען פארבלאָנדזשעט אויף א וועג, פון וועלכען זיי זיינען שוין צוריק ניט געקומען און אנדערע האָבען זיך אומגעקעהרט אנטוישטע, צובראָכענע, אָהן א פונק פון פייער אין זייער נשמה און אָהן א ווארט פון טרייסט אויף זייערע ליפּען.

דאָ און דאָרט האָבען איינצעלנע געוואָלט אויפלעבען דעם פונק פון האָפ־נונג, געוואָלט אויסזינגען די בענקעניש פון דורות. זיי האָבען זיך געלאָזט אויף מסירות נפש, אין דעם לאַנד פון די אבות און געוואָלט דאָרט בויען א נייעם לעבען. זיי האָבען פאר א מינוט אויפגעוועקט דאָס פאָלק וואָס איז געגאַנגען אין דער פינסטערניש, דער פונק פון האָפנונג איז אָבער באלד פאר־שוואונדען אין דעם ים פון בלוט און ענוים.

פון דעם גרויסען פאָלק'ס וועהטאג און צער, פון די טייכען אידיש בלוט, האָט זיך אָבער געריסען א שטימע, וואָס האָט געוועקט צו אויסלייזונג; וואָס האָט אָנגעזאגט, אז „ווען דו זעהסט, אז עס קומען אָן יסורים אויף אידען, זאָלסטו ווארטען פאר דער גאולה."

דאָ און דאָרט זיינען אויפגעשטאנען מענשען, וואָס האָבען געזעהן א חלום פון אויסלייזונג, זיי האָבען אָבער ניט געהאט דעם גרויסען כח, צו ווירקען אויף דעם פאָלק. זיי האָבען מיט זיך ניט געבראכט דעם שופר של משיח. האָט מען זיי ניט געגלויבט און זיי פארשריען אלס פאלשע משיחים. זיינען זייערע קרבנות געווען גרויסע און די מעשים קליינע. די באוועגונג האָט געווארט פאר איהר משיח. פאר דעם, וואָס זאָל מיט זיך ברייננען טרייסט און גלויבען; וועלכער זאָלען צוזאמעננעהמען אלע פונקען פון האָפנונג און אָנצינדען א נייע ליכט אין דער הויז פון ישראל.

און די גרויסע פערזענליכקייט איז געקומען. פון דער גרויסער וועלט, וואו ער האָט זיך דערפיהלט ווי א פרעמדער, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיינע ברידער און זיי געוויזען דעם וועג פאר דער אויסלייזונג.

און מיט זיין קומען איז אויסגעוואקסען די נייע גרויסע באוועגונג פון אידישער אויסלייזונג פון האָפנונג און טרייסט.

* * * *

ציוניזם איז א פּאָליטישע באוועגונג. ציוניזם איז א נאציאָנאלע באַ־וועגונג — אָבער אָהן די מיסטישע עלעמענטען, אין וועלכע עס אנטפּלעקען זיך די בענקענישען פון דורות, וואָלט די באוועגונג ניט געווען געקראָגען

אזויפיעל השפעה.

אלרואי, ראובני און מולכו, זיי אלע האבען געזוכט אויסצונוצען פאליטישע מאמענטען. אויך זיי האבען געזוכט דעם נאציאנאלען מאמענט, דער מיסטישער עלעמענט איז געקומען בלויז צו וועקען די פאנטאזיע פון פאלק.

הערצעל האט זיכער ניט געוואלט אריינברייגגען קיין מיסטיציזם אין דער באוועגונג. ער האט דאך געגלויבט אין רעאל־פאליטיק. ער האט געוואלט פארזיכערען די אידישע אויסלייזונג מיט דער הילף פון מלכים ושרים — דאס פאלק האט אבער אין איהם דערזעהן אן אויסלייזער, וואס טראגט מיט זיך די בשורה פון אויסלייזונג.

לעגענדעס און פאקטען באשטעטיגען דאס.

ווערט דערצעהלט:

— א פרומער אונגארישער רב, א געגנער פון ציוניזם, האט זיך געלאזט איבערהערען פון זיין זוהן, א ציוניסט, און ער איז געקומען צו איינעם פון די ציוניסטישע קאנגרעסען. איז ער דארט געזעסען דריי מעת לעת און זיך צוגעקוקט צו דעם אלעם וואס קומט פאר. זיינע אויגען האט ער ניט ארונטערגענומען פון דעם גרויסען פיהרער. ער האט געזעהן און געשוויגען.

פאהרענדיג א היים האט ער גארניט גערעדט. ער איז געווען פארטיפט אין זיינע מחשבות און האט געשוויגען. אין דער היים האט איהם באזוכט א צווייטער רב, אויך א געגנער פון ציוניזם און האט איהם אנגעפאנגען מוסר'ן, הלמאי ער האט זיך געלאזט איבערערעדען און געפאהרען צו א ציוניסטישען קאנגרעס. דער רב האט געשוויגען. האט יענער אנגעפאנגען זידלען די ציוניסטען, זיי זיינען כופרים און אפיקורסים. דער רב שווייגט. איז ער אנגעפאלען אויף נארהדוי'ן, אזוי און אזוי... דער רב שווייגט. האט דער צווייטער רב גענומען זידלען הערצל'ן אליין און דא איז דער רב אויפגעשפרונגען און מיט א ציטער אין קול האט ער אויסגעשריען: — אלעס, אלעס, אבער הערצל'ס נאמען זאלסטו ניט מחלל זיין.

דער צווייטער רב איז נשתומם געווארען און געפרעגט: — וואס אזעלכעס האט ער געזאגט? וואס האסטו געהערט?

— דער עיקר איז ניט וואס איך האב געהערט און וואס ער האט געזאגט, דער עיקר איז וואס איך האב געזעהן... האט דער אלטער רב געענטפערט. געזעהן — דאס איז דער עיקר...

הערצל איז געקומען קיין ווילנא. ער האט זיך אויסגעהיט, אז די אידישע מאסען זאלען ניט וויסען וועגען זיין באזוך, צוליב דעם וואס ער האט מורא געהאט פאר דעמאנסטראציעס, וואס עס וואלט טייער געקאסט די אידען פון

ווילנא. די לעצטע האָבען זיך אָבער דערוואוסט און ווען הערצל האָט באַדארפט פארלאָזען די שטאָדט, האָבען זיי זיך פארזאמעלט אויף דער באהן סטאַנציע אין גרויסע מאַסען און איהם באַגריסט. הערצל האָט זיי געבעטען, זיי זאָלען זיך צוגעהן און זיי האָבען איהם ניט געהערט.

פּאָליציי איז אָנגעקומען און מיט נאַגאַיקעס געטריבען דעם עולם. דאָס בלוט האָט זיך געגאָסען און דער עולם האָט ניט געוואלט אוועקגעהן און אַלעמאָל אויסגעשריען: „יחי הערצל!"...

און דער גרויסער פיהרער האָט דאָס צוגעזעהן און פון זיינע אויגען זיינען געפאלען טרעהרען און אפשר האָט דאָס מקרב געווען זיין טויט.

אין רחובות. הערצל באזוכט די קאָלאָניע. אלט און יונג געבען איהם א קעניגליכען קבלת פנים. דער זקן פון דער קאָלאָניע מאכט „שהחינו" און עס באווייזט זיך א גרופּע ספרדישע אידען, וועלכע זיינען אויך געקומען באַגריסען דעם פיהרער. צוויי פון זיי, זקנים, זיינען צוגעגאַנגען צו הערצל'ן, האָבען געקניהט פאר איהם, איהם באַגריסט און געפאלען צו דער ערד... זיי האָבען געקושט זיינע טריט און געזאגט: — אזוי דארף מען טהאָן פאר משיח בן יוסף...

דער אלטער אָרטאָדאָקסישער רב, די אידישע מאַסען אין ווילנא און די ספרדים אין ארץ ישראל, אלע האָבען אין איהם געזעהן דעם אויסלייזער, דעם גאָט געזאלבטען פיהרער...

און אויך די גייסטיגע פיהרער פון פאָלק האָבען איהם געזעהן אלס אַן אויסלייזער. דער שריפטשטעלער בן עמי שרייבט וועגען דער ערעפנונג פון ערשטען קאָנגרעס:

— רוהיג געהט ארויף אויף דער פלאטפאָרם הערצל. אָבער ווער איז דער דאָזיגער מענש? דאָס איז ניט הערצל, וועמען איך האָב געקענט ביז יעצט, וועמען איך האָב געזעהן ערשט מיט איין טאָג צוריק. א וואונדערבארע און אימפּאָזאנטע געשטאלט, א קעניגליכע געשטאלט איז ערשינען פאר אונזערע אויגען. א קוק האָט דער דאָזיגער מענש, א שטאָלצען און אן איינגעשלאָסענעם, דורכגענומען מיט רוהיגען טרויער. דאָס איז ניט דער הערצל פון וויען, נאָר איינער פון די וואָס שטאמען אָב פון דוד'ן איז אויפגעשטאנען פון זיין קבר און זיך באוויזען פאר אונז, מיט זיין גאנצער לעגענדארישער שעהנקייט.

„גאנצע פופצעהן מינוט איז די זאל געווען פול מיט אויסגעשרייען און מיט באגייסטערטע אפּלאָדיסמענטען. עס האָט אויס־

געזעהן, אז דער גרויסער חלום פון אונזער פאָלק, א חלום פון צוויי טויזענד יאָהר איז יעצט געקומען און משיח בן דוד האָט זיך אנטפלעקט...

אָט אזוי האָט הערצל אויסגעזעהן צווישען דעם „קבוץ גליות" פון אידישען פאָלק, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל אנטפלעקט זיין אידעאל פון אידישער אויסלייזונג — ווי איינער וואָס שטאַמט אָב פון דוד המלך, ווי מ ש י ח ב ן ד ו ד... אזוי האָבען איהם געזעהן די פארזאמעלטע פון דעם אידישען פאָלק...

* * * *

און אויך אין דער ווערק וואָס ער האָט געשאפען, האָט מען געזעהן א רמז פאר דעם „קץ", אין דער אָרגאניזאציע און אין דעם קאָנגרעס — פון וואַנען עס האָט זיך צום ערשטען מאָל, נאָך הונדערטער יאָהרען פון גלות, דער־הערט די שטימע פון דעם פאָלק, וואָס האָט געפאָדערט זיין נאציאָנאלע און גייסטיגע באפרייאונג.

ווען יעקב אָבינו האָט פאר זיין טויט, געוואָלט מגלה זיין דעם „קץ" צו זיינע קינדער, איז פון איהם צוגענומען געוואָרען די נבואה. פון דעם איינעם וואָרט וואָס ער האָט זיי אָבער געזאגט, האָט מען עטוואָס געלערענט. אויף דעם וואָרט „האספו", זאָגט דער מדרש: — ער האָט צו זיי געזאגט: איהר זאלט אלע זיין פאראייניגט. ווען אידען וועלען זיין איין אגודה — דאמאָלס גרייט זיך צו דער גאולה. (בראשית רבה פ' צח').

דעם דאָזיגען סוד פון „האספו" האָט הערצל פארשטאנען. ער האָט געשאפען די „אגודה" און דאָס פאָלק האָט זיך אָנגעפאנגען גרייטען צו דער גאולה.

די דאָזיגע בילד פון „קבוץ גליות" האָט געמוזט ארויסרופען אָט די דאָזיגע געפיהלען, פון א נאָהענטער באפרייאונג, ווען אלע טהיילען פון דעם פאָלק וועלען זיך צוזאמענטרעפען און וועלען ווידער האָבען איין שפראך, איין שטרע־בונג און איין האָפנונג.

די פערזענליכקייט און די באוועגונג האָבען ביידע אין זיך געטראָגען די סמנים, מיט וועלכע עס קען באצייכענט ווערען א משיחישע אויפוואכונג — אין ביידע זיינען געווען מיסטישע עלעמענטען און ביידע האָבען געוועקט די דורות אלטע בענקעניש.

* * * *

און נאָך א משיחישער מאָמענט איז פאראן אין ציוניזם. דער גלויבען

וואס ווערט געשטארקט דורך יסורים. די דערהויבונג פון דער נשמה דורך טיפע ליידען.

א פאטער, ביי ווענען א יונגער זוהן איז געפאלען אלס קרבן אין ארץ ישראל שרייבט צו די חברים א טרייסט בריוו, אין וועלכער ער דריקט אויס זיין האפנונג, אז דאס בלוט פון זיין זוהן וועט באוויליגט ווערען און ער וועט זיין דער לעצטער קרבן — און א צווייטען זוהן שיקט ער צו פארנעהמען זיין פלאץ ביי דער ארבייט.

און א אלטע באבע מאכט „שהחינו", ווען זי זעהט איהר געפאלענעם אייניקעל. זי איז גליקליך, וואס זי האט זוכה געווען צו זעהן איהר'ס א קינד פאלען פאר דער פארטיידיגונג פון לאנד. דאס איז אן אויסערגעוועהנליכע זאך אין לעבען פון אידישען פאלק.

ניט אין קיין קעלערס און אויף בוידעמס זיינען געפאלען די אידישע קינדער, נאר ביי דער אויפבוי און דער פארטיידיגונג פון לאנד און דארום די ברכה „שהחינו"...

די און ענליכע מאמענטען מיט וועלכע די ציוניסטישע געשיכטע איז רייך אין די לעצטע צעהנדליגער יאהרען, צייגען אויף דער גרויסער האפנונג וואס דער אידעאל האט ארויסגערופען ביי דעם פאלק. וואס גרעסער די יסורים, אלץ שטארקער דער גלויבען; וואס שטארקער די שוועריגקייטען, אלץ גרעסער די האפנונג...

און זעהט מען די פרוכט פון דער ארבייט, איז דאס דער בעסטער באווייז, אז עס איז נאהענט דער טאג פון דער גאולה.

ר' אבא האט געזאגט: האסט מעהר ניט קיין אנטפלעקטען „קץ" ווי דער, ווייל עס ווערט געזאגט: און איהר די בערג פון ישראל וועט געבען אייערע צווייגען און אייער פרוכט וועט איהר טראגען פאר מיין פאלק, ווייל זיי זיינען נאהענט צו קומען. (סנהדרין צח').

דער בעסטער באווייז — ווען דאס לאנד וועט ווידער בליהען, דאן דארף מען וויסען, אז עס זיינען נאהענט די טעג פון דער גאולה.

די וואס ווילען דערנעהענטערען די אויסלייזונג ווילען דארפען דורכליי־דען די אלע יסורים, וואס עס שטעהען פאר די וואס ווילען בויען אין א מדבר, פלאנצען אין א וויסטעניש, ווען אבער זיי ווילען דערזעהן די פרוכט, ווילען זיי וויסען, אז זייער ארבייט איז ניט געווען אומזיסט און אז פאר זייערע יסורים קריגען זיי דעם שכר.

דארום ווערען די יסורים אויפגענומען מיט ליבע; דארום זיינען אלע שוועריגקייטען ווי גארניט אין פארגלייך מיט דעם גרויסען וואונדער וואס

וועט זיך באווייזען אין יענעם שעהנעם טאג.

אזוי גלויבען מענשען וואס טראגען מיט זיך בענקענישען פון דורות. אזא גבורה צייגען ארויס די, וועלכע שטרעבען צו דער פרייהייט פון דעם פאלק און מענש.

* * * *

די הויפט יסודות פון דעם משיחישען אידעאל זיינען:

1) א נאציאנאל פאליטישער.

2) א אוניווערסאל סאציאלער.

דער נאציאנאל פאליטישער מאמענט פון דעם ציוניזם איז קלאהר פאר יעדען איינעם. דער ציוניזם שטרעבט צו שאפען א היים פאר דעם אידישען פאלק. דער ציוניזם האט זיך אבער קיינמאל ניט אוועקגעשטעלט אויף א שמאלען נאציאנאליסטישען וועג און געזעהן בלויז זיך און ניט די וועלט אין וועלכער ער לעבט.

דר. הערצל איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט גענומען אין אמבא־טראכט די סאציאלע פראבלעמען פון אידישען פאלק און שוין אין זיין „אידענ־שטאט” האט ער דערפון גערעדט.

איינינע ביישפילע וועלען דאס העלפען קלאר צו מאכען:

— איך שטעל מיר פאר א ווייסע פאהן, מיט זיבען גאלדענע, שיינענדע שטערן. ווייס — וועט זיין דער צייכען פון דער ריינ־קייט פון אונזער נייעם לעבען און די זיבען גאלדענע שטערן—ווע־לען זיין א צייכען פון די זיבען ארבייטס שטונדען. ווייל אין נאמען פון ארבייט וועלען רעדען די אידען וואס געהען אין זייער נייעם לאנד.

און ווייטער:

— די אידישע געזעלשאפט און די אידישע חברה וועלען לערנען אין דעם דאזיגען ענין (זיבען שטונדיגען ארבייטס טאג) עטוואס נייעס יעדען טאג — וואס וועט אויך צוניץ קומען אנדערע פעלקער. ווען זיי וועלען דאס וויסען — און ווען מיר וועלען זעהן, אז א זיבען שטונדיגער ארבייטס טאג קען עקזיסטירען, וועלען מיר דאס אין דער צוקונפט איינפיהרען פאר א געזעץ אין אונזער לאנד.

— בלויז א געזעלשאפט וועט קענען באשעפטיגען איהרע ארבייטער זיבען שעה אין טאג און זי האט די מעגליכקייט דאס

צו טהאָן.

— די ערציהונג פון קינדער וועט זיין אין אונזערע הענד פון דער פריהעסטער יוגענד.

— שוואנגערענדע פרויען זיינען פריי פון אירגענד וועלכער אַרבייט און וועלען דארפען אויסגעהאלטען ווערען פון דער געזעלשאפטליכער קאסע, כדי זיי זאָלען האָבען געזונדע און פאָלקאָמענע קינדער, אין וועלכע מיר נויטיגען זיך אין דעם צוקונפטיגען דור.

און דאָס אלעס איז געזאגט געווארען אין יאָהר 1895, ווען ראדיקאלע עודערונגען אין דער געזעלשאפט זיינען געווען א צוקונפטס חלום.

הערצל האָט געזעהן די אידישע פּראָבּלעם אלס א וועלט פראגע, אין וועמעס לעזונג עס איז אנגעווענדעט דער פארטשריט פון דער מענשליכער געזעלשאפט. עס איז ניט בלויז א נאציאָנאלע אידישע פראגע, נאָר א וועלטליך סאָציאלע:

— לויט מיין מיינונג, איז די עלעקטרישע ליכט ניט באשאפען געוואָרען בלויז פאר די געלד זעק, כדי צו באלייכטען זייערע פּאַלאצען, נאָר אויך אז מען זאָל ביי איהר ליכט געפינען לעזונגען פאר די פּראָבלעמען פון דער מענשהייט. צו די דאָזיגע פּראָבּלעמען ווערט צוגערעכענט די אידען פראגע, וועלכע איז איינע פון די וויכטיגסטע.

און געגלויבּט האָט ער, אז דאָס אידישע פאָלק קען נאָך בּריינגען דער וועלט עטוואס, וואָס זאָל צייגען א נייעם וועג:

— גאָט וואָלט ניט געווען געלאָזט לעבען אונזער פאָלק ביז היינט, ווען מיר זאָלען נאָך ניט האָבען פאר זיך די אויפגאבע צו ערפילען א מיסיע אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

— מיט אונזער פרייהייט וועט פּראָקלאמירט ווערען פרייהייט פאר דער גאַנצער וועלט און די ווערק, וואָס מיר וועלען דאָרט שאפען פאר אונזער גליק און אונזער ערפאָלג, וועט זיין א מוסטער פאר דער גאנצער וועלט.

געזעהן האָט ער אויך, אז די רייכע און צופרידענע וועלען ניט זיין די, וואָס וועלען געהן אלס די ערשטע צו זייער באפרייאונג, נאָר די ארימע וועלען דאָרט געהן, און ער איז דערמיט צופרידען:

— די דאָזיגע און בלויז די דאָזיגע זיינען אונז נויטיג אין

אַנפאנג. ווייל בלויז די וואָס זיינען אנטוישט פון האָפנונג, וועט זיך איינגעבען איינצונעהמען דאָס לאנד.

נאָך יעדער גרויסער אנטוישונג אין דעם אידישען לעבען האָט אויפגע־לויכטען די אלטע האָפנונג פון א נאָהענטער אויסלייזונג.

הערצעל האָט געזעהן, אז אונזער נאציאָנאַלע אויסלייזונג געהט האנד אין האנד מיט דער סאָציאלער באפרייאונג פון דער מענשהייט און עס איז דארום פארשטענדליך, ווארום ער האָט אזוי שטארק פארטיידיגט ביי דעם צווייטען ציוניסטישען קאָנגרעס דעם פאָרשלאג ארויסצוגעבען אן ערקלערונג וועגען דעם פאָרשלאג פון רוסישען צאר, צוזאַמענצורופען א פרידענס קאָנ־פערענץ צו באגרענעצען ענטוואפנונג און אָבשטעלען די פארברייטונגען פאר מלחמות. ער האָט דאן געזאָגט:

— ... עס איז מיר שווער צו פארשטעהן, ווי אזוי מענשען וועלכע זיינען, לויט מיין מיינונג, גענויגט צו מאָראלישע באוועגונ־גען און פראַגרעסיווע מעשים, זאָלען זיין געגען אונזער ערקלע־רונג, וואָס שטימט איין מיט איינעם פון די וואונדערבארסטע אויפטואונגען — א אמת מאָראלישער אויפטו, וואָס שאפט זיך פאר אונזערע אויגען... די בשורה וועגען אזא אויפטהו, וואָס איז נאָך ניט קלאָר אינגאנצען, וואָס שטרעבט אָבער צו מאכען א סוף צו דער שנאה צווישען פעלקער, איז גענוג שטארק אויפצוּוועקען ביי א ציוניסטישען קאָנגרעס, טיפע געפיהלען...

דער ציוניזם, האָט לויט הערצל׳ס מיינונג געמוזט באגריסען א שריט צו אן אלוועלטליכען שלום — און זיין מיינונג איז אָנגענומען געוואָרען פון דעם קאָנגרעס.

*   *   *   *

די צוויי הויפט יסודות פון משיחיזם, האָבען זיך ארויסגעוויזען אין דעם ציוניזם אין די יאָהרען פון זיין אנטוויקלונג. דאָס איז דער וועג פון די בויער פון דער אידישער צוקונפט. עס איז שוין ניט איינמאָל באוויזען גע־וואָרען אין די לעצטע יאָהרען, אז די נייע געזעלשאפט וואס בויעט זיך אין ארץ ישראל, זוכט צו לעזען די סאָציאלע פראָבלעמען פון אידישען פאָלק און ממילא ווערט דאָס אויך א ביישפיל פאר אנדערע.

עס איז שווער צו רעדען וועגען א באוועגונג אין איהר אנטוויקלונג, בא־יונדערס ווען די דאָזיגע באוועגונג דארף פארווירקליכען א חלום פון דורות.

דער ציוניזם איז דער לעצטער פּרואוו פון דעם אידישען פאָלק פאַר זיין באפרייאונג. אין דער דאָזיגער באוועגונג זעהען זיך די אַלע סמנים פון א גרויסער פאָלקס באוועגונג, אין וועלכער עס זיינען איינגעוועבט אלע מיסטישע פעדים, וואָס פאַראייניגט דעם לעצטען געפּאלענעם ביי דער פארטיידיגונג פון לאַנד, ביז די ערשטע וואָס זיינען געפאלענע ביי דער ווידער אויפבוי.

די מיסטישע אימפּאָזאנטע פערזענליכקייט, וואס האָט ארויסגערופען משיחישע שטימונגען; די געשאפענע „קבוץ גליות" באוועגונג; די האָפנונג וואָס שטראָמט ארויס פון די יסורים און ליידען און די פאַראייניגונג פון די צוויי הויפּט יסודות פון משיחישען אידעאל — דער נאַציאָנאַל פּאָליטישער און דער אוניווערסאל סאָציאַלער — דאָס אַלעס שטעלט אוועק דעם ציוניזם צווישען די אַלע גרויסע משיחישע באוועגונגען, וואס זיינען אויפגעשטאנען ביי אידען פון דעם טאג פון חורבן און וועלכע האָבען באשטעטיגט די לעגענדע, אז „אין דעם טאָג וואס דער בית המקדש איז חרב געוואָרען איז געבוירען געווארען — משיח."

און די וואָס טראָגען אין זיך טיפע משיחישע בענקענישען וועלען אַב־היטען די דאָזיגע באוועגונג פון אידישער אויסלייזונג פון פארשוועכונג און זעהן אז איהרע צוויי הויפּט יסודות זאָלען ניט פארמינערט ווערען.

אין דעם קאמף פאר נאציאָנאַל פּאָליטישער באפרייאונג און דער אוניווערסאל סאָציאלער אויסלייזונג — הערט זיך די בשורה פון גאולה און עס באווייזט זיך די טריט פון מלך המשיח.

# ביבליאָגראפיע

## פון די ספרים מיט וועלכע איך האָב זיך באנוצט ביי דער דאָזיגער ארבייט

אין דער דאָזיגער ארבייט איז מיר אויסגעקומען זיך באנוצען מיט פיעל ספרים פון דער אלטער העברעאישער ליטעראטור. איך גלויב, אז פאר די יעניגע וואָס זיינען פאראינטערעסירט אין דער ווייטערדיגער אויספאָרשונג פון ענין, וועט זיין אינטערעסאנט צו האָבען פאר זיך די דאָזיגע רשימה.

אויסער די ספרים וועלכע ווערען דאָ דערמאָנט, האָב איך זיך באנוצט מיט תנ"ך, תלמוד, מדרשים און זוהר.

י. ש.

א

רבי אברהם אבולאפיא — דר. ע. גינצינג, קראקא, תרס"ד.

אגרת תימן — רמב"ם, (געשריבען אין דעם יאָהר ד' תתקל"ב (1172) און איבערזעצט פון ר' שמואל אבן תבון), הוצאת דוד האלוב, וויען, תרל"ה.

אוצר מדרשים — יהודה דוד אייזענשטיין, (א זאמלונג פון צוויי הונדערט קליינע מדרשים אין צוויי טהיילען), ניו יאָרק, תרע"ה.

אמונות ודעות — ר' סעדיה גאון, (איבערזעצט פון ר' יהודה אבן תבון), לייפציג, תרי"ט.

ארחות עולם — ר' אברהם פריצול, פראג, תקנ"ג.

ב

בית המדרש — אהרן יעללינעק, (א זאמלונג פון מדרשים אין זעקס טהיילען), לייפציג-וויען, 1853-1877.

בן פורת יוסף — ר' יעקב יוסף מפולנאה, קאריץ, תק"ם.

ד

דברי הימים למלכי

צרפת ומלכות בית אוטומאן התוגר — הר' יוסף הכהן בר' יהושע בן מאיר הספרדי, אמסטרדאם, תצ"ג.

דגל מחנה אפרים — הר' משה חיים אפרים נכד הבעש"ט, קאריץ, תק"ע.

דוד הראובני (טאָגבוך) — סדר החכמים וקורות הימים, חלק שני, דר. א. ניובויער, אקספאָרד, תרנ"ג.

דרייסיג דורות אידען אין פוילען — גרשם באַדער, ניו יאָרק, 1927.

ז

זכרונות ר' דוב מבולחוב (תפ"ג־תקס"ה) — דר. מ. ווישניצער, הוצאת כלל, בערלין, תרפ"ב.

ח

חית קנה — ר' שלמה מולכו, אמסטרדאם, תד־תל (?).

חמר לתולדות שבתי צבי וה"דונמים" אשר בסלוניק — יצחק רפאל מולכו, רשמות כרך ז' 537-543, "דביר", תל אביב, תר"ץ.

החסידים והחסידות (ד' חלקים) — דר. ש. א. הורודצקי, "דביר", בערלין, תרפ"ג.

ט

טעם זקנים — ר' אליעזר אשכנזי, (אַ זאַמלונג פון אַלטע כתב יד'ן און שאלות ותשובות פון באַריהמטע גאונים), פראנקפורט, תרט"ו.

י

ישועות משיחו — דון יצחק אברבנאל, קעניגסבערג, תרכ"ב.

כ

הכוזרי — ר' יהודה הלוי, (איבערזעצט אין העברעאיש פון ר' יהודה אבן תבון אין דעם יאָהר תתקכ"ז), ווילנא, תרע"ד.

כנסת ישראל — אדמו"ר ישראל מרוזין ובניו, ווארשא, תרס"ו.

ל

לחקר האידיאה המשיחית של שלמה מולכו — דר. ש. בערענשטיין, "ספר השנה ליהודי אמריקה" 165־147, הסתדרות עברית באמריקה, ניו יאָרק, תרצ"א.

לקוטי אמרים (תניא) — אדמו"ר שניאור זלמן מלאדי, ווילנא, תרע"ב.

מ

מאורעות צבי (ספור חלומות קץ הפלאות) — ר' משה חאגיז (?), (די געשיכטע פון שבתי צבי לויט זיינע געגנער), לעמבערג, תקס"ד.

מגיד מישרים — ר' יוסף בר' אפרים קארו, (די סודות וואָס זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צום בית יוסף דורך זיין "מגיד"), זאלקווא, תקל"ג.

מגלת המגלה — ר' אברהם בר' חייא הנשיא, (צום ערשטען מאָל ארויסגעגעבען דורך דר. זאב פאָזנאנסקי), "חברה מקיצי נרדמים", בערלין, 1924.

מגלת עיפה — ר׳ שבתי הכהן ש״ך, (וועגען די אידישע צרות אין די גזרות ת״ח), הוצאת „נצח״, לאדזש, (?).

מוצאי גולה — שאול פנחס רבינוביץ, (היסטארישע אָבּ־האנדלונגען פון די פארטריבענע פון שפאניען און פּאָרטוגאל), „אחיאסף״, ווארשא, תרנ״ד.

מסעות — ר׳ בנימין מטולידה, ע״י הר׳ אברהם ז׳ אשר, לאנדאָן, ת״ר.

מעיני הישועה — דון יצחק אברבנאל, אמסטרדאם, תי״ב.

מקור עברי חדש לתולדות פראנק וסעיתו — דר. אברהם יעקב בראוור, השלח לג׳, לח׳, 1917, 1921.

משמיע ישועה — דון יצחק אברבנאל, אויפענבאך, תקכ״ז.

ס

ספר הגיון הנפש — אברהם בר׳ חייא הנשיא הספרדי, לייפציג, תר״ך.

ספר הדמעות (ג כרכים) — דר. ש. ברנפלד, (די געשיכטע פון גזרות, רדיפות און שמד), „אשכול״, בערלין, תרפ״ד.

ספר החסידות — אברהם כהנא, (פון ר׳ ישראל בעש״ט ביז ר׳ נחמן מבראסלב), ווארשא, תרפ״ב.

ספר המפואר — ר׳ שלמה מולכו, (דרשות וועגען די ענ־ינים פון גאולה און אנדערע), סאלא־ניק, רפ״ט.

ספרות ההיסטוריא הישראלית — אברהם כהנא, (דער ערשטער ספר: פון מגלת תענית ביז דעם רמב״ם; דער צווייטער ספר: פון ר׳ יהודה אלחריזי ביז די גזרות ת״ח), ווארשא, תרפ״ג.

ספרי הימים (ששה כרכים) — תיאודור הרצל, (איבער־זעצט אויף העברעאיש פון ר׳ בנימין און אשר ברש), „מצפה״, ירושלים, תרפ״ט.

ע

על תלי בית פרנק — זלמן רובשוב, לייפציג, תרפ״ג.

עמק הבכא — ר׳ יוסף בר׳ יהושע הכהן ספרדי, (די געשיכ־טע פון אידישע צרות פון דעם חורבן בית שני ביז דעם יאָהר ה׳ של״ה), וויען, תרי״ב.

עניני שבתי צבי — אהרן פריימאנן, (געזאמעלט פון אל־טע כתב יד׳ן און אויך פון געדרוקטע ספרים), „חברה מקיצי נרדמים״, בערלין, תרע״ג.

פ

פארוואָס שבתי צבי האט זיך געטויפט — חיים גרינבערג, „פאר׳ן פאָלק״, ניו־יאָרק, 1926.

פרנק וכתתו לאור הפסיכיאטריה — דר. ש. ביחובסקי, התקופה יד־טז 703-720, שטיבל, ווארשא, תרפ״ג.

פרנק ועדתו — אלכסנדר קרויזהאר, (איבערזעצט אויף העברע־איש פון נחום סאָקאָלאָוו), ווארשא, 1895.

צ

צמח דוד — דוד גאנז, (ערשטער טהייל — די אידישע געשיכטע ביז דעם יאָהר ה' שנ"ב: צווייטער טהייל — די געשיכטע פון די אומות העולם), לעמבערג, תר"ז.

ק

קדושת לוי — הרב לוי יצחק מבּרדיטשוב, הרובשוב, תקע"ה.

קובץ תשובות הרמב"ם ואגרותיו — ר' משה בן מימון, (דריי טהיילען — אַבּהאַנדלונגען און בריעף), לייפּציג, תרי"ט.

קיצור ציצת נובל צבי — ר' יעקב ששפּורשט, (וועגען די פאַלשקייטען פון שבתי צבי), אַדעס, תרכ"ז.

ר

הרעיון המשיחי בישראל — דר. יוסף קלוזנר. ירושלים, תרפ"ז.

ש

שאלות ותשובות הרשב"א — ר' שלמה בן אדרת, בּולניא, ר"צ, האנווא, ש"ע.

שבחי ר' חיים ויטאל — (געזאמעלט און אבגעדרוקט דורך ר' אהרן בר' יונה), אוסטרהא, תקפ"ו.

שבחי האר"י — ר' חיים ויטאל, ירושלים, תרכ"ד.

שבט יהודה — הרופא הר' שלמה ן' ווירגא, (וועגען די צרות וואס אידען האָבען געהאט אויסצושטעהן אין פארשידענע לענדער), הוצאת ווינער, האנאווער, תרט"ו.

שבתי צבי — אברהם אלמליה, ירושלים, תרפ"ז.

שלשלת הקבלה (ג' חלקים) — ר' גדליה בר' דון יוסף ן' יחייא, (וועגען דער אנטוויקלונג פון די דורות פון אדם הראשון ביז זיין צייט — ה'ש'), לעמבערג, תרכ"ב.

שמוש — ר' יעקב עמדין (יעב"ץ), (וועגען שבתי צבי, פראנק און זייערע נאָכפאָלגער), אמסטרדאם (?) (אלטונא), תקיח־כב.

שערי צדק — ר' יוסף הכהן ארדיט, (א זאמלונג פון שאלות ותשובות פון די ערשטע גאונים), סאַלאָניקי, תקנ"ב.

ת

תולדות החסידות (חלק ראשון) — שמעון דובנוב, „דביר", תל אביב, תר"ץ.

לתולדות הכת הפרנקית — דר. מאיר בּלבּן, העתיד ספר חמשי, 132-150, לייפּציג, תרפ"ג.

תולדות המקובלים השבתאים והחסידים (שני כרכים) — דוד כהנא, „דביר", תל אביב, תרפ'ו־ז.

תורת הקנאות — ר' יעקב עמדין (יעב"ץ), (פארשידענע געשיכטעם וועגען שבתי צבי'ן אלס פאלשער משיח), לעמבערג, תר"ל.

התנועות המשיחיות בימי מסעי הצלב — דר. יעקב מאנן, התקופה כג' 243-261, כד' 335-358, שטיבל, ווארשא־בערלין, תרפ'ה־ח.

## *BIBLIOGRAPHY*


ALROY—Disraeli, Benjamin, Longmans, Green & Co., London, 1919.

THE HISTORY OF THE THREE LATE FAMOUS IMPOSTORS—Evelyn, John, London, 1669.

THE JEWISH MESSIAH—Drumond, James, Longmans, Green & Co., London, 1877.

MESSIAH IDEA IN JEWISH HISTORY—Greenstone, Julius H., The Jewish Publication Society of America, Philadelphia, 1906.

MESSIANIC SPECULATIONS OF ISRAEL—Abba Hillel Silver, D. D., MacMillan Co., New York, 1927.

REUBENI, PRINCE OF THE JEWS—Brod, Max, (Translated from German), Alfred A. Knopf, New York, 1928.

STUDIEN UND QUELLEN ZUR GESHICHTE DER FRANKISTISCHEN BEWEGUNG IN POLEN—Balaban Mejer, Warsaw, 1927.